אנע סטעלמאך

# אפ דאָרעמ־אוראל

דערציילונגען

אָגיז
מעלוכע־פארלאג „דער עמעס" מאָסקווע 1947

# אינהאלט



---


Редактор *А. Фрумкин.* Техредактор *Ф. Фрумкина.*

Подписано к печати 20/X-47г. Б—03525. Об'ем $11^3/_4$ п. л, уч.-изд. л. 8,58.
Формат бумаги 82x108 $^1/_{32}$. Тир. 7000. Зак 139. Цена 5р. 50к.

Типография Госиздательства „Дер Эмес". Москва, Старопанский, 1.

# א מאָשל־קאַפּאָשל

## 1

יענע וואָכ האָט מענ באַ אונדז אַפּ דער בויונג דערהאַרגעט דריַ וועלפּ — איינעמ אַפּנ „קאָקסאָכימבוי“ אונ צוויי באַמ פערד־הויפּ: פריִער א „זי“ אונ דערנאָכ דעמ „ער“, ביים ער איז געקומענ זוכנ זיַנ פּאָר. דער אוילעמ האָט היים ארומגערעדט די געשעענישנ, נאָר געוווּנדערט האָט זיכ קיינער ניט. ערשטנס, וויַל די דאָזיקע מיַנסע באַוזערט זיכ איבער יעדנ ווינטער. צווייטנס, וויַל א וואָלפּ האָט דאָכ אויכ א מאָגנ, אונ וואָס קאָנ ער, מישטיינס־געזאָגט, קריגנ אינ די דאָזיקע פּרוכטלאָזע דאָרעמ־אוראַלער סטעפּעס, ווו איינ יִשעוו איז אָפּגערוקט פונעמ צווייטנ אַפּ 70—80 קילאָמעטער? אונ וואָס פאַר א יִשוווימ זיַנענ עס? ניט קיינ דערפער — קאָלווירטנ אָדער ראַטווירטנ, ווו מע קאָנ קריגנ א בעהיימע א לעַטישע, אָנ אויסגעהאָדעוועטנ באַוזער אָדער א שעפּעלע א נישקאָשעדיקס, — נאָר שאַכטעס, ארצגרובנס אָדער עלעקטרישע סובסטאַנציעס, ווו עס טוליענ זיכ קליינע הײַפעלעכ מענטשנ. וואָס זאָל טאָנ, נעבעכ, דער וואָלפּ? מוז ער קומענ אַפּ אונדזער בויונג, ווו ס'זיַנענ כאָטש פאַראנ פערד. אַלע האָבנ ראַכמאָנעס געהאַט אַפּנ וואָלפּ, וואָס איז אומגעקומענ מאַכמעס געטריַשאַפט צו זיַנ פּאָר.

— א וואָלפּ איז געגליכנ צו א מענטשנ, — האָט געזאָגט דעמלט דער אַלטער וואָראָבייניקאָוו, דער נאַכט־וועכטער פונעמ פערד־הויפּ, — נאָר פאַרט איז א כיַע א כיַע, אונ א מענטש איז א מענטש. א כיַע ווייסט זיכ איִרס, אונ א מענטש ווייסט זיכ זיַנס...

— א מאָשל־קאַפּאָשל! — האָט געלאַכט דערופּ דער אוילעמ. — עכ, וואָראָביי, וואָראָביי, גיי שוינ בעסער שלאָפנ — ביסט אויפ געווענ די נאַכט!

אַט די אַלע נײַסנ שיט מענ אונדז ארויס מיטאמאָל, ווי גאָר מיר טרעטנ אריבער די שוועל פונ קאָנטאָר, מיר, דרײַ אינזשעניערנ, וואָס זײַנענ אָפּגעזעסנ עטלעכע טעג אינ א קאָמאנדירונג אינ פּוס־טולאָק באַם איבערגעבנ דעם נײַעם הייצקעסל.

דער זייגער איז שוינ האַלב אכט אינדערפרי, דער פראָסט 37 גראַד. אינמיטנ קלאָרנ הימל שטייט א ליכטיקע לעוואָנע מיט צוויי פאַלשע לעוואָנעס פונ ביידע זײַטנ — צוויי צעשווומענע דיסקנ מיט שמאָלע זילבערנע שפּיזנ־עקנ, וואָס ציענ זיכ פונ זיי ארופ און אראָפּ.

דער טאָג זאָגט צו זײַנ א קלאָרער און א פּראָסטיקער. מיר ריידנ זיכ צונויפ ווידער טרעפנ זיכ אזייגער צוועלפ, קעדיי באטראכטנ נאָכאמאָל די אקטנ און אויסרעדאגירנ אייניקע טעקסטנ, און מיר צעגייענ זיכ אפ די ארבעטס־ערטער.

אזייגער צוועלפ אָבער האָבנ מיר ניט רעדאגירט די טעקסטנ — אזייגער צוועלפ זײַנענ מיר געזעסנ יעדערער בא זיכ אינ דער היים, זיכ אײַנגעהערט אינעם געהויל פונעם בוראַנ אינ דרויסנ און געפּרוווט, ווי ווײַט מעגלעכ, פאַרפעסטיקנ די שלאָבעריקע רעכער און־דזערע, דער בוראנ זאָל זיי ניט צעשעדיקנ. אינ דרויסנ האָט זיכ געטאָנ כוישעכ. פאַר די עטלעכע שאָ איז אינ דער נאַטור פאָרגעקומענ איינע פונ די איבערקערענישנ, וואָס זײַנענ אזוי כאראקטעריסטיש פארנ היגנ קלימאַט. אזייגער אכט האָט דער באראָמעטער באוויזנ 77,2; אזייגער צענ — 75,3, און עלפ אזייגער האָט די מעטעאָראָלאָגישע ביוראָ געקלונגענ אפ אלע בוי־באצירקנ, אז די ארבעט מוז מענ אָפּשטעלנ, ווײַל דער ווינט איז מער ווי 12 מעטער א סעקונדע באַם אטמאָספער־דרוק 73,4.

אינ א בוראנ איז ניט היימלעכ צו זײַנ אליינ, אפילע בא זיכ אינ שטוב. דעריבער האָבנ מיר זיכ געמאכט א געוווינשאפט פאַרברענגענ די דאָזיקע שאָענ בא די ראָזענבערגס.

ראָזענבערג, אנ אינזשעניער פונ א יאָר פערציק, האָט געהאט א געזונט קײַלעכדיק פּאָנעם, בלויע קײַלעכדיקע אויגנ און א גריבעלע אינעם קינ. גאָר ער איז געווענ א גרויסער מאָרעשכוירעניק און טאָמיד געווענ פארטראכט איבער וועלט־פּראגנ. אינ שטייגער רופט מענ אזעלכע „פילאָסאָפנ”. קיינער וואָלט עפשער ־צנ אים ניט ארײַנגעגאנגענ, ווענ ער וואָלט ניט האָבנ צוויי וויכטיקע געשאנקענ פונ

דער נאַטור — אַ פּרעכטיקן טאַלאַנט פון אַ דערציילער און אַ זעלטן ליב ווײַבל — ניט קיין שיינס און עלטער פון אים, נאָר זייער אַ קלוגס און אַ לעבעדיקס.

דאָס מאָל האָבן מיר זיך צונויפגענומען בײַ ראָזענבערגן, קעדיי זיך דורכוואַרפן אין אַ פּאַרטיע פּאָקער אָדער „נײַנטל", נאָך דער באַלעבאָס איז געווען ניט אויפגעלייגט. מיר האָבן געזען, אַז ער האָט עפּעס אויפן האַרצן, און האָבן אָנגעהויבן אים אויספרעגן. זײַן ווײַבל האָט אונדז פון הינטער זײַנע פּלייצעס געווונקען, מיר זאָלן פרעגן ענערגישער. ראָזענבערג האָט געפּרוווט אָפּקומען מיט: „גאָרניט", „עט", „ניט וויכטיק", נאָר צום סאָף האָט ער געזאָגט:

— די געשיכטע מיט די וועלף האָט מיר דערמאָנט אַ מעשׂה, און ווײַל געטראָפן האָט זי אין אַ בוראַן, וויל איך זי אײַך דערציילן, אויב איר וועט וועלן הערן.

מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אַרום אים, און דאָס ווײַבל האָט דערלאַנגט קיבעד: שיסעלעך, אָנגעפּילט מיט אויסגעקאָכטע ווילדע רויזן („שיפּאָווניק"). דאָס דאָזיקע געטראַנק פּלעגן מיר טרינקען אָנשטאָט טיי, קעדיי זיך פאַרהיטן פון אַוויטאַמינאָז.

ראָזענבערג האָט אָנגעהויבן דערציילן. די טיר האָט זיך אַלעמאָל ווידער און ווידער געעפנט, און נײַע שכיינים זײַנען אַרײַנגעקומען, טראָגנדיק מיט זיך זייערע שיסעלעך, ווײַל זיי האָבן געוווסט, אַז קיין איבעריק געפעס איז אין ערגעץ ניטאָ. מיר האָבן געוווינט פערצן פאַמיליעס אין איין באַראַק, און מיר זײַנען אַלע געווען היימיש צווישן זיך.

ראָזענבערג האָט דערציילט:

„איר ווייסט מיסתּמא, אַז איך בין אַ קיִעווער און געאַרבעט האָב איך לעצטנס אין „פּאָלקאָמבוי". אין יולי 1941 האָט מען אונדז עוואַקויִרט קיין מערעוו־סיביר. אָנהייב אויגוסט האָבן מיר, אַנדערהאַלבן טויזנט אַרבעטער, אינזשעניערן און אָנגעשטעלטע, זיך אויסגעלאָדן, מיט אַ גאַנצע נישקאָשעדיקער צאָל מיטגעבראַכטע מעכאַניזמען און מאַטעריאַלן, אויף אַ קליינינקער סטאַנציע פון דער סיבירער מאַגיסטראַל. ניט ווײַט פון אָט דער סטאַנציע האָט זיך שוין געבויט אַ וויכטיקער זאַוואָד, וואָס אין טאָג־טעגלעכן לעבן האָט מען אים גערופן „ספּעציעלער". אַ יאָר פאַר אונדזער אָנקומען האָט מען אַהער אַריבערגעפירט אַן אָמסקער בוי־קאָנטאָר.

צווישן די אָמסקער זײַנען געווען א סאך רוסן פון סיביר און ייִדן פון פּוילן, וועלכע זײַנען אַנטלאָפן פון די פאשיסטישע מערדער אין הארבסט 1939 נאָכן גרויסן כורבן פּוילן. דירעס זײַנען דאָ נאָך געווען פאַרגרייט ווייניק, און אַלע, וואָס האָבן ניט געהאַט קיין פאַ־מיליעס, האָט מען באַזעצט אין באַראַקעס.

מע האָט זיך ענערגיש גענומען לערנען די נײַ־אָנגעקומענע. צווישן זיי זײַנען געווען א סאך אָן בוי־ספּעציאַליטעטן, האָט מען באַשלאָסן זיי איבערקוואַליפיצירן. דערבײַ זײַנען, פאַרשטייט זיך, געווען מיספאַרשטייענישן: די פּעזקע ווארשעווער נייטערן ראַ־זעטשקע, וואָס איז איצט דער „שטערן״ אין אונדזער ווארשטאַט פון אינדיווידועלן געניי, האָט מען דעמלט אַוועקגעשטעלט פאַר א שלאָ־סער, און א מיטליאַריקן ייִדן א זייגערמאַכער, ווי איר וועט זען פון דער דאָזיקער מײַסע, האָט מען געמאַכט פאַר א סטאָליער.

די ערשטע צײַט איז אונדז געווען שווער זיך צוגעוווינען צו די פּוילישע. אונדז האָט אויסגעזען מאָדנע זייער רעליגיעזע אָפּגע־שלאָסנקײַט. מער פון אַלץ אָבער האָט אונדז געאַרט זייער „סים־טעמ״ פון דערציִען קינדער. זיי האָבן געהאַט א סאך קליינע קינ־דערלעך, צו פיר—פינף און מער אין א פאַמיליע, און די דאָזיקע אַלע קינדערלעך האָבן זיך דערצויגן אין גאַס. זיי האָבן מאַמעש פאַרפלייצט אַלע גאַסן פון אונדזער בויונג. שוואַרציגקע, צעפּאַטלטע, אָפּגעריסענע פלעגן זיי אַרומלויפן און הריזען ווײַסע קנײַלעכדיקע ברוקוועס. צײַטנווײַז פלעגן זיי זיך נעמען קריגן צווישן זיך אָפּ עפּעס א מין דיאַלעקט, וואָס נאָר א געניטער אויער האָט געקאָנט אין אים כאַפּן א מאָל א ייִדיש וואָרט.

צו ווינטער־צו האָט זיך אײַנגעגעבן ווי־ניט־איז אײַנאָרדענען די אַלע קינדערלעך אין קינדער־אַנשטאַלטן. די באַציִונגען צווישן אונדז מיט די „פּוילישע״ זײַנען געוואָרן בעסער. זיי האָבן אָבער צו אונדז געהאַט טײַנעס, אַלעמײַ מיר מאַכן זיי קאַליע זייער יוגנט. וויבאַלד א ייִנגל פלעגט באַקומען א קוואַליפיקאַציע, אַזוי פלעגט ער אויפ־הערן לייגן טפילן. די מיידלעך פלעגן זיך באַגעגענען מיט יונגע רוסן און טאָטערן, און אין אַלץ, פאַרשטייט זיך, זײַנען שולדיק געווען מ י ר. מיט דער צײַט איז אויך דאָס דורכגעגאַנגען. די פּוילישע ייִדענעס האָבן באַגלײַך מיט אונדזערע ווײַבער גענומען אַר־

בעטן אַף דער בוידנג, און די באַצוונגענע צווישן ביידע צדאָרים האָבן זיך אויסגעגלייכט.

אַט, אַן ערעב איין יענער צייט האָב איך אָנגעהויבן באַמערקן דעם מענטשן, וועגן וועלכן איך וויל אייך דערציילן. דאָס איז געווען אַ ייִד פון אַ יאָר פופציק, אַ קרענקלעכער, מיט אַן איינגע־שרומפּענעם, ווי שטענדיק פאַרפרוירענעם פּאָנעם, מיט אַ שישקעוואַ־טער נאָז, מיט אַ ברייט מויל און זייער דינע ליפּן. דאָס ברייטע מויל איז בא אים געווען אַזוי פעסט געשלאָסן, די אַנגלען צערוקט און דער באַוואַקסענער קין אַזוי קורץ, אַז ס'האָט זיך געדוכט, דער מענטש האָט קיין איין צאָן ניט אין מויל. געדוכט האָט זיך אויך, אַז פאַר גרויס ווייטעק האָט ער פעסט צונויפגעפּרעסט זיינע ציינלאָזע יאַס־לעס און וועט שוין קיינמאָל ניט אויסריידן קיין וואָרט. וועגן דעם דאָזיקן ווייטעק האָבן אויך גערעדט זיינע אויסגעבליאַקעוועטע אויגן, פון וועלכע ס'האָט אַרויסגעקוקט אַ סאַך ייִעש. ער איז געגאַנגענע אָנגעטאָן אין אַ צעריסענעם מאַנטל, און אויסגעזען האָט ער, ווי אַ בעטלער.

שווער איז געווען יענע טעג אין די קאָרידאָרן פון דער דירעקציע באַמערקן אַ מענטשן. די גאַנצע געביידע האָט געקאָכט מיט אַרבע־טער: איינע זיינען געגאַנגען אַפן פראָנט, די צווייטע האָבן געדראַפּט זיך שטעלן אַף דער אַרבעט, די בוי־באַטאַליאָנען האָבן זיך רעאָר־גאַניזירט. פון אַלע עקן לאַנד זיינען אָנגעקומען קאָמאַנ־דירטע. ס'האָט געקאָכט, ווי אין אַ קעסל. און דאָך האָב איך יעדן טאָג באַמערקט דעם דאָזיקן ייִדן. ער פלעגט קומען אַזייגער עלף און פאַרברענגען דאָ אַ שאָ—צוויי. אַמאָל פלעגט ער פאַרשפּע־טיקן און אַריינלויפן אַרום צוועלף—איינס מיט אַ דערשראָקענעם אויס־זען, אַ פאַרסאָפּעטער. איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז ער גייט אַהער מיט דער האָפענונג צו קריגן אַ בריוו, ווייל קיין פּאָטשט איז נאָך דעמאָלט אַף דער בוידנג ניט געווען, און אַלע בריוו פלעגן אָנקומען אַפן אַדרעס פון דער דירעקציע.

איך האָב באַמערקט, אַז דעם ייִדן גליקט ניט. ער באַקומט בריוו זייער זעלטן. דאָס מיידל, וואָס איז געזעסן בא דער פּאָטשט, פלעגט, דערזעענדיק אים, אויסשרייען: „איך האָב גאָרנישט ניטאָ!" נאָר אין די טעג, ווען ער פלעגט באַקומען אַ בריוו, פלעגט ער אויסזען נאָך מער פאַרצווייפלט, ווי שטענדיק.

איינמאָל בין איך אַרוים פון קאַבינעט פונעם הויפּט־שעף אַזייגער דריי—פיר. אין אָט דער צייט פלעגט די קאַבעניש געוויינלעך זיך איינשטילן. אין קאָרידאָר איז געשטאַנען בלויז איין פאַרשוין, עפּעס א לעקישעוואַט באָכערל אין א סוועטער מיט אַן אָפּגעריבע־נעם רענג־מאַנטל דערויף. פון דעם שניט און קאָליר פון די קליידער איז מיר קלאָר געווען, אַז דאָס באָכערל איז פון די „פּוילישע". פלור־צעם איז פאַר מיר אויסגעוואַקסן דער אָפּגעריסענער ייִד. ער האָט אויסגעזען קראַנק. אין די הענט האָט ער געהאַלטן צוויי פּאַפּירלעך. ער איז צוגעגאַנגען צו מיר און האָט געפרעגט מיט א געבראָכן קאָל אַף ייִדיש:

— איר זייט א ייִד?

איך האָב געענטפערט אויך אַף ייִדיש:

— יאָ.

— לייענט מיר איבער, וואָס שטייט דאָ אָנגעשריבן, און גיט מיר צו פאַרשטיין.

זיין מויל האָט זיך באַם ריידן ברייט געעפנט, און איך האָב באַ־מערקט, אַז ער פאַרמאָגט אַלע ציין. דערביי איז פאַר מיר קלאָר גע־וואָרן, אַז ער דאַרף זיין א סאַך יינגער, ווי איך האָב געמיינט. א יאָר פערציק, אויב ניט נאָך ווייניקער.

איך האָב אים איבערגעלייענט דאָס ערשטע פּאַפּירל. דאָס איז געווען א סטאַנדאַרטער ענטפער פון אַן אינפאָרמאַציע־ביוראָ פאַר עוואַקויִרטע. אין האַלב־געדרוקטע, האַלב־געשריבענע שורעס האָט מען אים געגעבן צו וויסן, אַז „די אויבן־דערמאָנטע פּערזאָנען (א רייַ נעמען מיט איין פאַמיליע) זיינען אין דער ביוראָ ניט פאַרע־גיסטרירט".

דער ייִד האָט זיך גענומען קרעכצן; נאָר איך האָב געזען, אַז דעם דאָזיקן ברייוו לייען איך אים ניט דער ערשטער. דאָס פּאַפּירל איז געווען היפּש צעקנייטשט. דערנאָך האָט ער מיר דערלאַנגט דאָס צווייטע פּאַפּירל, און דאָרט איז געשטאַנען: „לאַנדסבערג, איך זאָג דיר ווידער, דו זאָלסט אַרויסגיין אַף דער אַרבעט, אַניט וועסטו האָבן א מיִעסן פּסאַק. איך האָב אַף דיר ראַכמאָנעס, נאָר איך וועל דיך איבערגעבן אין געריכט". דאָס דאָזיקע פּאַפּירל האָט געמאַכט

אפֿן ייִדן א סאך א קלענערן איינדרוק, כאָטש איך האָב עס אים גע־
ליִיענט, אפֿאָנעם, דער ערשטער. איך האָב א פֿרעג געטאָן:
— ווער שרייבט עס אזוי?
— דער בריגאַדיר, — האָט געענטפֿערט דער ייִד מיט א לאַנג־
ווייליקער, קימאַט גלייכגילטיקער שטים.
— און ווו ארבעט איר?
— אפֿן „דאָז" (זעג־מיל), — האָט געענטפֿערט דער ייִד.
— פֿאַרוואָס זשע גייט איר ניט צו דער ארבעט?
— פֿאַרוואָס?! — האָט איבערגעפֿרעגט דער ייִד. און פּלוצעם
האָט ער זיך צעשריִען אף מיר: — וואָס ווילט איר פֿון מיר? וואָס
האָט איר זיך אַלע אָנגעזעצט אף מיר? — ער האָט זיך געטרייסלט
פֿאַר צאָרן און איבערגעכאַזערט איין און די זעלבע ווערטער. טרערן
האָבן זיך אים געשטעלט אין די אויגן. פּלוצעם האָט ער אויסגע־
שריִען מיט ווייטעק: — אוי, אז אָך און וויי איז מיר! — און איז
ארויס פֿון קאָנטאָר.
דער לעקישעוואַטער באָכער, דער אייִנציקער איידעס פֿון אָט
דער סצענע, האָט זיך צעלאַכט מיט א נאַריש געלעכטערל.
— ווער איז אָט דער ייִד? — האָב איך אים געפֿרעגט.
— לאַנדסבערג, א מעשוגענער, — האָט ער לאַכנדיק געענט־
פֿערט, אומטערווינקענדיק צו מיר.
מיר איז ניט געפֿעלן געוואָרן זיין פֿאַמיליאַרישקייט, און איך
האָב באַשלאָסן אים אפֿן אָרט אראָפּזעצן:
— ווער איז דער דאָזיקער מענטש? — האָב איך אים שטרענג
איבערגעפֿרעגט אין רוסיש, ווי ס'פּאַסט פֿאַר א „נאַטשאַלניק".
דער באָכער האָט זיך איבערגעשראָקן און האָט אָנגעהויבן
שטאַמלען:
— פּשעפּראַשאַם... בציאַלעם... איך האָב געוואָלט...
איך האָב דערזען, אז ער קאָן קיין וואָרט רוסיש ניט, און האָב
אים דערלויבט ריידן אף וואָס פֿאַר א שפּראַך ער וויל. ס'האָט זיך
ארויסגעוויזן, אז מיט לאַנדסבערגן האָט געטראָפֿן א גרויסער אומ־
גליק: ער האָט פֿאַרלאָרן אין וועג זיין פֿאַמיליע — א ווייב מיט פֿיר
קינדער. פֿאַרגעקומען איז עס אפֿן „פּאַס". לאַנדסבערג איז אָפּגעפֿאָרן
א פּאָר סטאַנציעס אין דער זייט, קעדיי קריגן פּראָדוקטן, און האָט
זיך א ביסל פֿאַרזאַמט. אז ער האָט זיך אומגעקערט צוריק, האָט ער

שוין זײַנ פאַמיליע ניט געטראָפנ, אונ קיינער האָט אים ניט געקאָנט זאָגנ, וווּ זי איז אַהינגעקומענ. דער באַגאַזש איז אויכ ניט געווענ, דעריבער האָבנ מענטשנ געדרונגענ, אַז זײַנ ווײַב מיט די קינדער זײַנענ אָפּגעפאָרנ. נאָר ווענ? וווּהינ? — דאָס אַלצ איז געבליבנ אַ רעטעניש. לאַנדסבערג איז געבליבנ וואַרטנ אונ איז אַוועקגעפאָרנ ערשט דאַנ, ווענ ס'איז שוינ ניט געווענ קיינ מעגלעכקײַט צו זיצנ מער. ער איז געקומענ צוזאַמענ מיט אַלעמענ קיינ אָמסק אונ האָט זיכ גענומענ ענערגיש זוכנ זײַנ פאַמיליע. פונ אומעטומ זײַנענ אָבער אָנגעקומענ איינע אונ די זעלבע ענטפערנ — קיינער האָט ניט געוווּסט, וווּהינ ס'איז אַנטרונענ געוואָרנ לאַנדסבערגס מישפּאָכע.

אינ פּוילנ איז לאַנדסבערג געווענ אַ זייגערמאַכער אונ טייל־ווײַז אַ גאָלדשמיד. אינ אָמסק האָט מענ אים פאָרגעלייגט אויסקלײַבנ זיכ עפּעס אַ בוי־ספּעציאַליטעט. ער האָט זיכ אָבער ניט געוואָלט פאַרבינדנ. ער האָט זיכ געקליבנ פאָרנ ערגעצ זוכנ זײַניקע. דערווײַל האָט מענ אַריבערגעפירט די אָמסקער אַפ אָט דער בויונג, אונ אינ עטלעכע כאַדאָשימ נאָכ דעמ האָט זיכ אָנגעהויבנ די מילכאָמע. לאַנדסבערגנ האָט מענ ווידער פאָרגעלייגט אויסקלײַבנ זיכ עפּעס אַ פאַכ, אונ ווײַל ער האָט דערצו ניט אַרויסגעוויזנ קיינ שומ אינטערעס, איז שטענדיק געווענ פאַרטראַגנ אינ זײַנע אייגענע צאָרעס, האָט מענ אים געשיקט אַפ דער זעג־מיל, וווּ ס'האָבנ אויסגעפעלט אַרבעטער.

לאַנדסבערג האָט געלעבט אינ שטענדיקער וואַרטעניש. שטענדיק געווענ ווי ניט הי, אונ אַז ער פלעגט אַפילע אַרבעטנ, האָט זײַנ אַרבעט געהאַט אַ קנאַפּנ ווערט. מע האָט אַלעמאָל געמוזט בײַטנ אים די אַרבעט: פריער איז ער געווענ בײַ די קלעצער, דערנאָכ אינ מעבל־צעכ אַ סטאָליער, אונ איצט — אַ סאָרטירער פונ ברעטער. פּיאָדראָראָוו, זײַנ בריגאַדיר, איז אויפגעבראַכט אַפ אים, נאָר אומזיסט בייזערט ער זיכ, דער בריגאַדיר, דער מענטש איז ניט באַמ זינענ, אונ מע קאָנ מיט אים גאָרנישט ניט מאַכנ.

אָט דאָס האָט מיר דערציילט דער באָכער. דאָס האַרצ האָט מיר פאַרקלעמט, אונ איכ האָב זיכ געגעבנ דאָס וואָרט נאָכאַמאָל טרעפנ זיכ מיט דעמ דאָזיקנ מענטשנ אונ זענ אים מיט עפּעס העלפנ.

מער אָבער האָב איכ ניט געהאַט קיינ געלעגנהײַט מיט אים זיכ צו באַגעגענענ. אינ דירעקציע פלעגט ער איצט אַרײַנקומענ זעלטנ,

און דערזעענדיק מיך, פלעגט ער באלד זיך אפטראָגן. נאָך זײַנע ברײו פלעגט, אפאַנעם, קומען עמעצער אַנדערש.

א צװייט מאָל האָב איך דערזען נאָענט לאַנדסבערגן ערשט אין א צײַט ארום, בא די טאַמעקס. מײַן באקאַנטשאַפט מיט די טאַמעקס און מײַן פרײַנטשאַפט מיט זיי איז אַזאַ ליב בלעטל פון מײַנע זיכ־רוינגעס, אז איך מוז עס אײַך כאָטש אינקורצן דערציילן.

איך בין אפילע דער הויפט־ענערגעטיקער פון דער בווונג, נאָר אין האַרצן בין איך אַן עלעקטריקער. איך האָב געענדיקט אַן עלעק־טרישן פאַקולטעט און דערנאָך לאַנג געאַרבעט אפ דעם דאָזיקן געביט. אין דער ענערגעטישער ווירטשאַפט שאַצ איך מער פון אַלע־מען די עלעקטרישע ארבעטן, און דעריבער האַלט איך פון גוטע עלעקטראָמאָנטיאָרן. גרינגער איז אוועקשטעלן אַן עלעקטרישע ווירט־שאַפט מיט שוואַכע אינזשעניערן און שטאַרקע מאָנטיאָרן, איידער פאַרקערט; קימאַט שטענדיק האָב איך א גוטן שטאַט מאָנטיאָרן. נאָר דאָ אפ דער בווונג האָב איך קיין האַצלאָכע ניט געהאַט: ווע־מען מע שיקט מיר צו, איז אַלץ ניט דאָס. סאָפקאָלסאָפ האָב איך געגעבן צו וויסן אפ די קורסן פון איבערקוואַליפיקאַציע, און מ׳האָט מיר צוגעשיקט א יונגל — וואָס זאָל איך אײַך זאָגן! מע זאָגט: א דיכטער, א מאָלער פון גאָטס גענאָד. דאָס דאָזיקע פוילישע יינגל — מיטן נאָמען יאַשעק טאָמעק — איז געווען א מאָנטיאָר פון גאָטס גענאָד. ער איז געווען זאָרעך טאָמעקס, דעם שמידס, זונדל, און ס׳איז געווען שוין איינמאָל א יאַשעק! א וועוריק נאָך — סאַכאַקל א יאָר זיבעצן—אַכצן. איך האָב ניט געוווּסט, וואָס אין אים איז ווערט־פולער — דער קאָפּ צי די גאָלדענע הענט זײַנע. און שטענדיק לעבע־דיק, שטענדיק מונטער, און קיינמאָל ניט מיד. פון זינט איך האָב באַ־קומען יאַשעקן, זײַנען מײַנע טעג געוואָרן טעג און מײַנע נעכט — נעכט. איך קאָן שלאָפן רויק — איך האָב ניט קיין מוירע פאַר אוואַ־ריעס, איך דאַרף ניט ציטערן, טאָמער קערט מיר דער בוראָן איבער די הויכוואָלטיקע ליניע. איך האָב יאַשעקן — דערמיט איז אַלץ גע־זאָגט. אז עס וועט זיך ענדיקן די מילכאָמע, וועל איך אים אָפּגעבן אין אַן אינסטיטוט, ווײַל עס וואַקסט פון אים א גרויסער געלערנ־טער — לאַכט ניט! זײַן נאָמען איז אַצינד בריים באַוווּסט, און ווען פאַראיאָרן האָט ער זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ גיין צוזאַמען מיט זײַנע כאַווײרים פרײַוויליק אין דער ארמיי, האָט דער מיליטער־

קאמיסאר אימ געהייסנ זיכ אומקערנ צוריק אפ דער בויונג — דא איז זײנ ארט. אפילע די באשטעלער האבנ אנגעהויבנ פויקנ, אז אויב מיר דערלאזנ יאשעקנ אוועקגיינ, וועלנ זיי אימ אויסשטאדלענ באמ קאמיסאריאט אונ אימ צונעמענ צו זיכ.

אראנק יאשעקנ האב איכ מיכ באקאנט מיט זײנ פאמיליע. א ווילע, ביז גאר ווילע פאמיליע, די טאמעקס. אלע ארבעטער: דער זיידע — א בלעכער, דער פאטער — א שמיד, די מוטער — א שטוקאטור, צוויי זינ — טאקערס, איינער א שאפער. יאשעק — א מאנטיאר, דאס מיידל — אפ דער זעג־מיל. בלויז דאס קליינוואַרג האט ניט געארבעט — געגאנגענ אינ שול. איכ פלעג ליב האבנ פארברענגענ אמאל א ווינטערדיקנ אוונט בא די טאמעקס. צווישנ די צוויי הויכ־געבעטע בעטנ מיט די בערג איבערבעטנ האט זיכ אפגעשפילט א וווּנדערלעכע אידיליע. דער פאטער מיטנ זיידנ פלעגנ שפילנ א פארטיע דאמינא. די יוגנט פלעגט שפילנ אפ א גיטארע (זיי זײנענ געווענ פונ דעמ ליבהאבערישנ ארקעסטער). דאס קליינוואַרג האט זיכ געשפילט, אונ טאמעקאווע, די באלעבאסטע, פלעגט דערלאנגענ צומ טיש שמעקנדיקע, פריש געקאכטע קארטאפל. די דאזיקע טאמעקאווע איז געווענ אנ איישעס־כאיל: זי איז מיר געווענ זייער סימפאטיש מיט איר קאפטיכל פונ א רעבעצנ אונ מיט די וואטאווע פלודערנ, וואס זי פלעגט טראגנ ניט נאר אפ דער ארבעט, נאר אויכ אינ דער היימ, ניט פילנדיק דערבײ קיינ שומ פארלעגנהײט. זי האט, ווי א סאכ אנדערע פרויענ, געמאכט אנ אנטדעקונג, אז דאס איז א געזונטער אונ באקוועמער הילעכ.

את בא די דאזיקע טאמעקס האב איכ זיכ דאס ווידער באגעגנט מיט לאנדסבערגנ. ער איז געווענ זייערער א ווײטער קארעוו אונ האט געווױנט מיט זיי צוזאמענ. ווענ איכ האב אימ דא דערזענ, איז ער געווענ נאכ טרויעריקער ווי פריער, אונ איכ האב געלייענט אינ זײנע אויגנ: „איכ וואלט אויכ געקאנט האבנ אזא שטוב מיט אזעלכע קינדער, מיט אזעלכע איבערבעטנ" — אונ נאכ קלארער איז מיר געווארנ דער דאזיקער געדאנק זײנער אפנ אוונט אינ דער זעג־מיל.

סאפ יאנוואר האט די זעג־מיל באקומענ די איבערגייענדיקע פאנ פונ דער בויונג. צוליב דעמ איז אײנגעארדנט געווארנ אנ אוונט, וואס איז פארוואנדלט געווארנ אינ אנ עמעסער סימכע פאר אלע ארבעטער. איבערהויפט האבנ זיכ געפרייט די פוילישע. זיי זײנענ גע־

קומענ מיט זייערע זקיינימ אונ זקיינעס, אָנגעטאָנ אינ וואַטאָווע ספּעצאָווקעס. מע האָט פּרעמירט א סאַכ ארבעטער, דער אָרקעסטער האָט געשפּילט א טוש, אונ דער אוילעמ האָט היימ אַפּלאָדירט, ביימ א יונגל אָדער א מיידל פּלעגט זיכ אופהייבנ אפ דער סצענע צומ פּרעזידיומ אונ פּלעגט באַקומענ אונ באַווייזנ פונדערווייטנ די פּרעמיע— א שטיקל געוואַנט, א פּאָר שיכ, א געפרוירענע גאַנדז.

נאָכנ קאָנצערט האָט אינ א דערבייִקער גאָרקיכ געדאַרפט זייִנ א פּרעכטיקע וועטשערע מיט בראָנפנ. אונ ביז דאָרט וועט אלצ זייִנ פּאַרטיק, האָט מענ דערווייל אייִנגעאָרדנט טענצ. דער אָרקעסטער האָט געשפּילט נאָכאַנאַנד טאַנגאָס, רומבעס אונ פאָקסטראָטנ, אונ דער אוילעמ האָט געטאַנצט אינ די פּעלצנ אונ וואָליקעס. איינגיכנ האָבנ די קלעזמער אופגעהערט שפּילנ די טאַנגאָס. א לאַנגזאַמע, קאָקעטישמאַטע טאַנגאָ האָט אפילע דעמ זיבעטנ כיינ, ביימ מע טאַנצט זי אינ א פּעלצ, אינ גראָבע וואָליקעס אונ מיט א פוטערנעמ מאַלאַכייַ אפנ קאָפּ — נאָר פונ דעמ דאָזיקנ לאַנגזאַמענ טאַנצ האָבנ די טאַנצנדיקע ניט געקאָנט זיכ דערוואַרעמענ, ווייל אינ קלוב איז געווענ קאַלט. דעריבער האָבנ די קלעזמער אָנגעהויבנ שפּילנ א טאַנצ, וואָס איכ האָב נאָכ קיינמאָל ביז דעמאָלט ניט געזענ, אונ וועגנ וועלכנ איכ קלער, אז אויסגעטראַכט האָט מענ אימ בא אונדז אפ דער בויונג, טאַקע אינ דעמ דאָזיקנ קלוב, ווו די יוגנט פּלעגט טאַנצנ אינ אלע פרייַע טעג. דער טאַנצ איז באַשטאַנענ פונ דרייענ זיכ ארומ זיכ אונ צופּאַטשנ מיט די הענט. די מוזיק צו דעמ טאַנצ איז געווענ דער באַרימטער מאָטיוו „זיבנ פּערציק“, וואָס קאָנ אופהייבנ א טויטנ פונעמ קייווער. ביימ די מוזיק האָט אָנגעהויבנ שפּילנ דעמ „זיבנ פּערציק“, איז אינ זאַל געוואָרנ א באַוועגונג — אָנשטאָט אייִנ קרייַז טאַנצנדיקע איז געוואָרנ דרייַ. יעדער האָט געוואָלט זיכ דערוואַרעמענ. די פּאַ זייַנענ אייִנפאַכ, די מוזיק צענעמט יעדנ אייווער. דעריבער איז די צאָל טאַנצנדיקע געוואָרנ אלצ גרעסער. איכ אליינ האָב דערפילט, אז דער פייַערדיקער ניגנ ציט מיכ ארייַנ אינ דעמ קרייַז טאַנצנדיקע, אונ וואָס פאַר א טענצער איכ בינ, ווייסט איר דאָכ. איכ האָב געגעבנ א זוכ מיט די אויגנ עפּעס א דאַמע פאַר זיכ. גלייַכ אנטקעגנ מיר איז געשטאַנענ די טאָמעקאָווע אינ א פאַרצייַטיקנ מאַנטל מיט פּליטערלעכ אונ אינ די וואַטאָווע הויזנ. זי האָט זיכ געשמאָלצנ פונ נאַכעס — צוויי אירע קינדער האָט מענ הייַנט פּרעמירט. איכ האָב

געגעבנ א שלעפּ פאר דער האנט די טאָמעקאָווע, אונ מיר זײַנענ אַרײַנ אינ קרײַז. ס'האָבנ זיכ דערהערט דונערנדיקע אַפּלאָדיסמענטנ, אונ די טאָמעקאָווע האָט זיי בארעכטיקט. איכ האָב ניט געראַפּט זיכ א סאַכ באַוועגנ — טאָמעקאָווע האָט געטאַנצט פאַר צוויי. זי איז, אַפּאַנעמ, אמאָל געווענ די עמעסע טענצערנ. זי האָט זיכ אַזוי געדרייט, געגאַנגענ „פּריסיאדקעס" אונ אויסגעקלאַפּט „טשעטשאָטקעס", אַז דער אוילעמ איז אינגאַנצנ אַרויס פונ די קיילימ. אינגיכנ האָט געטאַנצט דער גאַנצער זאַל, ווו ווער ס'איז געשטאַנענ. אַלייִנ, אינצווייענ, עטלעכע מענטשנ צוזאַמענ — אַלע האָבנ זיכ געדרייט אַרומ זיכ, פּאַטשנדיק מיט די הענט. א שיקרעס האָט אַרומגענומענ דעמ אוילעמ, אונ נאָר די קלעזמער זײַנענ געשטאַנענ מיט די קיילימ אינ די פאַרפרוירענע הענט, אונ ווער ווייסט, צי וואָלטנ זיי זיי ניט אַוועקגעוואָרפנ, ווענ מיטאַמאָל זאָל זיכ ניט געווענ באַוויזנ דער פאַרוואַלטער פונ גאַרקיכ אונ מעלדנ, אַז די וועטשערע איז פאַרטיק.

צווישנ דעמ האַמוינ האָט זיכ מיר א וואָרפּ געטאָנ אינ די אויגנ לאַנדסבערגס פּאָנעמ. א שטיקל צײַט זײַנענ מיר געגאַנגענ צוזאַמענ. מיר איז געווענ א ביסל מאָדנע צו טרעפנ לאַנדסבערגנ אינ אַזאַ פריילעכער געזעלשאַפט, נאָר איכ האָב פאַרשטאַנענ, אַז צוגעצויגנ האָט אימ די וועטשערע... ער האָט אויסגעזענ נאָכ מער פאַרשטאַרט, ווי שטענדיק, אינ די אויגנ איז בא אימ געלעגנ אַנ אומענדלעכע פּײַנ. מיר האָט זיכ געגלוסט אימ טרייסטנ, זאָגנ עפּעס אָנגענעמס. ניט ווייסנדיק וואָס צו זאָגנ, האָב איכ אַרויסגעשטאַמלט:

— א. ווײַלער אָוונט, איאָ?

ער האָט א קוק געטאָנ אַפּ מיר מיט גרויס ווייטעק אונ געזאָגט:

— שר שירימ על לב רע[1], — אונ מיינענדיק, אַז איכ בינ עפּשער ניט פעסט אינ העברעיִש, האָט ער דערקלערט:

— מע שפּילט מיר צו צו די צאָרעס, אַ?

דערנאָכ האָב איכ ווידער ניט געזענ לאַנדסבערגנ עטלעכע כאָדאָשימ. איכ האָב באַקומענ א קאָמאַנדירונג קיינ אַנזשערקע, איר ווייסט מינאַסטאַמ — אַנזשערא־סודזשענסק, אינ קוזבאַס, — אונ בינ דאָרט אָפּגעזעסנ א כאָדאָשימ דרײַ—פיר. פונ די פּריוואַטע אונ אָפּי־

1 שאָר שירימ אל לייוו רא.

צוזעלע בריוו, וואָס איך פלעג באקומען, ביז איך געוווּיר געוואָרן, אַז אונדזער בוי־אָרגאַניזאַציע ווערט אַריבערגעפירט אַפּ דאַרעמ־אָר־ראַל, אָט אַהער, ווו מיר זײַנען איצט. דאָס איבערפּאָרן דאַרף פּאָר־קומען פרילינג.

אַז איך בין געקומען צוריק אָנהייב יוני, איז שוין געגאַנגען דער פּערטער עשעלאָן, מיט וועלכן איך האָב געדאַרפט פאָרן, ווײַל מע האָט מיך דרינגענדיק אַרויסגערופן אַפּ דער נײַער בויונג.

מיטן פערטן עשעלאָן זײַנען געפאָרן די געהילפס־אונטערנעמונ־גען מיט זייערע אַרבעטער, און צווישן זיי אויך די זעג־מיל. אין וועג האָב איך דערזען לאַנדסבערגן. ס'איז געווען שוין צום סאָף פון אונדזער רײַזע, ערגעץ צווישן טשעליאַבינסק און טראָיצק. אַ גאַנצן טאָג זײַנען מיר אָפּגעשטאַנען אין אַ ראַכוועסדיקן סטעפּ, לעבן אַ קלייניניקן וואָקזאַל, אויב מע קאָן דאָס אָנרופן וואָקזאַל — אַ וואַגאָן אָן רעדער, גלײַך אַפן גראָז אַוועקגעשטעלט. מיר האָבן זיך דער־פרייט מיט דער מעגלעכקייט צו פאַרברענגען אַ שטיקל צײַט אַפּ דער פרישער לופט, און מיר זײַנען אַלע אַרויס פון די וואַגאָנעס. דער סטעפּ איז נאָך ניט געווען אויסגעברענט, און פּרעכטיק זײַנען גע־ווען זײַנע גרינע זאַפטיקע גראָזן — פוכיקער קאָוויל מיט רויטע פלעקן פון טאַטאַרניק. מע האָט אַרויסגעטראָגן די פּרימוסן און זיך גענומען גרייטן אַזוינע מײַכאָלים, וואָס אונדזער קיך, וועלכע איז מיטגעפאָרן מיט אונדז, האָט ניט געקאָכט. אַנדערע האָבן געלייענט, ליגנדיק אין גראָז, אָדער געשפּאַצירט. איך האָב דערזען לאַנדסבערגן ווײַט, אָפּגעזונדערט פון אַלעמען. ער איז אַרומגעגאַנגען פאַמעל־לעך, פאַרטאָן, ווי שטענדיק, אין זײַנע מאַכשאָוועס און האָט גע־ריסן בלומען און גראָזן. אין האַנט האָט ער שוין געהאַט אַ גאַנצן גרויסן בוקעט קאָוויל און געלע בלימעלעך. צוליב וואָס האָט ער גע־דאַרפט אָט דעם דאָזיקן בוקעט, ווייס איך ניט, ווײַל איך האָב דאָס מאָל מיט אים ניט גערעדט.

אַז מיר זײַנען געקומען אַהער, איז דאָ נאָך קיין שום עוואַקאַ־מענסק ניט געווען. איר, די נײַ־אָנגעקומענע, ווייסט ניט, ווי ס'האָט אויסגעזען אונדזער בויונג מיט אַ דרײַ יאָר צוריק. קיין שום שטאָט איז נאָך ניט געווען, און פאַר די זאַוואָדן, וואָס בויען זיך איצט און זײַנען שוין טיילווײַז אויסגעבויט, האָט מען דעמאָלט ערשט געגראָבן קאָטלאָוואַנעס. קיין דירעס פאַר אונדז זײַנען נאָך ניט געווען. און

מיר האָבן זיך באַזעצט אין סטעפּ אין בײַדלעך און אין הילצערנע באַראַקן. יעדן טאָג פֿלעגן אָנקומען עשעלאָנען פֿון פֿאַרשיידענע בוי־אָרגאַניזאַציעס, — מע האָט אהער צונויפֿגעצויגן צוועלף אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, ווי אונדזערע. גאַנצע טעג איז אויף דער טעריטאָריע פֿון דער בויונג געשטאַנען אַ טאַראַראַם פֿון אַ גרויסער צאָל מענטשן, וואָס האָבן אויסגעלאָדן די געבראַכטע מעכאַניזמען, מאַטעריאַלן, זייערע פֿאַמיליעס און שטוב־הפֿצים. אַלעמאָל זײַנען צוגעקומען צוגן מיט אויסשטאַטונג און מאַטעריאַלן פֿון אַלע עקן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. ס'האָט זיך געדרייט שטענדיק אונטער די פֿיס די גרינע יוגנט פֿון די פּאַבזאַוושולן און האַנטווערקער־שולן. די בוי־באַטאַליאָנען, וואָס האָבן איצט שוין געהייסן בוי־קאָלאָנעס, האָבן אַלץ פֿאַרהילכט מיט זייערע לידער.

מיר, עטלעכע אײַנזשעניערן, האָבן זיך אויסגעקליבן אַ באַזונדער ווינקל אין סטעפּ און אָוועקגעשטעלט דאָרט אונדזערע זיבן בײַדלעך. אונדזער געסל האָט באַקומען צוליב דעם דעם נאָמען „סעמיפּאַלאַטינסק‟. די פּוילישע האָבן זיך באַזעצט צוזאַמען מיט זייערע וווינפרײַנט, די אָמסקער — אין אַן אַנדער עק סטעפּ, און זייער וווינאָרט האָט באַקומען דעם נאָמען „אַלאַיער קוואַרטאַל‟. ניט איין מאָל טראַכט איך, אַז דער קומענדיקער פֿאָרשער וועט זיך ברעכן דעם קאָפּ איבער דער אָפּשטאַמונג פֿון די דאָזיקע נעמען. מיילע, די גרויסע סעמיפּאַלאַטינסקער גאַס אין דער קומענדיקער גרויסער שטאָט נאָוואָקאַמענסק, וועט ער מיינען, אַז זי שטאַמט אָפּ פֿון דער שטאָט סעמיפּאַלאַטינסק, נאָר דעם נאָמען „אַלאַיער‟ וועט אים געוויס זײַן שווער פֿאַנאַנדערשיפֿרירן. ער וועט זיך ניט קאָנען פֿאָרשטעלן, אַז ער קומט אַרויס פֿון אַ קלייניקער סטאַנציע אַלאַי אויף דער סיבירער מאַגיסטראַל, צוויי טויזנט קילאָמעטער פֿון דאַנען.

מיט די פּוילישע פֿלעג איך זיך איצט זעלטן וווּ טרעפֿן. מיר האָבן געוווינט ווײַט איינס פֿונעם צווייטן. נאָר יאַשעק פֿלעגט מיר איבערגעבן פֿון זיי גרוסן. לאַנדסבערג, האָט ער מיר דערציילט, אַרבעט דאָ אַלס טעסלער — קיין סטאָליער און קיין סאָרטירער איז פֿון אים ניט געוואָרן. און נאָך איין זאַך האָב איך זיך דערוווּסט: לאַנדסבערג האָט אויפֿגעהערט האָפֿן אויף אַן ענטפֿער פֿון די ביוראָען. איצט האָט ער זיך אײַנגערעדט, אַז די זײַניקע וועלן אָפּזוכן אים. מיט אָט דער האָפֿענונג האָט ער געלעבט. ער איז געווען קימאַט ווי

זיכער, אַז אַזוי וועט זײַנ. ער איז געוואָרנ זייער קאַרג. ער פּלעגט שפּאָרנ געלט אונ פּראָדוקטנ — טאָמער קומענ זיי. איכ האָב זיכ עטלעכע מאָל געקליבנ צוגיינ צו לאַנדסבערגנ, נאָר באַגעגנט האָב איכ אימ ערשט אינ א צײַט אַרומ, בײַמ דער פּאַרזיי־קאַמפּאַניע, וואָס האָט אַרײַנגעטראָגנ אַזאַ גרויסע ענדערונג אינ זײַנ לעבנ.

## 2

דער פּרילינג־פּאַרזיי אינ 1943 האָט געהאַט פאַר אונדז אַלעמענ א גרויסע באַדײַטונג. האָבנ אייגענע קאַרטאָפל, גאָרטנוואַרג איז אינ די קאַנטנ זייער א וויכטיקע זאַכ. דעריבער האָט די דירעקציע אָנגענומענ אַלע מיטלענ צו פאַרגרינגערנ אונדז דעמ פּאַרזיי. ערד האָט מענ, פאַרשטייט זיכ, געקאָנט נעמענ, וויפל מע וויל, נאָר קיינ זריִע האָט קיינער ניט געהאַט. די דירעקציע האָט אַוועקגעשיקט מאַשינעס נאָכ קאַרטאָפל אונ אַנדערע זוימענ, אונ דערווײַל האָבנ מיר זיכ גענומענ צו דער ערד. מיר האָבנ געמיינט, אַז, פּונקט ווי אַפ אוקראַינע אָדער אינ סיביר, דאַרפ מענ זי גראָבנ מיט גראָב־אײַזנס — ס'איז אָבער געווענ רויערד, אונ מיר האָבנ באַלד פאַרשטאַנענ אונדזער טאָעס. קיינ שומ גראָב־אײַזנ איז אינ איר ניט געקראָכנ. זי איז געווענ דורכגעוואַקסנ מיט א מינ געוויקס, וואָס מענטשנ פונ אוקראַינע האָבנ אימ גערופנ „דראַפּעשטאַנ". זיי האָבנ געטײַנעט, אַז אינ אוקראַינע וואַקסט אַפ די רויערדנ פּונקט אַזאַ געוויקס אונ אַז פּאָטער ווערנ פונ אימ איז קימאַט אומעגלעכ. ער דרינגט דורכ אונ פלעכט דורכ דעמ באָדנ אינ אַלע ריכטונגענ, ער איז זייער קרעפטיק אונ רײַסט די הויזנ. דעריבער רופט מענ אימ „דראַפּעשטאַנ". מיר האָבנ זיכ געפּרוווט בעריִענ א טאָג—צוויי, דערנאָכ האָבנ מיר זיכ געווענדט צו דער דירעקציע, מע זאָל אונדז געבנ פערד אונ אַקערס.

א מאָדנע בילד האָט דעמלט פאָרגעשטעלט נאָוואָקאָמענסק מיט זײַנ באַפעלקערונג. אינ דרויסנ איז געווענ א ווייכער, ליבער פרילינג, א ברייטער דורכגעוואַשענער הימל — ס'זײַנענ אַפילע דורכגעגאַנגענ צוויי רעגנס, אונ די מענטשנ זײַנענ געוואָרנ ניט די זעלבע, ווי שטענדיק... מאָדנע נײַע ווערטער האָבנ געקלונגענ אינ דער לופט: „כאָמקעס", „זריִע", „אַקערנ". אַלע האָבנ זיכ אַרומגעטראָגנ מיט בראָשורנ אונ צײַטונגענ, ווו ס'זײַנענ געווענ געדרוקט קאָנסולטאַציעס פונ אוו־

טאַריטעטע אָגראַנאָמען, יעדערער האָט זיך דערמאַנט, וואָס ער האָט אַמאָל געזען ביים פּאַרזיי בא זיינע עלטערן אין דאָרף אָדער אין שטעטל, און יעדערער האָט דערציילט וועגן זיין גאָרטן און וועגן די גערטנער פון אַלע באַקאַנטע. אָט דעמלט האָב איך פּלוצעם דערהערט אַ וווּנדערלעכן נײַעס, אַז לאַנדסבערג זייט אַ גאָרטן פון צוועלף „סאָטקעס". אָט אַ פאַמיליע פון דרײַ—פיר פּאַרשוין פלעגן מיר נע־מען זעקס—זיבן „סאָטקעס", און ער איז דאָך איינער אַליין! פאַר־שטייט זיך, אַז ניט איינעם שטעכט ערד איז געווען די מעגליע, נאָר ווי וועט ער נעמען קויעך דאָס אַלץ באַאַרבעטן! ס'איז, ווייזט אויס, איינע פון זיינע מעשוגאַסן.

דערווײַל האָט מען געבראַכט אַקערס און מ'האָט גענומען שפּאַנען פערד. אַז די פערד האָבן אַ שלעפּ געטאָן דעם אַקער איבערן „דראַ־פעשטאַן", איז דער אַקער באַלד אַרויסגעשפּרונגען פון דער ערד. מ'האָט געפּרוּווט אײַנשפּאַנען פיר פערד, איז דער רעזולטאַט געווען דער זעלבער. אַז מ'איז דערגאַנגען ביז זעקס—אַכט פערד אין אַן אַקער, האָט די דירעקציע געמאַכט אַ גוואַלד — מע נעמט צו דעם גאַנצן פערד־הויף.

יענע טעג פלעגט מיר אויסקומען אָפט זיך באַגעגענען מיט לאַנדס־בערגן. אונדזערע ערד־באַצירקן זײַנען געלעגן נאָענט, איינס לעבן צווייטן. קעדיי ניט זייען ווײַט פון שטאָט, האָבן מיר פאַרנומען די ערד, וווּ מ'האָט געהאַרפט בויען די צעכן צום שפּעטסטן. לאַנדסבערג האָט פאַרנומען אַ טייל פונעם קומענדיקן „דאָמנעבוי". און איך — פון די „בעסעמערן". לאַנדסבערג איז געוואָרן פרישער, יינגער. לע־כאַטכילע האָב איך געמיינט, אַז ס'איז פון דער גרינגער ספּעצאָווקע, וואָס ער טראָגט, אָנשטאָט די צעריסענע ווינטערדיקע קליידער, אײַנ־גיכן אָבער האָב איך באַמערקט אַן ענדערונג אין זײַן גאַנצן וועזן: איך האָב באַמערקט אין אים דאָס ערשטע מאָל אַ געפיל פון אינטע־רעס צו עפּעס, כוץ זײַן כאַרעוועער אינערלעכער וועלט.

איינמאָל האָט ער מיר געזאָגט:

— אַלע וווּנדערן זיך, צו וואָס דאַרף איך צוועלף „סאָטקעס". נאָר באַטראַכט אַליין: אַ געזינדל קיין אײַנהאָרע פון זעקס פּאַרשוין — איך מיין, אַז גאָט וועט זיי מיר צושיקן — וואָס קאָן דאָ קלעקן אָט.דאָס ביסל גאָרטנוואַרג, וואָס איך וועל צונויפזאַמלען?

ביים ס'האָט זיך אָנגעהויבן די געשיכטע מיט די פערד, איז

לאנדסבערג געווען אויסער זיך. אלס א מענטשן אָן א פאמיליע, פלעגט מען אים באדינען אין דער לעצטער ריי, און כאָטש די זעקס און אכט פערד האָבן אלציינס קיין שום עפעקט ניט געגעבן, פלעגט ער דאָך צעגאנגען ווערן פאר קינע.

ער פלעגט מיר זאָגן, גלאנצנדיק מיט די אויגן:

— בא סעמיאָנאָווג, זאָלט איר זען, איז מען היינט ארויסגעפאָרן מיט צען פערד!

אפן צווייטן טאָג:

— בא קאצן, זאָלט איר זען, האָט מען זיך געשטעלט אקערן מיט צוועלף פערד!

אומזיסט האָט ער זיך באקלאָגט. אומזיסט האָט ער מעקאנע גע־ווען: ניט אכט, און ניט צען, און ניט צוועלף פערד האָבן ניט גע־קאָנט אופהייבן דעם איינגעשפארטן באָדן.

דעמלט איז געוואָרן א גוואלד: „טראקטאָרס!" די דירעקציע האָט באשלאָסן אראָפנעמען אפ א שטיקל צייט די טראקטאָרס פון דער וועג־ארבעט און זיי אוועקשיקן אפ די גערטנער. די טראקטאָרס האָבן געגעבן א נעם די אקערס, ווי ס'געהער צו זיין, און אינגיכן זיינען אונדזערע גערטנער געלעגן „צעאקערטע", דה. זיי זיינען צוגעדעקט געוואָרן מיט גרויסע גרוי־גרינע פליאכעס צעשניטענעם באָדן. די פליאכעס זיינען געלעגן מיט דער פרישער שמעקנדיקער ערד ארופ אָדער אפ א זייט, און פון דער אנדערער זייט איז זיך אומגעשטערט געוואקסן דאָס גראָז און דער „דראפעשטאנ" — ס'האָט זיי גאָרנישט ניט געשאדט. די גערטנער האָבן נאָך אלץ ניט געטויגט צום פארזיי. דעמלט האָט מען באשלאָסן זיך נעמען צו די גראָב־אייזנס.

נאָך דער ארבעט אפ דער בויונג פלעגט זיך בא אונדז אָנהייבן ערשט די עמעסע מעלאָכע. מיר פלעגן זיך נעמען צו די גערטנער און מאמעש מיט די הענט ארויסרייסן דעם פארשאָלטענעם „דראפעשטאנ", וואָס האָט גאָר פלוצעם אָנגעהויבן בליִען. א צעשניטענער, א צע־פליקטער איז ער געלעגן אונטער אונדזערע הענט — און האָט גע־בליט. מיר זיינען געפאלן פון די פיס. לאנדסבערג פלעגט ארבעטן פאר דריי. איך פלעג מאמעש באוואונדערן זיין ארבעטספעיִקייט. ער איז געוואָרן ניט צו דערקענען, געארבעט געשיקט, באוועגט זיך עלאס־טיש. מע האָט געזען, אז ער איז פון לאנג שוין געוווינט צו ארבעט...

סאָפקאָלסאָפ האָבן מיר די גערטנער פארזייט... נאָר דאָ האָט

זיכ ארויסגעוויזנ, אז דאס איז ערשט אנ אנהייב. ס'האט זיכ באלד אנגעהויבנ א סעדרע: יעטנ, ארומהויפנ די קארטאפל, דורכרייסנ די בורעקעס — א מייסע אנ א סאפ. זאס ערגסטע איז אבער געווענ מיטנ באגיסנ. ווו נעמט מענ וואסער? די רערנ פונ דער וואסער־לייטונג האבנ נאכ אהערצו ניט דערגרייכט — האט מענ געפונענ א מיטל: פונעם טייכ, וואס פליסט גאנצ וויים פונ אונדזערע גערטנער, האבנ זיכ געצויגנ ביז אונדזער בויונג אלטע אויסגעטריקנטע „ארבל", וואס זיינענ א גאנצ יאר געווענ טרוקנ. נאר פרילינג־צייט פלעגנ זיי אנגעפילט ווערנ מיט וואסער. אצינד זיינענ זיי שוינ געווענ קימאט טרוקנ, נאר אפנ גרונט האט זיכ נאכ געהאלטנ א ביסל וואסער. דאס וואסער איז באוואקסנ געווענ מיט געדיכטע קוסטעס פונ ווילדע רויזנ. לאנדסבערג האט זיכ גלייכ מיט אלעמענ געלאזט נאכ דעם דאזיקנ וואסער. איינמאל האב איכ אימ געטראפנ, ביים ער האט, מאמעש ווי דער אורמענטש דורכגעהאקט אונ דורכגעריסנ א וועג צווישנ די דערנער. דער דאזיקער וועג איז פונ טאג צו טאג געווארנ גרעסער אונ ברייטער. ער האט אימ אויסגעטראטנ מיט זיינע באר־וועסע פיס אונ צערוקט אלע שטערונגענ מיט זיינע נאקעטע קני אינ די צעריסענע פארקאטשעטע הויזנ. אינגיכנ האט זיכ אפ דער בויונג אנגעהויבנ אנ עפידעמיע פונ פיבער, אונ געשטאמט האט עס פונ די „אזערעס", ווו מע פלעגט שעפנ דאס וואסער. די דאקטוירימ האבנ פארווערט זיכ נוצנ מיטנ וואסער, אונ דער אוילעמ איז ווידער אריינגעפאלנ אינ יִיעש. דאס גארטנווארג האט שוינ אנגעהויבנ צו גרינענ. דאס הארצ האט וויי געטאנ צו קוקנ אפ די שוואכע וועלקנ־דיקע געוויקסנ.

דעמלט האט לאנדסבערג דערפונדנ א מיטל, וואס האט אינדרז אלעמענ מיט אונדזערע גערטנער געראטעוועט. ער האט זיכ אוועק־געשטעלט בא זיכ אפנ גארטנ אונ גענומענ גראבנ א ברונעמ. אלע ארומ האבנ געלאכט פונ לאנדסבערגנ. ער איז שוינ דעמלט געווענ קראנק אפ מאליאריע, אונ דאכ האבנ די אויגנ בא אימ געגלאנצט ניט נאר פונ היצ, די באוועגונגענ זיינענ געווענ לייכטע, פרייע. מ'האט געזענ, אז דער מענטש האט האנאע פונ זיינ ארבעט. ער האט, אפאנעמ, איבערגעלייענט דעמ דאזיקנ געדאנק אינ מיינע אויגנ, ווייל ער האט געפונענ פאר נייטיק זיכ „פארענטפערנ":

— מע מוז צוהארעווענ, ווי איר זעט. א קלייניקייט א ביסל —

אזוא גערעטעניש קאָנ פארפאלנ ווערנ. פארשטייט זיכ, ווער ס'איז אליינ — איז עפּעס אנדערש, נאָר ווער ס'האָט אנ אָל, א געזינדל אפנ קאָפּ...

קיינער האָט ניט געגלייבט, אַז לאַנדסבערג זאָל געפינענ וואסער באַ זיכ אפנ גאָרטנ, אונ ער האָט טאקע אינ צוויי—דרײַ ערטער געגראָבנ אומזיסט, די אינזשעניערנ אונ טעכניקער האָבנ דערוויזנ, אַז דאָ קאָנ קיינ וואסער ניט זײַנ. נאָר לאַנדסבערג האָט געהאט זייער א ווילנ גוטנ-פרײַנט — דעמ באַרימטנ געאָלאָג בודניצקי, וועלכער האָט גראָדע געשטיצט לאַנדסבערגס האָפענונגענ. ער האָט געזאָגט, אַז דער וואסער-רעזשימ איז אינ די דאָזיקע געגנטנ נאָכ ניט אינגאנצנ דערלערנט, אונ אויב א מענטש וויל פּרווונ, דארפ מענ אימ ניט אָפּריידנ.

לאַנדסבערג איז אינ יענער צײַט געווענ ניט צו דערקענענ. ער איז געווענ געל פונ די אָנצאָליקע פּאָרציעס אקריכינ, וואָס ער האָט געשלונגענ יעדנ טאָג, קעדיי פּאָטער ווערנ פונעמ פיבער. מיר האָבנ אלע דעמלט געשלונגענ דעמ אקריכינ אזוי, אַז אינגיכנ האָט זיכ פונ אונדז אויסגעבילדעט א נײַער מינ געל-הויטיקע ראסע, וואָס איז באַשטאנענ פונ צוויי אונ צוואנציק נאציאָנאליטעטנ, פונקט אזויפיל נאציאָנאליטעטנ, וויפל ס'איז געווענ אפ אונדזער בויונג. אונ דאָכ איז די ארבעט אפ דער בויונג ניט געווענ אָפּגעשוואכט, אונ לאַנדסבערגנ האָט מענ גערעכנט אפ דער אונטערנעמונג שוינ פאַר א גוטנ ארבעטער.

איינמאָל בינ איכ צופעליק געווענ אפנ „מעכאנבוזי", ווו ס'האָט געארבעט לאַנדסבערג. בײַ איכ גינ געווענ באַם פאַרוואַלטער פונ באַצירק, איז מענ געקומענ אָנזאָגנ, אַז די „אָפּאלובקע" ווערט פאַרענדיקט. איכ האָב פארשטאנענ, אַז ס'איז עפּעס א סענסאציע, אונ בינ אהינ אוועק א קוק טאָנ. אפנ וועג האָט מיר דער פאַרוואַלטער פונעמ באַצירק דערציילט, אַז אינ גוס-צעכ מיז מענ מאכנ א בעטאָנווענטל באַ א נישע. דאָס ווענטל איז אָנגעוויזנ אינ פּראָיעקט, נאָר ס'איז שווער צו מאכנ עס פונ בעטאָנ. מע מוז האָבנ א באַזונדער סאָרט „אָפּאלובקע", אונ איינעמ אנ ארבעטער איז אײַנגעפאלנ ווי אזוי זי אויסצובויענ.

ווענ מיר זײַנענ צוגעגאנגענ נעענטער, האָבנ מיר דערזענ, אַז ארומ אונ ארומ, ווי פונ אנ אמפיטעאטער, האָבנ אראָפּגעקוקט

צושויער: רעכטס, אפנ מאָדעל־צעכ, האָט מענ געדעקט דעם דאכ, לינקס, אפנ האלב־פארטיקנ גוס־צעכ, האָט מענ געמויערט א וואנט, גלײַכ אנטקעגנ איז אפ א הויכנ פּאָסטאמענט געשטאנענ א בעטאָנ־מי־שער אונ פארפולט די לופט מיט גרילצערײַ. די ארבעטער האָבנ פונ אור־מעטום זיכ געבויגנ א קוק צו טאָנ אראָפּ צו דער מיט פונעם פּלאַצ. איכ בינ צוגעגאנגענ גאָר נאָענט אונ דערזענ — ס'איז לאנדסבערג. ער איז געווענ פארטאָנ אונ האָט מיכ ניט מיטאמאָל דערקענט. זײַנע באוועגונגענ זײַנענ געווענ פלינק אונ שפּאָרעוודיק. אינ זײַנ גאנצער פּאָזע האָט זיכ געפילט א גרויסע אָנשטרענגונג. זײַנ שטארער, ווי ניט היגער בליק, האָט זיכ באגעגנט מיט מײַנעם. ער איז געבליבנ א ווײַלע שטײנ, אונ אינ זײַנע אויגנ האָט זיכ באוויזנ אנ אויסדרוק, ווי בא א געכאלעשטנ, בײס ער קומט ביסלעכווײַז צו־זיכ. ער האָט הילפלאָז א זאָג געטאָנ קימאט מיט א קינדיש קאָל:

— צאָרעס, א?

דעם זעלבנ טאָג אינ אָוונט האָב איכ געזענ לאנדסבערגנ אפנ גאָרטנ. ער איז געשטאנענ אינ א ניט קײנ טיפער גרוב — זײַנ פערטנ ברונעם — אונ ארום אים זײַנענ ווידעראמאָל געשטאנענ צושויער. אלע האָבנ געקוקט מיט באוווּנדערונג אינ גרוב ארײַנ: אפנ גרונט איז געווענ — וואסער! דאָס וואסער האָט לאנדסבערגנ געשווענקט די קנעכל. ער איז געווענ בלײכ־בלוי, ווײַל די אָוונטנ זײַנענ בא אונדז פונקט אזוי קאלט, ווי די טעג — הײס, ער האָט געציטערט פונ קעלט אונ פונ פיבער, נאָר בערײַש אונטערגעוואָרפנ די לאָפּעטעס ערד.

יענע נאכט איז לאנדסבערג מעסוקנ קראנק געוואָרנ אונ האָט אָפּגעקרענקט קימאט דעם גאנצנ זומער. מיר זײַנענ דערגאנגענ דעם סאָד פונ זײַנ ברונעם אונ האָבנ אלע בא אונדז אפ די גערטנער דער־גראָבנ זיכ צו וואסער. לאנדסבערגס גאָרטנ פלעגנ מיר באגיסנ, וויפל מיר האָבנ נאָר געקאָנט, פיזיש אָבער איז דאָס געווענ זײער שווער, ווײַל מיר האָבנ געהאט אונדזערע אײגענע גערטנער, אונ זײַנ גאָרטנ איז געווענ זײער גרויס.

הארבסט־צײַט האָבנ מיר געהאָלפנ לאנדסבערגנ אראָפּנעמענ די גערעטעניש — א פּאָר צענדליק זעק קארטאָפל אונ אנדער גאָרטנ־וואָרג. מיר האָבנ זײ זאָרגזאם צעשטעלט אינ אונדזערע האלב לײדי־קע קעלערס, ווײַל ער האָט קײנ אײגענעם קעלער ניט געהאט.

ער איז געווענ שוינ קימאט אינגאנצנ געזונט אונ האָט זיכ גע־

נומענ צו דער ארבעט אפ דער בויונג. אז ער האָט באַקומענ די ער־שטע פרעמיע — א שיינ שטיקל געוואנט, — האָט ער עס, טראָגנ־דיק אהיימ, ניט אופגעהערט צו באטראכטנ פונ אלע זייטנ. ער האָט זיכ ניט געקאָנט אָנקוקנ אפ דעמ. אינ גערדאנק האָט ער זיכער געפוצט אינעמ שטיקל געוואנט אלע זיינע קינדער איינס נאָכנ אנדערנ. אינ־גיכנ האָט ער אָנגעהויבנ איבערשטייגנ זיינע אייגענע רעקאָרדנ. זיינ נאָמענ פלעגט אלצ אָפטער דערמאָנט ווערנ אינ אונדזער צייטונג, ווו ס׳האָט זיכ באוויזנ אפילע זיינ פאָרטרעט.

לאנדסבערג פלעגט איצט טאָמיד גיינ גלאט ראזירט, אָנגעטאָנ, ווי אלע אונדזערע בעסטע סטאכאנאָווצעס, אינ א קורצ, גרוי־געדעקט פעלצל מיט א ווייסנ פוטערנעמ קאָלנער, אינ ווילע וואטאָווע הויזנ אונ אינ גוטע פאבריטשנע וואָליקעס.

שעמעוודיק פלעגט ער דורכגיינ אינ פרעזידיומ דורכנ גרויסנ, יאָמטעוודיק געפאקטנ, אפלאָדירנדיקנ זאל. ער פלעגט גלעטנ מיט דער האנט דאָס בערשטעלע האָר אפנ שפיצ קאָפ, קעדיי צודעקנ דאָס פלאמענדיקע פאָנעמ. אפ דער סצענע פלעגט ער זיכ פארוקנ אינ די הינטערשטע רייענ. נאָר באזונדערס פלעגט ער זיכ שעמענ פאר מיר. ער פלעגט מיכ אויסמיידנ, ווי נאָר מעגלעכ, אונ דערזעענדיק מיכ פונ־דערווייטנס, פלעגט ער אראָפלאָזנ דעמ קאָפ, אונ זיינע ליפנ פלעגנ זיכ שטיל באוועגנ, גלייכ ער זאָל וועלנ עפעס זאָגנ אונ ניט קאָנענ.

## 3

א נייער גערדאנק האָט איצט פארפולט לאנדסבערגס גאנצנ וועזנ: ער האָט זיכ ארייננגענומענ אינ קאָפ, אז זיינ פאמיליע האָט זיכ אומ־געקערט צוריק קיינ פוילנ. ער איז געוועננ דעריב אזוי פארגלייבט, אז בא קיינעמ האָט ניט געקלעקט קיינ מוט צו באשטרייטנ עס. ווי־דער, פאסירנ האָב איצט אלערליי וווּנדער, אונ עפשער טאקע אינ־דערעמעסנ לעבט זיינ פאמיליע ערגעצ. מיר פלעגנ זיכ מיט אימ ניט שפארנ. אונ ער האָט זיכ אלצ מער באפעסטיקט אינ זיינ גע־דאנק.

צו דער בענקעניש נאָכ זיינע נאָענטע האָט זיכ צוגעמישט נאָכ א געפיל — א בענקעניש נאָכ זיינ שטעטל. ער פלעגט זענ קלאָר פאר זיכ דאָס קלייננע שטעטל מיט די קרומע געסלעכ, די איינציקע גלייכע

גאַס אינ דער מיט, זײַנ ווײַס אײנשטאָקיק הויז מיט א שטײנ פונ פאָרנט, ווו די טרעפלעכ דערגרייכנ ניט ביז דער ערד, מיט די קאָלירטע טאַפלעכ אינעמ פאָדערשטנ קאָרידאָר אונ מיט דעמ ברײטנ גרויסנ צימער, ווו ס'איז געשטאַנענ זײַנ זײגערמאַכער־טיש. איבערנ טיש איז אַפ דער וואַנט געהאַנגענ א שײנ בילד, אויסגענײט מיט בליטשקע אַפ א קאַרטאָנענער קאַנווע זײַנ בענקעניש פלעגט אימ מאָלנ די צווײ צוגויפגעוואַקסענע בערעזעס באַמ ברונעמ אונ ווײַטער הינטערנ שטעטל — פעלדער, לאָנקעס אונ זאַמדיקע פלעצער. זײַנ יענער ווײַטער פאַרביקער געגנט האָט געשטראָמט א זײַד־בלויער טײַכ — שוינ זשע פלעגט ער טוקנ אינ דעמ דאָזיקנ טײַכ זײַנ איצטערדיקנ קערפער? שוינ זשע האָט ער אינדערעמעסנ געלעבט אַמאָל אינ אָט דעמ קאַנט?

דאָס פלעגט ער מיר אָפט דערצײלנ באַמ ברונעמ, ווײַל ס'איז ווידער געווענ זומער, אונ מיר האָבנ ווידער באַגאָסנ אינ אָוונט אונדזערע גערטנער. אונ ניט אַזוי פלעגט ער עס מיר דערצײלנ, ווי איכ פלעג עס פונ אימ אַרויסציִענ מיט מײַנע פראַגנ. ער איז געווענ ווי שטענדיק א גרויסער שווײַגער, נאָר צו זײַנ פריִערדיקנ רויגעזדיקנ שווײַגנ פונ אַנ אומגליקלעכנ מענטשנ איז איצטער צוגעקומענ דאָס בעקאָוועדיקע שווײַגנ פונ א מענטשנ, וואָס ווייסט זײַנ ווערט אונ וואַרפט זיכ ניט מיט ווערטער. איכ האָב זיכ טיפ אונ ערנסט פאַראינטערעסירט מיט אימ, אונ מיר האָט זיכ געגלוסט, אַז ער זאָל שווײַגנ נאָכ איבער אײנ סיבע. מיר איז שווער געווענ אַרײַנקוקנ אינ זײַנ אינערלעכער וועלט, ווו ס'האָבנ צוזאַמענגעלעבט צווײ נעשאָמעס — אײנע פונ א קלײנשטעטלדיקנ פאַרצײַטיקנ פאַנטאַזיאָר, די צווײטע — פונ א טיכטיקנ, פעיִקנ סאָוועטישנ מענטשנ. מיר האָט זיכ געגלוסט, אַז די צווײטע זאָל זיגנ, אונ די ערשטע זאָל ניט ווערנ, צעגײנ, ווי א פאַרע. אָבער דאָס אַלצ האָב איכ נאָר געקאָנט וועלנ. לאַנדסבערג איז געגאַנגענ פאַרויס מיט זײַנע וועגנ, וואָס מיר זײַנענ זיי געווענ אומפאַרשטענדלעכ, אונ עס פלעגט זיכ אָפט טרעפנ, אַז ער פלעגט אופוועקנ מײַנ אינערלעכע וועלט, אונ ניט איכ — זײַנע.

אַזוי האָט ער מיר, לעמאָשל, אײנמאָל געזאָגט:

— ס'האָט זיכ מיר עפעס געכאָלעמט, אַ?

דער דאָזיקער „אַ?" איז געווענ באַ אימ א מינ ריטאָרישע פראַגע, וואָס פאָדערט ניט קײנ ענטפער. דעריבער האָב איכ געשוויגנ.

— ס'האָט זיך מיר געכאָלעמט, אז איך קריך אַפ א הויכן בוים, אַ? — האָט ער ווײַטער גערעדט און האָט מיר ביסלעכווײַז דערציילט זײַן כאָלעם.

ער איז געקראָכן אַפן בוים אַלץ העכער און העכער און האָט אַלץ ניט געקאָנט דערגרייכן צום שפּיץ, און ער האָט געוווּסט, אז אויב ער וועט צוקומען צום שפּיץ, וועט שוין זײַן „איינמאָל גוט", נאָר דער שפּיץ איז אַלץ געווען ערגעץ ווײַט פון אויבן. די קאָרע פונעם בוים האָט אים געריסן דאָס לײַב, די קויכעס האָבן זיך אים אויסגעלאָזט — אָט־אָט פאלט ער אראָפּ. נאָר ער האָט זיך גע־שטאַרקט און האָט סאַפּקאָלסאָפּ מאַקע דערגרייכט דעם שפּיץ. און וואָס האָט ער דערזען פון דאָרטן? א ברייטע שיינע וועלט מיט א סאך שטעט און פעלדער, און אין איינער א זײַט — זײַן שטעטל, א לע־בעדיקס, א פאַרביקס.

— דאָרט איז פאַראַן א הוידלקע הינטערן שטעטל — א סטויפּ, און פון אים הענגען אראָפּ שטריק מיט שלייפן אויבעלכע — אַפ זיך הוידען. גייען צו יונגלעך, שטעקן ארײַן די פּיס אין די שלייפן און הוידען זיך. דאָס האָט נאָך אמאָל דער אַלטער פּאָרעץ אויסגעבויט די הוידלקע, אַ?

איך האָב אים שוין ניט געהערט. דאָס האַרץ בא מיר האָט גע־קלאַפּט. די דאָזיקע כאַלוימעס פון הייבן זיך און ניט דערגרייכן, פון קריכן און ניט דערלאַנגען, פון שווימען און ניט דערשווימען — ווי באַקאַנט זײַנען זיי מיר געווען! טײַערע היים־שטאָט מײַנע, קיעוו! וויפל מאָל האָב איך זי געזען אין מײַנע כאַלוימעס — אין היציקן פּלאָנטער, אין צערייסענע פאַרבינדונגען, ווי שטענדיק אין א כאָ־לעם — א ווײַטע, א ווײַטע, א שטענדיק אומדערגרייכבאַרע, א גרוי־זאַם־צוצויענדיקע, א פּאָעטישטיקע באַרג־נעסט אין שפּיציקע טורעמס, אין פעלדזן, אין א גאָרטל פון אוראַלטע קופּער־געשמידטע ווענט. קריגערישע ווילד־געמאָלטע שילדן זײַנען געהאַנגען אַפ די פײַער־גלאַנציקע ווענט, און שווער איז געווען דער וועג צו זיי. גאַנצע נעכט פלעג איך קלעטערן אין כאָלעם איבער פאַרטריקנטע זומפּן, איבער פאַרגליווערטע לײַמען, איבער דערנער און שטעכלקעס — אַרופּ, אַרופּ, און פּלוצעם — אָפּגרונטן, לעכער און גריבער, באַוואַקסענע מיט שפּינוועבס און מיט שטעכיקע דראָטן... א האַלב־פאַרכאַלעשטער מיט א קלאַפּנדיק האַרץ, אײַנגעטונקען אין קאַלטן שווייס פלעג איך

זיך אופכאפן פון די דאָזיקע כאַלוימעס און ליגן דערנאָך לאַנג אין דער פינצטער, אײַנהערנדיק זיך אין מײַן אײגענעם אָפּגעריסענעם אָטעם. א רעפּוע פלעגט מיר ברענגען נאָר דער פרימאָרגן. איך פלעג ארויסגיין אפ דער קילער אָדער פראָסטיקער פרימאָרגנדיקער לופט, דערזען פאַרהאָרעוועטע מענטשן, פאַרטאָגנענע מאַשינעס און וואַקסנדיקע געבײַדעס. איך פלעג ארײַנצײַען אין זיך דעם רייעך פון אָפּגעברענטע גרעזער אָדער פון זויבער־ווײַסן שניי, פון צעמענט, קאַלך אָדער איבערגעברענטע טשאַדענדיקע קוילן. איך פלעג דערפילן פרעמדע און דאָך לײַבלעך־אייגענע הענט, וואָס האָבן געדריקט מײַנע הענט, אָדער געפּאַטשט איבער מײַנע פּלייצעס, ליפּן, וואָס זאָגן מיר עפּעס פרײַנטלעכס, אָדער לעכערלעך־פרייליכס, אָדער ווילעריש־באַרימעריש, און איך פלעג פילן, אז איך בין געטרייסט, איך האָב געפונען א טײַערע מוטער, א צווייטע היים.

א סאַך מענטשן ארום מיר האָבן געלעבט און געפילט, אזוי ווי איך. מיר זײַנען געוועזן שטאָלץ, און מיר זײַנען געווען קריגער. מיר זײַנען געוועזן באַהערשער פון דער מידבער. מיר האָבן באַפרוכפּערט די ערד מיט אונדזערע קרעפטן, און מיר האָבן געוווּסט: עס וועט קומען א טאָג און עס וועט זיך עפענען די טראַכט פון דער ערד, און די גאַנצע וועלט וועט דערזען אירע פרעכטיקע רײַכטימער, וואָס זייער צעטל האָט שוין איצט געפירט דער ערשטער אין אונדזערע רייען, דער אַלטער דאַרינקער געאָלאָג סמירנאָוו. דאָס צעטל האָט שוין פון פריער אנטהאַלטן אײַזן, קופּער, ניקל, מאַנגאַן און אַצינד — וואָלפראַם, כראָמיטן, טיטאַן און אַפילע שטיינקוילן און נאַפט.

דאָס אַלץ האָב איך געפרווט דערקלערן לאַנדסבערגן. איך האָב געוואָלט עס ארײַנגאָטעמען אים טיף אין דער נעשאָמע. ער איז מיר איצט געוועזן צום האַרצן. אינגיכן אָבער האָט זיך אָנגעהויבן א מײַסע, וואָס האָט אונדז שיר ניט צעקריגט אפ שטענדיק.

ווי נאָר ס'זײַנען באַפרײַט געוואָרן די ערשטע שטעט פון מיזרעך־פוילן, האָט לאַנדסבערג גענומען שרײַבן אהין בריוו. זײַן אייגן שטעטל איז דאָך געוועזן ווײַט אפ מײַרעוו, נאָר ער האָט אָנגעהויבן זיך דערמאָנען ווײַטע קרויווים, באַקענטע און באַקענטע פון באַקענטע, וואָס האָבן געוווינט אין די באַפרײַטע שטעט. ער פלעגט צו זיי שרײַבן לאַנגע בריוו אין אַן אַלטמאָדישן יידיש פון בריוון־שטעלערס. דעם אַדרעס שרײַבן פלעגט ער קומען צו מיר. ער האָט קיינמאָל ניט

געוווּסט, צו וואָס פאַר אַ וואָיעוואָדסטווע עס געהערט די געגעבענע שטאָט: „ליובלינער צי קאַלישער, צי נייִן, טאַקע ליובלינער". ער האָט קיינמאָל געווען ניט געוווּסט די גאַס און דעם נומער פונעם הויז, ווו עס וווינט דער אַדרעסאַט, ווייל ער איז קיינמאָל אין די דאָזיקע הייזער און אין די דאָזיקע שטעט ניט געווען און האָט קיינמאָל די אַדרעסאַטן אין די אויגן ניט געזען — ווען ניט די מילכאָמע, וואָלט ער אָפּגעלעבט אַ לעבן און וואָלט זיי ניט געשריבן. איך פלעג אָפט פאַרלירן דאָס געדולד און אויסשרייען:

— נו זאָגט, סאָפּקאָלסאָפּ, פּינקטלעך די גאַס און דאָס הויז, אַניט — וווהין וועט גיין דער בריוו?

— ווייסט איר וואָס? שרייבט אָן, און דער איספּאָלקאָם וועט שוין אַליין איבערשיקן דעם אַדרעסאַט.

איך פלעג ווערן אויסער זיך:

— וואָס רעדט איר עס, פון היץ, צי וואָס? ערשטנס, איז אין פּוילן ניטאָ קיין איספּאָלקאָמען, צווייטנס, פונוואַנען ווייסט איר, אַז דאָרט איז אַ ראַיאָן־צענטער, און, דריטנס, פאַרוואָס איז מעכוייעוו אַ שטאָט־אָרגאַניזאַציע צעשיקן בריוו פון פּריוואַטע בירגער?

דאָס מויל האָט זיך באַ מיר ניט געעפנט צו זאָגן אים, אַז ביכלאַל זיינען די דאָזיקע בריוו אַ בראָכע־לעוואַטאָלע. אין האַרצן אָבער האָב איך אים ניט געקאָנט מויכל זיין אַזאַ נאַיוויקייט.

און ווידעראַמאָל האָב איך געגרייזט...".

. . . . . . . . . . . . . . . .

ראָזענבערג האָט אָפּגעטרונקען אַ ביסל רויזן־געטראַנק און איז זיך דורכגעגאַנגען אַ פאַרקלערטער איבערן שטוב.

„פון דעמלט אָן, — האָט ראָזענבערג ווייטער דערציילט, — האָב איך זיך פאַרשוואָרן: ניט צו טראַכטן לייכט וועגן מענטשן... שוין אַליין צוליב לאַנדסבערגס אָנדענק, — האָט ער צוגעגעבן.

— וואָס הייסט צוליב זיין אָנדענק? און ווו איז ער איצט?

ראָזענבערג האָט געענטפערט:

— איך ווייס ניט, ווו ער איז איצט. פאַראַיאָרן, אין פעווראַל 1945, איז ער אַוועק אין פּוילישן מיליטער.

דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען דעם 22־טן פעווראַל. ער האָט זיך לעקאָוועד דעם טאָג פון דער רויטער אַרמיי, צום געזעגענען זיך, געשטעלט אַף אַ סטאַכאַנאָווישער וואַכטע. ער האָט שוין דעמלט

געארבעט אפנ „שאמאטבוי", ווו מע האט געגרייט ציגל אפ אויסלייגנ אונדזערע דאמנעס. מע האט געדארפט אפ א הייכ פונ פופצנ מעטער אופבויענ א הילצערנע גאלעריי, וואס זאל צודעקנ א טראנספארטיאר אפ דערלאנגענ די ציגל. די גאלעריי האט געדארפט זיי שיצנ פונ שנייענ אונ בוראנענ. דעם דאזיקנ טאג וואלט זי געווענ ווי אנגעמאסטנ: דעם גאנצנ טאג האט דער בוראנ געשמיכנ אונ איבערגעקערט אלצ אפ זיינ וועג. איכ האב זיכ ניט געקענט פארשטעלנ, אז אינ אזא טאג זאל לאנדסבערג דערלויבנ זיכ קריכנ אפ אזא הייכ. איכ בינ געווענ ניט וויט אונ בינ ספעציעל צוגעפארנ א קוק טאנ. איכ האב געטראפנ דעם אנפירנדיקנ אינזשעניער אינ גרויס פארלעגנהייט אונ אומרו. דער ווינט איז געווארנ אלצ שטארקער אונ איז געווענ שוינ נאענט צו צוועלפ מעטער א סעקונדע. ארופנעמענ אבער פונ דער ארבעט א סטאכאנאווישע וואכטע איז אויכ ניט אזוי פראסט. אונ ווער האט זיכ געקאנט ריכטנ אפ אזא צארע? אינדערפרי איז געווענ קלאר אונ פראסטיק. איכ בינ צוגעגאנגענ צום זאוואד. די ערשטע ריי האט שוינ געארבעט אונ ארויסגעלאזט ציגל. פאר זיי האט מענ עס געדארפט מאכנ די גאלעריי.

לאנדסבערג האט געארבעט מיט זיינ בריגאדע. זיי האבנ צוגעטראכט א ראציאנאליזאטארישנ פלאנ: די עטלעכע טראפעציעס, וואס האבנ געדארפט אויסבילדנ דעם סקעלעט פונ דער גאלעריי, האבנ זיי באשלאסנ צונויפקלאפנ פונ אונטנ, דערנאכ זיי ארופטראגנ אינ דער הייכ, צופעסטיקנ דארט אונ ארומקלאפנ מיט ברעטער. די לעצטע אפעראציע וואלט אויסגעקומענ מאכנ אפ רעשטאוואניעס, אפ א גרויסער הייכ, נאר דאס האט מענ שוינ אויסמיידנ ניט געקענט. דאס שווערסטע איז געווענ צוקלאפנ די ערשטע טראפעציע אפ דער הייכ פונ פופצנ מעטער, ווו ס'איז ניט געווענ קיינ שום שוצ פונעם בוראנ, אונ געווויענ האט זיכ עס טאנ לאנדסבערג. ער איז געשטאנענ מיט די ארבעטער בא די רעשטאוואניעס אונ האט געגרייט דעם ארופגאנג. איכ האב געוואלט צוגיינ צו אים אונ זאגנ אים די עטלעכע ווערטער, אפ וועלכע קליינמוטיקע קוקנ ארויס: „צו וואס דארפט איר עס? מיר וועלנ אייכ ניט לאזנ"... נאר איכ האב עס ניט געטאנ — לאנדסבערג איז געווענ ניט פונ די שלאבעריקע, ער וואלט אלציינס געטאנ זיינס, אונ מיכ וואלט ער אפגעפאטשעט מיט עפעס א ווערטל, ווי זיינ שטייגער איז. דעריבער בינ איכ אפגעשטאנענ

אַ ביסל אונ בינ אוועקגעגאַנגענ אינ קאָנטאָר וואַרעמענ זיכ. אינ אַ מינוט צוואַנציק אַרומ איז געקומענ צו לויפנ אַ יינגל אונ האָט מיר געמאָלדנ:

— דער אינזשעניער בעט אײַכ צוגײנ. לאַנדסבערג שטעלט אַ רעקאָרד.

דעמ יינגלס געזיכט האָט געפלאַמט, פונ זײַנ רוסיש האָט מענ געזענ, אַז ער איז אויכ אַ פּוילישער אונ אַ צווייענדיקער באַל־סימכע. ער האָט זיכ ווילעריש געגעבנ אַ פּאַטש איבערנ גאַרטל אונ איז אַוועקגעלאָפנ קוקנ אויפנ „רעקאָרד".

ביימ איכ בינ צוגעגאַנגענ, איז לאַנדסבערג שוינ געווענ אינ דער הייכ. די מענטשנ פונ דער בריגאַדע האָבנ זיכ געהויבנ, נאָכ־טראַגנדיק די טראַפּעציעס. די עלטסטע איז שוינ געשטאַנענ לעבנ אימ. ער האָט אָנגעהויבנ זי צוקלאַפּנ. אַ ביסל נידעריקער פונ אימ האָט די צווייטע טראַפּעציע צוגעקלאַפּט אַ יונגער אַרבעטער. ער איז געשטאַנענ טיילוויז אונטער דער שוץ פונ דער וואַנט, לאַנדסבערג אָבער איז געשטאַנענ מיט זײַנ גאַנצנ קערפּער אנטקעגנ דעמ בוראַנ. וויאַזוי האָט ער זיכ דאָרט געהאַלטנ! דער בוראַנ האָט געריסנ אינ אַלע זײַטנ די ברעטער פונ די רעשטאָוואַניעס אונ דאָס שמאָלע בריקל, וואָס די טעסלער האָבנ געמאַכט, קעדיי זיכ אויפהייבנ. דער ווינט האָט אונדז געשמיסנ אינ די פּנעמער. מיר האָבנ זיכ אויסגעקערעוועט מיטנ רוקנ צומ ווינט, אַרומגעטוליעט די קעפּ פונ אַלע זײַטנ אונ אַזוי, דרייענדיק זיכ, האָבנ מיר אַרויפגעקוקט אינ דער הייכ דורכ די שמאָלע שפּעלטעלעכ, וואָס מיר האָבנ זיכ דורכגעמאַכט אינ די קעלנער. די טעסלער זײַנענ געווענ אונטער דער שוץ פונ אַ הויכער וואַנט: זיי האָבנ שוינ צוגעקלאַפּט אַלע טראַפּעציעס. אַצינד האָבנ זיי זיי אַרומגעקלאַפּט מיט ברעטער. לאַנדסבערג האָט פונ אויבנ גע־טאָנ דאָס זעלבע. ער האָט אַרײַנגערוקט זײַנע בײדע הענטשקעס אונ־טערנ היטל אונ געמאַכט אַ מינ פאַרהאַנג איבערנ פּאָנעמ. פּלוצעמ האָט אַ מעסוקענער שקוואַל אַ פּאַטש געטאָנ אונדז אַלעמענ איבער די פּנעמער. מיר זײַנענ געוואָרנ מיטאַמאָל בלינד פונעמ נאַסנ שניי, וואָס איז דורכגעדרונגענ דורכ אַלע שפּאַלטנ פונ אונדזערע קליידער.

אַז מיר זײַנענ געקומענ צו זיכ, האָבנ מיר דערזענ, אַז די עלטלעכע אַרבעטער, וואָס זײַנענ געשטאַנענ גאָר הויכ, האָבנ זיכ אַראָפּגעלאָזט נידעריקער. זיי האָבנ שוינ זייער טייל אַרבעט אָפּגעטאָנ: אַרומגע־

קלאפט דעמ שעטעכ צווישנ דער ערשטער אונ צווייטער טראפעציע מיט ברעטער. זיי האבנ זיכ געשטעלט העלפנ די כאווײרימ, וואס האבנ זיכ געפונענ נידעריקער.

אונ ווו איז לאנדסבערג? איכ האב אנגעהויבנ זוכנ אימ מיט די אויגנ אונ האב דערזענ: לאנדסבערג איז געשטאנענ אינ דער הייכ, אויסגעצויגנ אינ זײַנ גאנצנ וווקס אנטקעגנ דעמ שמײַסנדיקנ בוראנ, אונ האט געקוקט ווײַט פאר זיכ. וואס האט ער דארט דערזענ? אלע האבנ זיכ אנגעהויבנ אײַנקוקנ אויכ אהינ, ביז א צווייטער שקוואל האט אונדז ווידער פארשאטנ די פענעמער. נאר דאכ האבנ מיר באַוויזנ צו דערזענ, ווי לאנדסבערג לאזט זיכ אראפ צו זײַנע כאווײרימ. אינ צוואנציק מינוט ארומ האבנ מיר פריילעכ באגריסט די בריגאדע, וואס האט אויסגעפילט איר פארגעבונג. דער אינזשעניער האט זיי אלעמענ דערלאנגט בראנפנ, דריקנדיק זיי הארציק די הענט, אונ דאס פוילישע באכערל האט אנגעקוועלט. ער האט אליינ געזענ דעמ „רעקארד”. אלע האבנ געהאט בלויז איינ פראגע, וווהינ האט געקוקט דורכנ בוראנ לאנדסבערג, אונ וואס האט ער דארט געזענ? לאנדסבערג האט געלאכט גוטמוטיק אונ האט ניט געוואלט דערציילנ, נאר איכ האב געוווסט: ער איז געשטאנענ מיטנ פאנעמ צו מײַרעוו, אונ אזוי איז ער געבליבנ אינ מײַנ אנדענק: אינ דער הייכ, אפנ פארניכטנדיקנ ווינט, מיטנ פאנעמ געווענדט צו זײַנ היימ”.

— אונ וואס האט דא צו טאנ די מײַסע מיט די וועלפ? — האט געפרעגט איינער פונ אונדז.

— די וועלפ? — האט איבערגעפרעגט ראזענבערג, — וואראבייניקאוו האט דאכ געזאגט: א מענטש איז ניט קיינ כײַע... א מענטש איז א מענטש...

— א מאשל־קאפאשל, — האט געזאגט פרוי ראזענבערג, אונ מיר האבנ זיכ אלע צעלאכט.

# איך און בארעלע

## 1

נאָך וואָס בינ איך דעמאלט דורכגעגאנגענ פארביי דער דירעקציע? איך וואָלט געקאָנט געווענ גיינ דורכ אנ אנדער וועג און אלצ וואָלט געווענ אנדערש. איך וואָלט פארשפּאָרט איבערטראָגנ די ליידנ פונ דעמ דאָזיקנ אָוונט. און די פריידנ וואָלטנ געקומענ פונ זיכ אליינ.

נאָר איך בינ געגאנגענ פארביי דער געביידע פונ דער דירעקציע. ווער עס וווינט בא אונדז אינ נאָוואָקאמענסק, דער וואָלט מיכ פארשטאנענ: אונדזער שטאָט איז נאָכ יונג, זי האָט זיכ ערשט מיט א פּאָר יאָר צוריק געגרינדעט אָט דאָ, אפ דאָרעמ אוראל, ארומ דער בויונג פונ אזא גרויסנ מעטאלורגישנ קאָמבינאט. מיר וווינענ נאָכ אלצ אינ באראקעס, ערד־שטיבלעכ און קוילעכדיקע ביידלעכ מיט מיליטערישע אופשריפטנ — אונדזערע וווינ־הייזער זיינענ נאָכ ניט פארטיק. נאָר די געביידע פונ דער דירעקציע איז שוינ פארענדיקט. מיר האָבנ זיכ ניט וויניק באמיט צוליב דעמ — ניט איינ „שאבעסניק" אָפּגעארבעט דאָ, און איצט שטייט זי אפ דער ניי־דורכגעהאקטער גאס, ווי אנ עמעסער בריליאנט צווישנ פּאָשעטע, גרויע שטיינער. זי איז פּרעכטיק שיינ! מיט איר ווייסער קאָלאָנאדע מיט די דרייעקיקע פראָנטאָנענ און מיט די בארעליעפנ איבער די ארייננגאנג־טירנ איז זי ענלעכ אפ א גריכישנ טעמפּל. נאָר דאָס שענסטע אינ איר זיינענ די צוויי סעדלעכ אינ דער גאנצער לענג פונ אירע צוויי וויינט אויסגעצויגענע, לופטיק־ווייסע פליגלענ. סעדלעכ בא אונדז אינ דער מידבער, ביימלעכ אפ אונדזערע ליימ־ און זאלצ־באָדנס! וווּנדער איבער וווּנדער! אונדז אלעמענ ציט ווי א מאגניט נאָכאמאָל און נאָכאמאָל א קוק טאָנ אפ די ביימלעכ. זיי שטייענ ווי די סטאטועקעס. דינינקע, געשוירענע אקאציעס, ווי ציכ־

טיקע, גוט דערצויגענע און דאָך ניט זייער קרעפּטיקע קינדער. דיקע וואַסערלייטונג־רערן, א סאך דיקערע, ווי די שטאַמען פון די ביימער, ליגן בא זייערע וואָרצלען און האַלטן שטענדיק אין איין שטראָמען וואַסער. פריש־זאַפּטיקע גרינע גרעזער וואַקסן ארום די רערן, און ווער עס זאָל ניט גיין איבערן וועג, מוז צוגיין, אריינרוקן דעם קאָפּ צווישן די שטאַכעטן און פאַרמאַכן די אויגן. דער מידער קאָפּ רוט אָפּ, די אָפּגעברענטע הויט דערפרישט זיך, און דעם מענטשן הייבן זיך אָן פאָרשטעלן: א קילע וואַלד־געדיכטעניש מיט גרין־דורכלויכטנדיקער קראָפּעווע און בע־עסקלעט, מיט שטראַליקן שפּינוועבס און מיט א זשוקל, וואָס קריכט ארײַן און ארויס דורך די לעכעלעך פון א בלעטל. שווער אויסצוקלײַבן אַן אַנדער וועג! אין אָוונט צעעפּענען זייערע ווײַסע שטערנס די טאַבעק־בלומען, א גאַנצן טאָג פריטשמעליעטע פון דער זון, און א שטאַרקער אומבאַקאַנטער דופט צעגיסט זיך אין ארום. צוערשט דאַכט זיך, אז דאָס שמעקט טערפּענטין אָדער באַקעליט פון די לאַבאָראַטאָריעס; דערנאָך — אז דאָס טשאַדעט דער איבערגעברענטער בענזין פון די גאַראַזשן, און ערשט שפּעטער געוווינט מען זיך צו צום לאַנג פאַרגעסענעם גערוך פון בלומען. אָט פאַרוואָס איך האָב יענעם אָוונט אויסגעקליבן דעם האָזיקן מאַרשרוט.

ס'איז אָבער מיטאַמאָל אַלץ אוועק ניט ווי געוויינלעך. איך געדענק נאָך ווי איצט די געשעענישן פון יענעם אָוונט, און פרעגט מיך, ווען און וויאַזוי ס'האָט זיך אָנגעהויבן דאָס ראָזיקע אויסערגעוויינלעכע, וואָס איז אזוי געוויינלעך פאַר אונדז אין אונדזער טאָגטעגלעכן לעבן. מיר דוכט זיך, אז אָנגעהויבן האָט זיך עס פון דער ערשטער מינוט.

איך שטיי בא זיך אָפּ דער אַרבעט אין באַרג־פאַרוואַלטונג. אַלע זײַנען שוין אוועקגעגאַנגען, און איך ענדיק מײַן רעזשורסטווע. אין דרויסן זעצט זיך די זון, א קײַלעכדיקע, אָן שטראַלן, און די גאַנצע לופט זעט אויס ווי גרינבלעך. איך נעם ארויס א גראָבן רויטלעכן בוך, פאַרשרײַב די געשעענישן פונעם טאָג און שרײַב זיך אונטער: „רעזשורנער געלאָזן אָנע גאָלדענטראַכט“. איך פאַרשליס די קאַבינעטן און גיב איבער די שליסל דעם וועכטער. דערנאָך לאָז איך זיך גיין אהיים.

איך פּלאָנטער לאַנג ארום פאַרשיידענע ריוון, קאַנאַוועס, טראַנ־

שייעג, וואָס זײַנענ אומפּאַרמײַדלעכ אפ יעדער בויונג: דאָ לייגט מענ די וואסערלייטונג־טרויבנ, דאָרט — די קאנאליזאציע, ווײַטער — די טעלעפאָנ־קאבעלנ. צומ סאָפ, קרײַז איכ ארומ א גרויסנ קאָטלאָוואנ אונ גיי ארויס אפ דער נײַ־דורכגעהאקטער גאס.

א שפּאנ הונדערט נאָכ פאר דער דירעקציע דערזע איכ, אז איכ וועל דאָ גרינג ניט דורכגיינ: דער גאנצער פּלאצ פונ דער געבײַדע אונ די גאס, וואָס ציט זיכ דורכ דעמ דאָזיקנ פּלאצ, זײַנענ פארשטעלט מיט אלערליי מינימ טראנספּאָרט: מאשינעס, פערד־אונ־וועגעלעכ, וועלאָסיפּעדנ, אונ אפילע עפּעס א מאָטאָציקלעט שטייט בא דער זײַט. אינגיכנ קאָנ איכ שוינ זאָגנ, ווער עס געפינט זיכ אינ דער דירעקציע: איכ דערקענ דעמ גרינעמ „וויליס“ פונעמ דאָמנע־בוי, די צוויי „עמאָטשקעס“ פונעמ „קאָקסאָכימבוי“, דעמ געלאטעטנ „לינקאָלנ“ פונעמ „מעכאנאָסטרוי“, די געפּלאָכטענע בריטשקעס פונ די פּראָראבנ אונ די וועלאָסיפּעדנ פונ די יונגטלעכע בריגאדעס. בא א זײַט שטייענ צוויי פּרעכטיקע לימוזינענ. דאָס איז פונעמ געגנט־קאָמיטעט. אהאָ! בא די בויער איז הײַנט „א גרויסער טאָג“.

מיטנ וועג וועל איכ שוינ ניט דורכגיינ — דאָס איז קלאָר. אומקערנ זיכ צוריק גלוסט זיכ ניט. באשליס איכ דורכגיינ דורכ איינ גערטנדל ביז די ברייטע גריכישע טרעפּ פונ דער דירעקציע, דערנאָכ ארומקרײַזנ זיי אונ ארויסגיינ דורכנ צווייטנ גערטנדל. דאָס איז ניט דערלויבט, נאָר מילע — איצט, פארנאכטלעכ אונ אינ טארעראמ, וועט מענ עפּשער ניט באמערקנ.

איכ גיי דורכ דאָס ערשטע גערטנדל פארבײַ די ריזלענדיקע רערנ אונ די שטערנס פונעמ ווײַסנ, דופטנדיקנ טאבעק אונ דערנעענטער זיכ צומ שוינ געבויטנ גאנעק מיט דער ווײַסער קאָלאָנאדע. פּלוצעמ דערהער איכ מײַנ נאָמענ:

— אניוטע!

איכ קוק זיכ אומ. אונטער דער קאָלאָנאדע שטייט ארעלע־בארעלע, אראָנטשיק־באראָנטשיק, „דער בריליאנט פונ דער גאנצער וועלט“, אָדער, אנדערש גערעדט, דער פארטרעטער פונעמ הויפּט־אינזשעניער, מײַנ יינגערער ברודער אראָנ באָריסאָוויטש גאָלדענטראכט.

— בארעלע! — שרײַ איכ אויס, פול מיט פרייד, — זדראָוו, זדראָוו! וואָס מאכט מענ עפּעס, ברודערקע?

— זדראַוועגקי בולי, — ענטפערט מיר בארעלע און לאָזט זיך אראָפּ פון די טרעפּ, — לאַפּקו!

איך צי אים אויס די האנט, און ער שלעפּט מיך אראָפּ פון דער זייט גלייך אפן דריטן טרעפּל.

מיר גייען אראָפּ אפּ די טרעפּ און שטעלן זיך אנידער אונטער דער קאַלאַנאַדע.

כאווײרים טײַערע! ווער פון אײַך עס פארמאָגט א טײַער ברודערל, א מיזינעק אין דער מישפּאָכע, וועד עס באגעגנט זיך מיט דעם דאָזיקן ברודערל איין מאָל אין דרײַ טעג, אין ראַש, אין טאַרעראַם און שטעקט אים אַרײַן פארבײַלויפנדיק די האנט: „זדראַוו, זדראַוו, קאק זשיזן?“ — ווער עס קריגט זיך מיט דעם דאָזיקן ברודערל אפּ פארשיידענע באַראַטונגען, — די קאָנען פארשטיין, וואָס פאר א פארגעניגן עס איז באגעגענען זיך מיט דעם דאָזיקן ברודערל אין א קילן זומערדיקן אָוונט אונטער א ווײַסער קאָלאָנאַדע, יוען די פאַר־גייענדיקע זון איז ענלעך אפּ אן אויף יאנדיקער לצוואָנע.

— אָ, בארעלע, — זאָג איך, קוקנדיק אפּ מײַן ברודערל, — וואָס ביסטו עפּעס אזוי אויסגעפּוצט?

אפּ בארעלעס דאַרע אקסלען הענגט א פּרעכטיקער לעדערנער מאַנטל — די לעצטע פּרעמיע פון „נאַרקאָמסטרוי“, די געלע שטיב־לעטן זײַנען שיין אויסגעפּוצט. דער שניי־ווײַסער קאָלנער איז גוט געפּרעסט (דער מאַמעס הענט, געזונט זאָלן זיי זײַן!), איבערן קאָל־נער ליגט א זײַדענע קאַשנע.

— וואָס בין איך אויסגעפּוצט? — פרעגט איבער בארעלע. — ווײַל בא אונדז איז הײַנט צוגאַסט דער נאַרקאָם.

— אזוי? — וווּנדער איך זיך. — איך האָב גאָר ניט געוווּסט.

— אוואדע, — זאָגט בארעלע, — ער איז געקומען אינדערפרי, ארומגעקוקט די „אויטשאַסטקעס“, און איצט וועט זײַן א באַראַטונג פונעם אקטיוו. אט דאָס שטיי איך טאקע, קעדיי באגעגענען אים, און דער אקטיוו קלײַבט זיך ביסלעכווײַז.

— פארוואָס עפּעס דו? ס'איז דען ניטאָ קיין עלטערע פון דיר?

— ס'איז ניטאָ, שטעל זיך פאָר, — ענטפערט בארעלע, — דער דירעקטאָר איז אין מאָסקווע

— און דער אַלטער?

— אונ דער אלטער איז קראנק. אנ אטאקע פונ רעוומאטיזמ, אפ מײַנ מאזל.

„דער אלטער“ — דאָס איז דער הויפּט־אינזשעניער פונ דער בויונג, דער בארימטער יאָזעפּאָוויטש, דער אָנפירער פונ א סאכ באַוווּסטע בויונגענ אינ סאָוועטנ־פארבאנד.

— אזוי, אזוי, ביסטו, הייסט עס, בארעלע, א באלסימכע — נו, נו, מאזלטאָוו דיר!

— א דאנק, „טעכטערל“, — ענטפערט מיר ערנסט בארעלע. ער רופט מיכ, ווי דער טאטע אמאָל, „טעכטערל“, כאָטש ער איז ייִנגער פונ מיר אפ 8 יאָר... מיר ריידנ האלב־ייִדיש, האלב־רוסיש.

אפ די טרעפ לויפנ דורכ אײַלנדיקע מענטשנ. זיי גריסנ זיכ מיט אונדז, אונ אלעמאָל, ווענ זיי גיבנ אנ עפנ די טיר, דערהערט זיכ ווי א גערויש פונ א ווײַטנ יאמ.

איכ קוק אפ בארעלענ. ווײ, ווײ, וואָס די מילכאָמע האָט געמאכט פונ אימ! ווו איז אהינגעקומענ זײַנ ליבטיק ראָז פּאָנעמ, די שײַנענדיקע אויגנ, די געדיכטע קודלע האָר. א גרוי־געלע הויט ציט ארומ זײַנ פּאָנעמ, די אויגנ צווישנ די רויטלעכע ווִיעס זײַנענ שטענדיק מיד; פיר קארבנ אפנ שטערנ — דרײַ פונ זאָרג אונ מי, אונ דער פערטער — א שניט פונ א שפּליטער, ארײַנגעכאפּט אינ די ערשטע כאדאָשימ פונ דער מילכאָמע, בײַמ בויענ די באפעסטיקונגענ.

ניט ווילנדיק טו איכ א זיפצ.

— ביסט מיד, טעכטערל, — זאָגט בארעלע, — גײ שוינ, גײ אהיימ!

— איכ גײ, — ענטפער איכ אונ בלײַב שטיינ. מיר גלוסט זיכ ניט שיידנ מיט בארעלענ.

א וואונדערלעכער גוירל פונ מענטשלעכע לעבנס! מיר האָבנ געלעבט אזויפיל יאָרנ באזונדער — ברידער אונ שוועסטער, צעוואָרפנ אינ פארשיידענע שטעט, אָפּגעטיילט איינס פונעמ אנדערנ אפ טויזנטער קילאָמעטער, שטענדיק געבענקט, געריסנ זיכ איינס צומ אנדערנ, געטרוימט וועגנ דער זעליקער אונ יאָר אומדערגרייכבארער מינוט פונ ווידערזעענ, אונ פלוצעמ איז געקומענ די גרויזאמע מילכאָמע, וואָס האָט אונדז געזאָלט צעשיידנ אפ שטענדיק, אונ אָט די דאָזיקע מילכאָמע האָט אונדז גאָר צונויפגעפירט צוזאמענ פונ פארשיידענע עקנ פונעמ לאנד אהער, אפ אָט דער בויונג — וועמענ מ'האָט אהער

עוואקוּרט, און ווער ס'איז אַליין אַהער געקומען, ווייל די פון שטענ־
דיק איינגעשטעלטע פאַרבינדונגען זיינען צעריסן געוואָרן, און איבער־
גאַנצן לאַנד האָט זיך געטראָגן אַ שטורעם. וואָס האָט געוואָרפן
מענטשן, ווי אָפּגעריסענע בלעטער אין אַ האַרבסטיקן טאָג. מיר וווי־
נען דאָ דריי ברידער און אַ שוועסטער אין מיט אונדז די מאַמע און
אַ גוטע האַלב טוץ קרוויוים, וואָס פאַר דער מילכאָמע האָבן מיר
קוים געוווּסט פון זיי.

אין דער געבליבענע צינדט זיך אָן שיין.

— גיי, באַרעלע, — זאָג איך, — גיי, ס'הייבט זיך שוין אָן.

— איך גיי, — ענטפערט באַרעלע און כאַפּט זיך נישט. אים
גלוסט זיך נאָך שטיין אַ ביסל לעבן מיר אונטער דער קאַלאָנאַדע.
ער זאָגט: — ערשטנס, קאָן איך נישט אוועקגיין פונראַנען. טמעצער
דאַרף דאָך באַגעגענען דעם נאַרקאָם, און, צווייטנס, קערן זיי דאָרט
האַלטן ערשט פון פאַרנט.

ס'פאַרט צו אַ מאַשין. אַף די טרעפּ לויפן אַנליק אַרויף אַ גרופּע
אויזבעקן — ערדגרעבער. באַ אייניקע אַף די קליידער גלאַנצן די
צייכנס „פאַר פערגאַנער קאַנאַל".

אונטער דער קאַלאָנאַדע ווערט טונקל. באַרעלע מאַכט צו זיינע
מידע אויגן, אַ שטראַל פונעם לאַמטערן באַלויכט זיין אויסגעמאַטערט,
שלעפעריק געזיכט.

אַ שטראָם ליבע פאַרטרינקט אונדז ביידן. מיר שטייען אומבאַ־
וועגלעך. מיר היטן זיך אַ קוק טאָן איינס אַפן אַנדערן. אַ פייכט
הייטל הענגט איבער מיינע אויגן.

וואָס זאָגט מען עפּעס? וויאַזוי ווערט מען פּאָטער פון דעם קישעף?
איך זאָג:

— ביסט מיד, באַרעלע?

באַרעלע שרייט בייז:

— גלעט מיך!

אַזוי שרייען מיר טאָמיד, ווען מיר ווילן אַראָפּוואַרפן פון זיך
די נעץ פון צאַרטקייט, וואָס שוואַכט אָפּ אונדזער ווילן און דראָט
אונדזער איינגעשפּאַרטקייט.

און איך „גלעט" באַרעלען, ווי מיר טוען שטענדיק אין אַזעלכע
פאַלן: איך צי אויס די לינקע האַנט פאַר זיך און גלעט זי מיט דער
רעכטער פון די פינגער צו עלנבויגן, אַזוי ווי דאָס מאַכן די אַר־

טיסטנ פונעמ „גאָסעט“, בייס זיי שפּילנ „דעמ געט“. דערבײַ זאָג איכ מיט א פּעסטנדיקנ קאָל, ווי זיי:

— בארעלע, קעצעלע, קאָטיקל...

בארעלע לאכט. די אָנשטרענגונג איז דורכגעגאנגענ. אצינד קאָנ איכ גיינ.

2

מיר איז ניט באשערט געווענ אוועקגיינ.

אינעמ לינקנ גערטנדל האָבנ זיכ דערהערט שנעלע טריט, אונ אפ די טרעפּ איז לײַכט ארופגעלאָפנ א הויכער שלאנקער בלאָנדינ, מיט זײַנע לאנגע באקענבארדנ פונ די שלייפנ ביז דער מיט באק ענ־לעכ אפ א דעקאבריסט. דאָס איז אָדינצאָוו, דער נאטשאלניק איבער די קאריערנ, א יונגער פּעיקער אינזשעניער.

ער פליט מיט אימפּעט צו דער טיר, נאָר בארעלע שטעלט אימ אָפּ:

— כאפּט זיכ ניט אזוי, אנדריי אנדרייעוויטש. דער נארקאָמ איז נאָכ ניטאָ.

אָדינצאָוו בלײַבט שטיינ. ער גריסט זיכ מיט אונדז ביידע אינ נעמט ארויס א פּאפּיראָס. פּלוצעמ מאכט ער א פײַערלעכ פּאָנעמ אונ פארנייגט זיכ פאר מיר אינ א טיפנ רעווערענס.

— מאדאמ, דערלויבט מיר באגריסנ אײַכ אונ אײַער בעקאָ־וועדיקנ אנשטאלט מיט די גרויסע דערגרייכונגענ אינ וויסנשאפט אונ טעכניק, וואָס איר באגליקט מיט זיי די מענטשהייט.

מיר ווילט זיכ זייער ניט קאליע מאכנ מײַנ גוטנ אָוונט מיט בארעלענ! איכ פּרוו אָפּווענדנ דעמ שמועס אינ אנ אנדער זײַט. איכ זאָג אָדינצאָוונ:

— איר האָט נאָרוואָס אויסגעזענ, ווי קאכאָווסקי, בייס ער האָט געוואָלט הארגענענ דעמ קייסער...

נאָר בארעלע האָט אימ שוינ א פרעג געטאָנ:

— וואָס פארא נײַע נאָמענ האָבנ זיי שוינ ווידער אָפּגעסמא־ליעט?

„זיי“ — דאָס איז דער מעטאלורגישער קאָמבינאט, וואָס פונ־זײַ־נעטוועגנ שאפנ די בויער די נײַע געבײַדעס, זאוואָדנ, הילפס־אונטער־נעמונגענ, סקלאדנ אונ וווינ־הײַזער. „זיי“ — דאָס זײַנענ די „באשטעלער“, וואָס ווילנ, אז אלץ זאָל זײַנ אויסגעבויט וואָס גיכער

און וואָס ביליקער, און „מיר" — דאָס איז דער בוי־טרעסט פון נאַרקאָמסטרוי, דער פּאָדריאַטשיק, וואָס שטרעבט פון זײַן גאַנצן האַרצן צו דעם זעלבן, נאָר פאַלט אַמאָל דורך מיט זײַנע פּלענער. דעריבער זײַנען „זיי" און „מיר" אין גאַנץ קאַלטע באַציִונגען. ביידע האָבן באַזונדערע אַנשטאַלטן, פּערסאָנאַלן און אַפילו קלובן און וווינ־קוואַרטאַלן. די באַרג־פּאַהוואַלטונג געהערט צו „זיי", דעריבער באַציט זיך צו מיר באַרעלע א ביסל מיט כּשאַר.

— איר ווילט וויסן, וואָס פאַר א נאָמער? — זאָגט אַדינצאָוו. — זיי האָבן פאַרמאַכט די גרוב פון מאַרגאַנעץ בא סוכאָדאָיעווקע.

— בא סוכאָדאָיעווקע? די גרויסע? נומער פיר? — באַרעלע שפּרינגט שיר ניט אונטער, — אַך, פאַרוואָס?..

— פאַרמאַכט, ווײַל ס'האָט זיך אויסגעשעפּט דער אַרץ, — גיסט אונטער בוימל אָפּן פײַער אַדינצאָוו.

— יאָ, יאָ, דאָס איז א פאַרברעכן, — שרײַט באַרעלע אויסער זיך. — צעטרענצלען אזא גוטס!..

אדיע, מײַן גוט־ברודערשע ליבע מיט באַרעלען! נאָר ווײַבאַלד אַזוי, איז לאָמיר כאָטש קריגן זיך ווי מענטשן.

— וואָס גייט אײַך אָן מאַרגאַנעץ? — זאָג איך, — איר דאַרפט עס צום בויען? ס'איז דאָך אַן אינערלעכער איניען פון מעטאַלורגן.

— ניין, — זאָגט באַרעלע, — ס'איז אונדזער איניען פּונקט ווי דײַנער! אַניט, צוליב וואָס בויען מיר דעם קאָמבינאַט פּינקט אָט דאָ און ניט ערגעץ אַנדערש. ווײַל דאָ איז אײַזן־אַרץ, מאַרגאַנעץ, קאַלכ־שטיינער און אַנדערע זאַכן. נאָר ווײַבאַלד קיין מאַרגאַנעץ איז שוין ניטאָ, וואָלט דאָך געוועז ריכטיקער בויען ערגעץ אַנדערש.

איך קום אַרויס פון איין בלוט מיט באַרעלען און בין אויך פאַר מײַנע צוויי גילדן א קעסנטע.

איך זאָג:

— ווײַבאַלד עס גייט אײַך אַזוי אין לעבן, פאַרוואָס זשע האָט איר ניט אויסגעפּילט דעם פּלאַן? ווער האָט אײַך געשטערט צו לאָזן ביז אַהער די ערשטע דאָמנע?

ניין, דאָס האָב איך ניט געדאַרפט זאָגן! זע, ווי ווייטעקדיק עס פאַרקרימט זיך דאָס ליבע פּאָנעם באַרעלעס.

די טיר האָט זיך געעפנט, און ס'איז אַרויס נינע, די סעקרעטאַר־שע, אויסגעפּוצט און אָנגעקרויזט, נאָר דערשראָקן.

— אראָן באָריסאָוויטש, — זאָגט זי. — מע רופט אײַך צום טעלעפאָן. פון קאריער... ווו די קאלכשטיינער...

— פונעם קאריער? — זאָגט בארעלע, — וואָס קאָן דאָרט זײַן? זי זאָגט:

— עפּעס אן אוואריע צי וואָס, איך קאָן ניט פארשטיין.

בארעלע און אָדינצאָוו גייען אײַליק אוועק.

איך שטיי אין אומרו און ווארט. וואָס איז דאָרט פארלאָפן?.. באלד קומען ביידע צוריק.

— עפּעס קאָן מען ניט פארשטיין, — זאָגט בארעלע, — זיי בעטן צושיקן אהין אן אינזשעניער. איין זאך איז קלאָר: קיין אומגליק־פאלן זײַנען ניט פאָרגעקומען.

אָדינצאָוו פארקנעפּלט זײַן קורטקע.

— איך פאָר אהין, אראָן באָריסאָוויטש.

ער געזעגנט זיך און גייט אוועק. איצט גיי איך אהיים, און אפן הארצן איז מיר מאָדנע שווער.

3

איך קום צו זיך אין צימער און לייג זיך אנידער אפן דער קאנאפּע. עסן גלוסט זיך מיר ניט — נאָך א טאָג האָרעוואניע אין אזא היץ קומט ניט גלײַך דער אפּעטיט. הינטער דער וואנט, אין קאָרידאָר, זינגט א בעסאראבער מיידל. זי קלײַבט זיך אין קלוב ארײַן טאנצן און פּוצט די שיך בא דער שוואכער שײַן פונעם עלעקטרישן לעמפּל. זי שטאמט פונעם גרויסן שייוועט בעסאראבער שוסטער, וואָס פּילן אָן אונדזערע ארטעלן. און זי זינגט זייער באליבט ליד: „דער אומקום פון „טיטאניק"". זי גרילצט מיט א הויך דין קאָל, און עס דאכט זיך, אז פונעם קאָל הערט מען, וואָס פאר א לאנגע, דארע און שווארצע זי איז:

צי האָט איר, מײַנע לײַטן, געהע—ע—ע—רט
פונעם אומגליק, וואָס האָט זיך פארלאָפן?
אמעריקאנער שיף האָט זיך איבערגע—קע—ע—ע—רט,
און פיל מענטשן האָט דער אומגליק געטראָפן...

אפן הארצן איז מיר שווער. אלץ שארפער און שארפער שנײַדט זיך דורך מײַן אומרו פאר בארעלען. אן אוואריע, — וועלכע זי זאָל ניט זײַן, — איז ניט קיין פארגעניגן, באזונדערס איצט, ביים ס'איז דאָ דער נארקאָם.

איכ פּרוו עפּעס טאָנ. איכ לייג זיכ אַרומ מיט פּאַפּירנ אונ האַנט־ביכער אונ מאַכ זיכ, אַז איכ וויל שרייבנ אַ באַריכט. נאָר גאָר־ניט גלוסט זיכ מיר גיט טאָנ. וואָס האָט דאָרט געקאָנט געשענ? צי איז שוינ געקומענ אַהינ אַדינצאָוו?

עס גייענ דורכ נאָכ 15 מינוט. איכ שטיי אופ, איכ וועל צוגיינ אינ דירעקציע — מינאַסטאַמ האָט שוינ אַדינצאָוו געקלונגענ. איכ שלעפּ אַרופ אַפ זיכ מיינ מאַנטל — די אויוונס זיינענ בא אונדז קאַלטע. איכ גיי צו דער טיר אונ בלייב שטיינ. ס'דערמאָנט זיכ מיר די פאַריסנקייט פונ די בויער, זייערע פאַרוואונדערטע מינעס... ניינ, איכ וועל ניט גיינ! מעגלעכ, אַז דאָרט איז שוינ אַלצ אינ אָרדענונג; אונ באַרעלע זיצט אונ אויסגעלייגטער אינ פּרעזידיומ. וואָס פאַר אַ פּאָנעמ וועל איכ האָבנ?

אינ פינפ מינוט אַרומ טו איכ זיכ ווידער אָנ. פאַר די פינפ מינוט זיינענ מיר געקומענ אינ קאָפּ אַריינ פינפ מאָל פינפ שווערע, פינצטערע געדאַנקענ.

איכ גיי מיט אַ זייטיק געסל אונ קומ אַרויס צומ לינקנ גערטנדל. אַפנ פּלאַצ שטייענ מאַשינעס נאָכ מער, ווי פריִער. די גאַנצע געביידע לייכט זיכ, ווי ביים אַנ אילומינאַציע. איכ גיי אַרופ אַפ די באַקענטע טרעפּ אונ שטיי אַ פּאָר מינוט אונטער דער קאָלאָנאַדע... איכ גיי דורכ דעמ ברייטנ וועסטיביול אונ דורכ די קאָרידאָרנ. אינגיכנ דערזע איכ דעמ פּרעכטיקנ פול געפּאַקטנ זאַל. איכ זע אימ דאָס ערשטע מאָל, זינט מ'האָט אימ פאַרענדיקט. בא דער טיר שטייענ די פאַר־שפּעטיקטע — ס'האָט פאַר זיי ניט געקלעקט קיינ ערטער. איכ רוק זיכ אַריינ צווישנ זיי אונ הייב אָנ קוקנ אינ אַלע זייטנ — צי וועל איכ ניט דערזענ דאָרט באַרעלענ, נאָר איכ זע אימ אינ ערגעצ ניט. אינ פּרעזידיומ איז ער ניטאָ, אינ זאַל אויכ ניט. אייניקע דערקענענ מיכ אונ גריסנ זיכ, אַנדערע קוקנ זיכ איבער, נאָר דאָס דאָזיקע אינטע־רעסירט מיכ איצט ניט — איכ זוכ באַרעלענ. ווו איז ער?

פּלוצעמ טו איכ אַ ציטער — איכ דערזע אינ פּרעזידיומ יאָזע־פּאָוויטשנ. איצט איז מיר אַלצ קלאָר: אַפנ קאַריער איז עפּעס אַנ ערנסטע מייסע; אַדינצאָוו האָט אַרויסגערופנ אַהינ באַרעלענ, אונ באַרעלע האָט געמוזט אַרויסרופנ דעמ קראַנקנ יאָזעפּאָוויטשנ. ניט ווייט פונ מיר שטייט ניוע, די סעקרעטאַרשע. איכ גיב איר אַ ווונק אונ מיר ביידע גייענ אַרויס אינ קאָרידאָר.

— אראָנ באָריסאָוויטש איז אפנ קאָריִער?

— יאָ.

— אונ וואָס טוט זיכ דאָרטנ, נינע?

זי ענטפערט מיט איר קעלבערנעמ אויסדרוק:

— איכ ווייס ניט.

אוועקגייענ, ניט וויסנדיק, קאָנ איכ ניט. איכ גיי ווידער אַרײַנ אינ זאַל. איכ זוכ מיט די אויגנ א מענטשנ, וואָס זאָל מיר קומענ צו הילפ.

אפ דער טריבונע שטייט אנ אומבאקאנטער מענטש, א געפּאקטער, פונ ניט קיינ הויכנ וווּקס, עלעגאנט געקליידט, אונ עפּעס איז אינ אימ דאָ פאַרערלעכס — אפּגעפּרעמדטס אונ צוציִעוודיקס.

אַכ, דאָס איז דער נארקאָמ זייערער. איכ הער זיכ אַײַנ אינ זײַנע רייד. ער האַלט אינמיטנ, ער זאָגט:

— די רײַכטימער פונעמ היגנ קאנט קאָנ מענ נאָר פאַרגלײַכנ מיט די רײַכטימער, וואָס נעסטנ זיכ אינ דער אינערלעכער וועלט פונ די מענטשנ, וואָס בויענ דאָ...

פונ א ווײַטער באַנק פּאָכט מיר עמעצער מיט דער האַנט. דאָס איז א באַקענטער אינזשעניער פונ פּראָיעקט־ביוראָ. ער ווײַזט מיר, איכ זאָל ארויס אינ קאָרידאָר.

אינ קאָרידאָר זאָגט ער מיר:

— אראָנ באָריסאָוויטש האָט מיכ געבעטנ איבערגעבנ זײַנ פאַמיליע, מע זאָל זיכ ניט באַאומרויִקנ, טאָמער וועט ער קומענ א ביסל שפּעטלעכ. עפּעס איז בא אימ אנ אוואַריע.

— אנ ערנסטע?

— איכ ווייס ניט, — ענטפערט ער.

אונ וואָס קענ ער בעעמעס וויסנ — א פּראָיעקט־מאַנ! אָבער אז ער גייט אוועק, הייבט זיכ מיר אָנ דאַכטנ, אז ער ווייסט, נאָר ער וויל מיר ניט זאָגנ.

איכ קער זיכ אומ צוריק אהיימ, אינ מײַנ צימער. הינטער דער טיר זינגענ די בעסאַראַבער שוועסטערס:

שטעלט אײַכ פאָר, מײַנע לײַטנ, די קאַרטינע,
ווי גרויס ס'איז געוועזנ דער צאָרנ,
אז די וואסער איז ארײַנ אינ דער מאשינע,
אונ די לעקטרע איז פארלאָשנ געוואָרנ..

פו, זאָלסטו ווערן! איך נעם צונויף מײַנע פּאַפּירן און גיי אוועק צו דער מאַמען. ביים איך קנעפּל צונויף מײַן רעקל, קנאַקן אין ביזעם־קעשענע מײַן אַריקס בריוו. ווי לאַנג האָב איך זיך געטרייסלט איבער אַריקן! געדאַכט האָט זיך מיר, אַז קיין שוואַכערע באַשעפעניש פון אים איז גאָר אַף דער וועלט ניטאָ. אַזוי ציטעריק, אַזוי ניט באַשיצט, אַזוי צוטריטלעך פאַר יעדן סוינע, און איצט שטעלט זיך מיר פאָר, אַז ער איז שטאַרק ווי אַ מויער מיט זײַנע צוויי פּאַגאָנעס, און שוואַך איז איצט באַרעלע — שוואַך ווי אַ פליג.

4

דער מאַמעס צימער האָט בײַ אונדז פאַרשיידענע צונעמענישן. מיר רופן אים: „דער מוזיי", „דער קלוב", „דער בודואַר", נאָר אין דער עמעסן איז דאָס געווען אַ גוט אײַנגעאָרדנט, גוט באַוווינט צימער. דאָס נעמט זיך פון דער מאַמעס כאַראַקטער. נאָך אַ האַלבן יאָר עוואַקואַציע האָט זי אונדז געזאָגט:

— קינדער, גענוג זײַן „בעזשענצעס". מיר זײַנען אַף דער בוידנג אַף לאַנג, מע דאַרף זיך אײַנאָרדענען ווי ס'געהער צו זײַן.

צום אַלעם ערשטן האָבן מיר אַלע אָנגעטאָן אונדזערע אַלטע ספּעצאָוועקעס און אונטער איר אָנפירונג אויסגעוואַשט די צימערן. דערנאָך האָבן מיר זיי אַרומגעשטעלט און אויסגעפּוצט, מיט וואָס נאָר מיר האָבן געקאָנט. לאַנג האָבן זיך בײַ אונדז די באַפּוצונגען ניט געהאַלטן, ווײַל מיר זײַנען ווייניק אין דער היים. דערפאַר אָבער בײַ דער מאַמען ווערט דאָס צימער אַלעמאָל שענער און פרייט פּאָשעט אונדזערע הערצער.

בײַ דער מאַמען אין צימער שטייט אַ ברייטע, ווייכע טאַכטאַ אין אַפן בעט ליגט אַן עמעסער קישן פון פעדערן, דער איינציקער, וואָס מיר האָבן באַוויזן מיטנעמען פון דער היים; אַף די פענצטער הענגען מאַרלענע פאָרהאַנגען, גוט אָנגעקראָכמאַלטע, מיט אויסגענייטע שפּיצן, און הינטער זיי שטייען וואַזאָנעס; איבערן טיש הענגט אַן אַבאַזשור, געפאַרבט געל — מיר פאַרבן דאָ אַלץ מיט אַקריכין (מיר זײַנען אַלע אַפּט קראַנק אַף מאַליאַריע און האָבן גענוג טאַבלעטקעס); אַף די ווענט הענגען שיינע גראַוויורן און פאַרשיידענע האַנט־אַרבעטן: אַפּליקאַציעס, טעפּיכלעך, אויסגענייטע האַנטעכער. אַפן טאַטנס לאָשן

פלעגט עס אמאָל הייסן „מעשטשאַנסקי וואָקוס", און אויב עס פלעגן הענגען צוויי אַזעלכע זאַכן, פלעגט ער זאָגן: „צוויי מעשטשאַנסקי וואָקוסן". דעמלט פלעגט די מאַמע זײַן אײַנשטימיק מיט אים, נאָר איצט, אַז מיר פֿרווּון אָפּלאַכן פֿון אירע באַפֿוצונגען, זאָגט זי:

— אַלץ בעסער, ווי אָפּגעלאָזנקייט און יושע. צי עפּשער ווילט איר ניוניען?

ניין, מיר ווילן קיינער ניט „ניוניען", מיר ווינקען נאָר אונטער איינער דעם אַנדערן אָפּן גרויסן טעפּיך און אָפּ „דיזומעס פּערספּעקטיווע".

דער גרויסער „טעפּיך" איבער דער מאַמעס בעט איז געמאָלט מיט אייל־פֿאַרב אָפּ ברעזענט. פֿאַרגעשטעלט זײַנען, ווי געוויינלעך, מאַרקיזעס אין געפּודערטע לאָקן, קאַוואַלערן מיט מיידלשע פּנעמער און ווײַסע שוואַנען אָפּ אַן אָזערע. דאָס איז אַ פּראָדוקט פֿון מײַן אייגענעם פּענדזל. מע האָט געדאַרפֿט האָבן נאָר דער מאַמעס אײַנגעשפּאַרטקייט אָפּ צו צווינגען מיך מאָלן אָט די „פּאַסקודסטווע" אין יענע שווערע אומפֿאַרגעסלעכע טעג, בײַם אונטער סטאַלינגראַד האָט זיך געלייזט אונדזער אַלעמענס גורל. אַך, האָבן מיר דעמלט געאַרבעט! אַך, האָבן מיר געגעבן „ציגערס"! אַז עס טרעפֿט זיך מיר איצט אַמאָל אין די הענט אַ נומער פֿון אונדזער קלייניקער צײַטונג, אַרויסגעלאָזט אין יענע צײַטן, איז מיר גאָר שווער צו גלייבן, אַז דאָס האָבן מיר באַוויזן אַזעלכע גוואַלדס. מיר פֿלעגן דעמלט אַרבעטן אָן אָפּרו־טעג, נאָר אויב עס פֿלעגט מיר אַמאָל אויספֿאַלן אַ פֿרײַע מינוט, פֿלעגט מיך די מאַמע באַלד אַוועקשטעלן צום טעפּיך. אייניקע אין אונדזער קאָלעקטיוו האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט שווערע שטימונגען: נאָך סטאַלינגראַד גייט דאַרעם־אוראַל. זיי פֿלעגן קוקן אָפּ דער קאַרטע און מעסטן זי מיט די קליינינקע מעטאַלענע רולעטקעס. וואָס מיר טראָגן שטענדיק אַרום אין די קעשענעס, און איך פֿלעג דאַרפֿן שטיין און מאָלן די ראָזעווע שמייכלען אָפּ די פּנעמער בײַ די קאַוואַלערן און דאַמעס. אָפֿט פֿלעגט נעבן מיר אָפּ דער קאַנאַפּע ליגן אַ צונויפֿגעקאַרטשעטער באַרעלע און פּײַניקן זיך פֿון די שרעקלעכע קאָפּ־ווייטיקן, וואָס פֿלעגן קומען צו אים אין זייער הייסע טעג. אים פֿלעגט אָנהייבן שטאַרק שנײַדן דער שטערן נעבן דער וווּנד, און ער פֿלעגט אָפֿט ברעכן. צײַטנווײַז פֿלעגט מיך אַזוי אָנעמען באַנג האַרצן פֿון אָט דעם אַלעמען, אַז איך פֿלעג

זיכ אראפלאזונ אינ קעלער קלוימערשט זוכנ פארבנ: דארט פלעג איכ זיכ שטארק אנכאפנ מיט דער האנט פאר א ברעטל, וואס האט זיכ געצויגנ אינ דער ברייט פונעמ קעלער, אונ פלעג ריידנ צו זיכ אליינ מאדנע רייד, וואס איכ אליינ פלעג זיי אויסטראכטנ אונ וואס האבנ קיינ שומ באדייטונג ניט געהאט: עפעס א גיי מינ ווארט אדער א פאר שורעס פונ א געדיכט — וואס ס'איז מיר דאס ערשטע אריינ־געפאלנ אינ מויל אריינ. די דאזיקע ווערטער אונ שורעס פלעג איכ כאזערנ מעכאניש אזוי לאנג, ביז צו מיר פלעג זיכ אומקערנ דאס גלייכגעוויכט. איינמאל האב איכ אינ קעלער דערזענ מיינ עלטערנ ברודער טאליענ, ער איז געשטאנענ אנגעכאפט מיט די פינגער פארנ זעלבנ ברעטל אונ האט געקוקט ערגעצ אינ דער וויים אריינ. א רעגע האבנ מיר אריינגעקוקט איינער דעמ אנדערנ אינ די אויגנ, אונ איכ בינ באלד ארופגעגאנגענ צוריק. טאליע האט אפגעווארט א שטיקל צייט אונ איז אויכ אריינ אינ צימער. צוערשט האט ער געשוויגנ, דער־נאכ האט ער אנגעהויבנ זייער הויכ אונ זייער גענוי דערציילנ, ווי־אזוי ער האט זיכ אראפגעלאזט אינ קעלער נאכ עפעס א שטיקל גלאז.

סאפקאלסאפ האב איכ דעמ טעפיכ פארענדיקט, אונ איצט ענגט ער שוינ דאס אנדערע יאר אונ רופט ארויס בא מענטשנ א געפיל פונ ליבע אונ דאנקבארקייט. זיי דערמאנענ זיכ די שווערע סטאלינגראדער טעג אונ די רו, וואס זיי פלעגנ דערפילנ, אז זיי פלעגנ אריינקומענ צו אונדז אונ טרעפנ מיכ מאלנ די שוואנענ. די מאמע זאגט מיר:

— אהא!

אונ די ברידער וויזנ מיר אפ דער מאמענ:

— לערנ זיכ, טעכטערל!

„דיומעס פערספעקטיווע” דאס איז דאס פערספעקטיוו־בילד פונ אונדזער בוינג אינ אזא אויסזענ, ווי זי וועט האבנ אינ א יאר 15—20 ארומ. זי פארנעמט א גרויסנ בויגנ וואטמאנ־פאפיר אונ הענגט פונקט אנטקעגנ דעמ טעפיכ. געמאלט האט זי אונדזער עלט־סטער ברודער דיומע — דער שטאט־ארכיטעקטאר אינ דער סאצ־שטאט, וועלכע בויט זיכ 12 קילאמעטער פונ אונדז. געמאלט האט ער עס לעכאטכילע פארנ הויפט־זאל פונ דער דירעקציע. דערנאכ האט מענ דעמ פלאנ פונ דער בוינג געענדערט, קאנקרעטיזירט, אונ

דאָס געמעל האָט אופגעהערט טויגנ, דעמלט האָט דיומע אימ אָפּגענומענ און אוועקגעשענקט דער מאמענ. אפנ געמעל איז פאָרגעשטעלט די בוייונג אינ פיר פארענדיקטע ציקלענ: העל־גרינלעכע געבײַדעס פונ צעכנ און געהילפ־אונטערנעמונגענ פארשטעלנ טײלוויַיז די געלבלעכ־ראָזעווע דאָמנעס, וואָס זײַנענ ענלעכ אפ פאסיקלעכ קאָנפעקטנ־פאסטילא; די גרוי־בלוילעכע קאופערנ באקומענ א גלײַכגעוויכט אינ די בלוילעכע צוגנ, וואָס גייענ אפנ האָריזאָנט. ווי אינ יעדער אזא געמעל, זײַנענ דאָ פאראנ א סאכ קופּעס זאפטיק־גרינע קוטשעראווע ביימער און פילפארביקע קלומבעס; העל־געפארבטע אווטאָמאָבילנ דרעמלענ בא די טראָטוארנ און שפּיגלענ זיכ אָפּ אינ וואסער־גלאנציקע אספאלטנ; די דורכגייער זײַנענ העל און יאָמטעוודיק געקליידט.

די מאמע האָט זייער ליב דאָס דאָזיקע בילד און שאצט זייער דיומענ. זי זאָגט אָפּט:

— ער איז זייער באגאבט און וואָלט געקאָנט מאכנ א פּרעכטיקע קאריער, ווענ ער זאָל ניט זײַנ אזא אידעאליסט...

די מאמע פארמאָגט אינ איר לעקסיקאָנ א סאכ אזוינע ווערטער, ווי „פּראָגרעס“, „צוואנציקסטער יאָרהונדערט“, „מיר — די מיטעלע קלאססע“ (בעפיירעש „קלאססע“, — ניט קלאס), נאָר מער פאר אלעמענ האָט זי ליב די ווערטער „אידעאליזמ“, „אידעאליסטיש“, וואָס באטײַטנ ניט ווי בא אונדז א באשטימטע פילאָסאָפישע קאטעגאָריע, דער הייפּעכ פונ „מאטעריאליזמ“ און „מאטעריאליסטיש“, נאָר א מינ מאָראלישע אייגנשאפט, אנ ערעכ ווי בא אונדז „אידיייִשקײַט“, „אידיייִש“.

איכ האָב געטראָפנ די מאמע, ווי שטענדיק, בא אנ ארבעט: זי האָט עפּעס גענייט. מיר דאכט, אז איכ האָב זי קיינמאָל אינ לעבנ ניט געזענ ליידיק. זי איז ניט יונג — דיומע איז שוינ אלט בא די פופציק, נאָר זי איז שטענדיק פארנומענ. שטענדיק פארטאָג — באנייט און באלאטעט אלע קינדער, די שניר און די אייניקלעכ, זי קאָכט קימאט פונ גאָרניט געשמאקע מײַכאָלימ, וואָס זײַנענ זייער א גוטער צוגאָב צו אונדזערע וואָרמעסנ אינ גאָרקיכ, זי האלט זויבער־ריינ די שטוב און געפינט נאָכ צײַט אפ לייענענ א צײַטונג. איר לאָזונג איז: „א מענטש דארפ זײַנ דיעלנע“, דאָס הייסט טעטיק, און פונ קליינערהייט זײַנענ מיר געוווינט צו דעמ דאָזיקנ לאָזונג. אז עמע־

צער פון אונדז קערט זיך אום פון דער ארבעט צוויי אזייגער באַ־
נאכט, אָדער ער גייט אוועק זעקס פאַרטאָג, ענטפערט ער אָפּ אירע
טייַנעס:

— מאַמאַטשקע, איך בין דיעלנע.

די מאַמע פּראָטעסטירט:

— אַלץ דאַרף זײַן מיט אַ מאָס.

דאָס דאָזיקע מאָל פרעגט זי מיך לאַקאָניש, ווי שטענדיק (אַ סאַך
צײַט פאַטערג אָפּ ריידן קאָן זי ניט):

— קאַשע?

— ניין, — ענטפער איך, — איך האָב געגעסן אין גאָרקיב.

און איך צי זיך אויס אָפּ דער טאַכטאַ.

די מאַמע קאָן ניט לײַדן, אַז מע וואַלגערט זיך, דעריבער פּרווט
זי מיך אַראָפּנאַרן פונעם געלעגער:

— גוטע קאַשע, אַ מעכײַע, האַלב הירזש — האַלב קלײַען. דאָס
האָט מיך נאַטאַליאַ איוואַנאָוונאַ אויסגעלערנט.

— איך וויל ניט, אַ דאַנק.

די מאַמע רײַסט זיך אָפּ אָפּ אַ מינוט און וואַרפט מיר אַ צײַטונג:

— נאַ, איז לייען דאָ רוזוועלטס נײַע רעדע.

צו אָט די קורצע באַפעלן זײַנען מיר אויך געוווינט פון דער קינד־
הײַט. אַמאָל הערן מיר פון דער מאַמען: „פּוץ אָפּ די שיך, זיי זײַנען
באַ דיר שטויביק!", „לייען איבער מאַקאַרענקאָס „פּעדאַגאָגישע
פּאָעמע" — זי ליגט באַ מיר אונטערן קישן!", „גיי בעט איבער ליי־
זען (די שנור), זי איז אָפּ דיר בערויגעזן!".

מיר זײַנען געוווינט אין אַזעלכע פאַלן זי צו פאָלגן, און
דעריבער נעם איך רוזוועלטס רעדע און מאַך זיך, אַז איך לייען.
ס'איז גוט דערמיט, וואָס איך קאָן זיך פאַרדעקן פון דער שײַן און
פון דער מאַמען.

איך פאַרמאַך די אויגן און דערזע פאַר זיך באַרעלען, ווי ער
שפּאַנט איבערן קאָריער אין דער געלבלעכער שײַן פון די ווײַט צע־
רוקטע לאַמטערנס. איך זע, ווי ער שפּרינגט אין זײַנע יאַמטעוודיקע
שיך איבער די שאַרפע האַנטן פון די פריש אָנגעשאָטענע שטיינער.
נאָך אים — אָדינצאָוו, נאָך אָדינצאָוון — דעמענטשוק, דער קליי־
נינקער טעכניקער, דער בריגאַדיר פון די אופרײַסלער, דרײַ שוואַכע

שאָטנס גייען מיט זיי מיט איבער די שטיינער און פעלדזן, ווי באַר־מערנדיק זייער צאָל. זיי זײַנען פון פאַרשיידענעם וווּקס, די דרײַ יונ־געלײַט, און פאַרמאָגן גאַנץ פאַרשיידענע געזיכט־שטריכן, נאָר א מאָדנע מין אויסדריקלעכקײַט אויף זייערע פּענעמער מאַכט זיי איצט ענלעך איינס אויפן צווייטן און גלײַכט זיי אויס אין וווּקס. זיי גייען אַלע עטוואָס געבויגן, די קעפּ אויסגעצויגן פאָרויס און א ביסל גע־נייגט אויף א זײַט, ווי כאַפּנדיק א ווײַטן קוים הערבארן קלאַנג, די מײַלער זײַנען בא זיי עטוואָס אָפן, די ציין א ביסל אויסגעשטשירעט. די ווינקלען פון די ליפּן — אַרום, אַרום דער נאָז און אויגן — שווערע קנייטשן פון אָנשטרענגונג. זיי האָבן א ביסל אַן אויסזען פון א בײַנע, וואָס יאָגט זיך נאָך איר רויב, און פון די סטאַנדאַרטע אויס־געשטשירעטע סאַמורײַען, וואָס מע מאָלט זיי אויף יאַפּאַנישע שפּאַ־ליר־ווענטלעך, אויף זײַדענע פעכערס און אויף טיי־געפעס — נאָר דאָס אַלץ איז ביז די אויגן. אין די אויגן איז גאָר עפּעס אַנדערש. אין די אויגן איז דער גוט באַקאַנטער פלאַם פון פאַרשערישער דרייסט־קײַט, דער פײַכטער גלאַנץ פון איבערגעגעבנקײַט און דער געלער אָפּשײַן פון אונדזערע לאַמטערנס, צעשטעלטע אין דער מידבער. א גוטע כאַווערישע אַכדעס בינדט צונויף די דאָזיקע דרײַ מענטשן, וואָס זוכן די שפּורן פון געפאַר. איך קען זי גוט, די דאָזיקע אַכדעס, און עס ווערט מיר גרינגער פאַר באַרעלען — ער איז ניט אַליין. זיי זײַנען ניט אַליין. מיר זײַנען ניט אַליין, מיר זײַנען אַלע אײַנײַנעם, ענג פאַרבונדן, פעסט געשלאָסן, ברידערלעך פאַרפלאָכטן אונדזערע הענט. דו האַלטסט מײַן האַנט, איך האַלט זײַן האַנט, און ער האַלט נאָך עמעצנס — מיר זײַנען שטאַרק!

איך באַרוּיִק זיך א ביסל און ליג האַלב פאַרמאַכט די אויגן. די צײַטונג פאַרשטעלט פון מיר די שטוב. און פּלוצעם דערזע איך די גאַנצע געגנט אַרום דעם קאַריער, מיט די זאַמדן, מיט די פעלדזן, מיט ניקל־אַרצן, מיט די מאַנגאַן־אַרצן, אין דער טונקעלער נאַכט דורכגעשטעפּט מיט די שיטערע שורעס פון אונדזערע לאַמטערנס. וואָס קאָן זײַן שענער ווי לאַמטערנס איבער א ווילדן, ווײַט־פאַרוואָר־פּענעם סטעפּ! איך דערזע די זעלבע געגנט אין א ברעניק־סאַרפּענ־דיקן זומערדיקן טאָג, ווען דער ליימיקער סטעפּ איז צעפלאַצט אין אַלע ריכטונגען ווי א פריש־אויסגעטריקנטע קאַליוזשע, און די שפּאַלטן זײַנען אַזוי גיגאַנטיש־גרויס, אַזוי גיגאַנטיש־ברייט, אַז עס

דאַכט זיכ, זיי גייענ ביז די טיפסטע טיפענישנ פונ דער ערד־קאָרע, ביז דער פײַער־פליסיקער מאגמע, אונ פונ דאָרט גייענ עס ארויס די אָנגעגליטע שטראָמענ לופט, וואָס הייבנ זיכ אופ אונ ציטערנ אינעם רוים. אינ אזא מינוט זעט מענ זייער דײַטלעכ, ווי ווײַט דאָרט, פאַר א האלבנ קילאָמעטער, אפנ קאָקסאָכימ־זאוואָד, בויט מענ די הויכע צילינדרישע קוילנ־טורעמס. די סילועטנ פונ די ארבעטער אפ די פלאטפאָרמעס, וואָס קרוינענ די טורעמס, זייערע פארפאָרעטע בא־וועגונגענ רופנ ארויס די ווײַטסטע אסאָציאציעס: מיטלעלטערלעכע שלאכטנ, באלאגערונגענ פונ פעסטונגענ, דער גרײַז־גרויער אשור אונ די באוועגלעכע טורעמס בא די פײַנטלעכע ווענט.

דערנאָכ דערזע איכ די זעלבע געגנט אינ א פראָסטיק־פײַערשיסנ־דיקנ טאָג, ווענ מענטשנ האלטנ זיכ אומיסטנ אפ די ברייטע וועגנ, קעדיי דערהערנ באצײַטנס פונ די דורכגייער: „בא אײַכ פרירט א באק — זי איז ווײַס!“ די זונ שטייט דאנ אפנ הימל אינ אזא קע־ניגלעכנ בלענד, אינ אזא מינ איבערפלוס פונ לאנגע מוטערפערלענע שטראלנ, אז מענטשנ האבנ מוירע פארטערנ די רוּע אונ האלטנ זיכ דעריבער מיטנ רוקנ צו דער זונ. נאָר ווער עס קערעוועט זיכ צו איר אוים מיטנ פּאָנעמ, דערזעט די צוויי ברייטע קוימ אויסגעבויגענע רעגנבויגנ־זײַלנ, וואָס שטייענ בא אירע ביידע זײַטנ, ווי צוויי וועכ־טער אָדער ווי צוויי פּרעכטיקע זײַלנ פונ איר קעניגלעכנ טראָנ, אונ זאָגט: „דער פראָסט וועט זיכ נאָכ שטארקנ“. אינ אזעלכע טעג הייבט זיכ אופ איבער די פריש געבויטע ווענט א דאמפ פונעמ אָנ־געווארעמטנ „ראסטוואָר“, מיט וואָס מע צעמענטירט די ציגל. דער דאמפ זעצט זיכ אָפּ אפ די ברעמענ, בערד אונ וואָנצעס פונ די מור־ליארעס אונ ווערט פארוואנדלט אינ ווײַסנ פראָסט. אונ צומ סאָפ טאָג, בײַם די צוויי זײַלנ פארשווינדנ אונ פונ דער זונ ציִענ זיכ אוים צוויי לאנגע בלוטיק־רויטע שפּיצנ ארופ אונ אראָפּ פונ איר, זאָגט דער בריגאדיר: „כעוורע, גרייט אָנ די מאטעס, עס געפעלט מיר ניט דער הימל“. די בלוטיק־רויטע זונ פארזינקט הינטערנ האָריזאָנט צוזא־מענ מיט איר אונטערשטער שפּיז, נאָר די אייבערשטע בלײַבט נאָכ שטיינ — א פורפורנע, א שמאָלע, א דראָענדיקע, אונ אז זי צעשווימט זיכ אינדערלופטנ, הענגט נאָכ לאנג אינ יענער זײַט הימל א ברייטע בלאס־רויטלעכע צונג. די ארבעטער פארענדיקנ די ארבעט אונ דעקנ אײַנ די האלב פארענדיקטע ווענט מיט די מאטעס. אפ די מאטעס

ליגן זיי ארויף שווערע שטיינער — דער בוראַ זאָל ניט צונישט מאַכן זייער אַרבעט.

פאַר מײַנע אויגן שווימען דורך פאַרשיידענע בילדער פון דער גאָענטער פאַרגאַנגענהייט: איך זע אונדזערע צוויי עשעלאָנען בײַם דער עוואַקואַציע, די וואַגאָן־פּלאַטפאָרמעס מיט די מעכאַניזמען, אַרומגעשטעקט מיט גרינע וועלקנדיקע צווײַגן — אַ באַשיצונג פון פײַנטלעכע עראָפּלאַנען — און די צוויי „דנעוואַלגע" מיט די ביקסן, וואָס מיר פלעגן אַרויסשטעלן יעדן טאָג נעבן זיי; איך זע אונדזערע ערשטע בײַדלעך, דעם ערשטן נאַכטלעגער אין מווירעדיק קאַלטן סאָפּ־זומערדיקן סטעפּ און דעם ערשטן העליש־ברענענדיקן אַרבעטס־טאָג, וואָס איז געקומען נאָך דער קאַלטער נאַכט. מיר שטייען דאָרט ביים ערשטן וואַרמעס־איבערייס אַרום אונדזערע בײַדלעך. די האַרעם־מיזרעכדיקע ווינטן רײַסן די לײַוונטן פון די ווענט און דעכער אַרום אונדז, און מיר שטייען האַנט־בײַ־האַנט און מיר קוקן אַלע אין פּאַנעם אַרײַן די נײַע ווינטן אַף דער נײַער ערד. איך זע אונדזערע ערשטע טריט אַף דער בוינג און אונדזערע ער־שטע דערגרייכונגען. די ערשטע קאַטלאָוואַנען און טראַנשייען, די ערשטע אויסגעבויטע צעכן, און אַ געציג נאָך וועלף, און די ערשטע בעטאָן־אַרבעטן אַפן פּראָסט, און דאָס גרויסע געוויסער פון 1942, און אונדזערע ערשטע קינדערלעך, געבוירן אין דער עוואַקואַציע, וואָס הייסן מיט פּאָעטישע נעמען נאָך טײַכן, בערג און מעטאַלן אָדער מיט שיינע סימבאָלישע נעמען — נאַדיעזשדאַ, וויקטאָר, וויקטאָריאַ.

אַ מאָדנע מין זיסער ווייטעק שטעכט דורך מײַן האַרצ, דאָרט שנײַדט זיך דורך אַ נײַ געוויקס, דאָס געוויקס פון מײַן ליבע צו דער נײַער היים. עס שנײַדט זיך שווער און ווייטעקדיק, ווי אַ צאַרטער שפּראָצלינג דורך אונדזערע פאַרהאַרטעוועטע באָדנס, נאָר עס שנײַדט זיך, עס וואַקסט, עס צווײַגט זיך אין אַלע זײַטן, עס וואַקסט דורך דורכן פלייש, עס גייט דורך די ביינער, עס דערגרייכט ביז די אַקסל... אַך, די אַקסל, די אַקסל טוען מיר וויי!.. זיי ברענען מיר... איך קאָן זיך ניט אײַנהאַלטן פון אַ קרעכץ.

די מאַמע פרעגט:

— ווידעראַמאָל די אַקסל?

איך ענטפער:

— עט, א קלייניקייט.

וואָס קאָן איך איר זאָגן? וועגן מײַנע געדאַנקען? וועגן דעם נײַעם געוויקס, וואָס שטעכט דורך מײַנע ביינער? צי וועגן מײַנע שווערע אומרוען פאַר באַרעלען? כאַלילע! נאָר ניט דאָס דאַזיקע! וועגן באַרעלען טאָר זי גאָרנישט ניט וויסן. זי האָט א שוואַך האַרץ. רוזוועלטס רעדע פאַלט אַראָפּ אַפּ דער ערד.

5

די מאַמע באַמערקט, אַז די צײַטונג איז אַראָפּגעפאַלן, און פאַרשטייט, אַז איך לייען ניט. הייבט זי אָן נייען לאַנגזאַמער. איך זע, אַז זי באַטראַכט עפּעס. זי טראַכט געוויס, וואָס פאַר א באַשעפטיקונג זאָל זי מיר אויפגעבן. סאָפּקאָלסאָפּ באַשליסט זי פאַרפירן מיט מיר א „וויכטיקן שמועס", זי שטעקט אַרײַן די נאָדל אינעם געניי און זאָגט מיר:

— איך האַלט אין איין טראַכטן. איך טראַכט וועגן טאַליעס „וואָפּראָס". ווי איז דײַן מיינונג וועגן דעם?

„טאַליעס וואָפּראָס" איז מיר באַקענט אין אַלע זײַנע איינצלהײַטן, און די מאַמע ווייסט שוין פון לאַנג מײַן מיינונג וועגן דעם, ווײַל מיר האָבן שוין ניט איין מאָל גערעדט אַפּ דער דאַזיקער טעמע, נאָר זי האַלט, אַז בעסער ריידן אַן איבעריק מאָל וועגן א וויכטיקן איניען, איידער זיך וואַלגערן אָן א טאָלק אַפּ דער קאַנאַפּע. טאַליע איז מײַן עלטערער ברודער, צווישן מיר און דיומען. ער איז אַן אינזשעניער א מעכאַניקער, מיט גרויסע דערפינדערישע פעיִקייטן. די לעצטע יאָרן האָט ער געאַרבעט אין מאָסקווע אין א וויסנשאַפטלעכן אינסטיטוט. זײַן „וואָפּראָס" באַשטייט פון זײַנע באַציונגען צו זײַן וויסנשאַפטלעכער קאַריער.

— דו ווייסט, — זאָגט די מאַמע, גלײַך ווי זי זאָל מיר דערציילן א נײַס, — ער האָט זיך דאָך פאַרפעסטיקט דאָ אַפּ דער בוווּנג אַפּ 12 יאָר. גוט, וואָס מ'האָט פון אים מער ניט געפאָדערט. ער זאָגט, אַז די בעסטע לאַבאָראַטאָריע איז דאָ, בײַ דער פּראַקטישער אַרבעט.

טאַליעס שפּיצלעך זײַנען מיר שוין פון לאַנג באַקענט, קיין שום זאַך גייט בײַ אים ניט אין קליינע מאַסשטאַבן. אַלץ גייט „הורטאָם".

דערפאר האָט ער בא אונדז דעמ צונעמעניש „דער פּראָגער גוילעמ“. ווי ס'איז באוווּסט, האָט דער דאָזיקער גוילעמ אייכ ניט געוווּסט פונ קיינ קליינלעבקייטנ — אז מע פלעגט אימ שיקנ פארמאכנ די לאָדנ פונ שטוב, פלעגט ער פארמאכנ די לאָדנ אינ דער גאנצער שטאָט. אז מע פלעגט אימ שיקנ נאָכ אנ עמער וואסער, פלעגט ער פארטרינקענ די שטאָט. טאָליע, אז ער דארפ זיכ קויפנ א קעסטעלע ציינ־פּראָשעק, אָדער „א האנט־ביכל פאר מעכאניקער“, קויפט ער מיטאמאָל א 10—20 שטיק אונ נאָכ דעמ גייט ער ארומ צווישנ באקענטע אונ בעט, אז מע זאָל זיי בא אימ נעמענ צומ אָנדענק.

— מאמאָטשקע, — זאָג איכ, — ווילסט וויסנ ענדגילטיק מיינ מיינונג, איז הער מיכ אויס: לאָז צורו טאָליען, ער איז שוינ ניט קיינ קינד. ער קאָנ שוינ אליינ זיינ שטעטל באשטיינ.

— ניט קיינ קינד? — זאָגט ביטער די מאמע (אינ די פראגנ, וואָס געהערנ צו אירע קינדער, איז זי שטענדיק לײדנשאפטלעכ), — ער איז ערגער פונ א קינד, ער איז א פארטראָגענער מאלעכ אונ א דאָנקיכאָט. מע טאָר ניט זיינ אזוי אידעאליסטיש געשטימט.

אליינ פלעגט זי אונדז, קליינוואַרג, דערציילנ אָנשטאָט קינדער־מײַסעלעכ די ביאָגראפיעס פונ סאָפיע פעראָווסקע אונ דזשאָרדאנאָ ברונאָ, אונ איצט קאָנ זי ניט פארשטיינ, וואָס טוט זיכ עס מיט אירע קינדער.

זי איז זייער אומצופרידנ מיט מיר. זי זאָגט מיר:

— הער זיכ אופ וואלגערנ אָנ א זינ. דערצי שוינ ביז עלפ אונ לייג זיכ שלאָפנ. ספּענסער זאָגט, אז אנ אָנגעשטעלטער דארפ אופשטיינ זיבנ אינדערפרי אונ זיכ לייגנ עלפ אינ אָוונט.

ספּענסער איז אונדזערער אנ אלטער באקאנטער. לויט „ספּענסערס סיסטעמ“ פלעגט מענ אונדז קינדווייז אופוועקנ פארטאָג אונ רײַבנ לאנג דאָס גאנצע לייב מיט גראָבע האנטעכער איינגעטונקענע אינ זאלצ־וואסער — די מאמע, דער טאטע, די מומעס. דערנאָכ פלעגט דער טאטע אוועקלויפנ אפ דער ארבעט אינ קאָנטאָר (ער איז געווענ א בוכהאלטער אונ פלעגט אופשטיינ גאָכ פריער, ווי ספּענסער האָט געהייסנ), אונ די מאמע פלעגט פאר אונדז קאָכנ א זופּ פונ האָבער־גרויפּנ, וואָס איז געווענ זייער היגיעניש אונ האָט געקאָסט זייער וואָלוול. צי זיינענ מיר געוואָרנ געזינטער פונ „ספּענ־

סערם סיסטעם" ווײס איך ניט, נאָר פּײַנט געקראָגן האָבן מיר אים גרינטלעך, ביז הײַנטיקן טאָג.

פּלוצעם דערמאָנט זיך עפּעס די מאַמע:

— אַניוטע! — זאָגט זי, — איך האָב גאָר פאַרגעסן: אױף דער טומבאַטשקע ליגן דיר ליגט אַ בױגן: „הילף די קינדער פון פראַנ־קאָוויקעס". שרײַב זיך אונטער און גיב מיר עפּעס פאַר די קינדער.

— וואָס קאָן איך זײ געבן? — וואונדער איך זיך, — און כוץ דעם טישל און דעם הילצערנעם באַנק־בעטל בא מיר אין צימער פאַר־מאָג איך גאָרנישט ניט. די מאַמע דערמאָנט מיר:

— דו האָסט ווײַסע וואָלענע הענטשקעלעך. פאַר אַ קינד איז דאָס אַ גוטע מאַטאָנע.

אַך, מײַנע וואָלענע הענטשקעלעך? דאָס איז דאָס אײנציקע פון מײַנע שײנע טואַלעט־קלײניקײַטן, וואָס איך האָב געבראַכט מיט זיך פון דער הײם. בײַם איך טו זײ אָן, ווײַזט זיך מיר אויס צײַטנווײַז, אַז איך בין געקלײדט פון אויבן ביז אראָפּ אין שײנע, לײַכטע עלעגאַנטע קלײדער, אַזעלכע ווי איך האָב ליב. אַוועקגעבן די הענטשקעלעך? עס טוט מיר באַנק! נאָר ווײַבאַלד די מאַמע האָט אױף זײ געוואָרפן אַן אויג, איז פאַרפאַלן. איך שרײַב זיך אונטער, גיב אָפּ די הענטשקעלעך און פרעג אין שפּאַס:

— און וואָס גיסטו, מאַמע?

די מאַמע ווערט פּלוצעם טונקל אױפן פּנים און זאָגט מיט אַ ניט־זיכערן טאָן:

— דו פאַרשטײסט, איך האָב באַשלאָסן אונטערשרײַבן מײַן פוקס. קײן אַנדער זאַך האָב איך ניט, און זאַמלען זאַכן און אַלײן זיך ניט אונטערשרײַבן איז ניט שײן. ווי זאָגסטו?

— זאָך אויס עפּעס אַנדערש פאַר די קינדער. ווײסטו גאָר וואָס? גיב זײ אַ שטיקל ברויט אָדער עטלעכע טאַלאָנען פון די ברויט־קאַרטלעך.

די מאַמע פאַרטראַכט זיך. ס'איז אַ שווערע זאַך — גרינגער אַוועקגעבן אַ בײַפּעצ פון שטוב.

די מאַמע קוקט אױפן ברויט, וואָס איז געבליבן אױף מאָרגן צום פרישטיק: זײער ווײניק. איך קוק אויך אױפן ברויט. מיר קוקן אַזוי־פיל מאָל אין טאָג אױפן ברויט, אַז עס קאָן ניט שטײַען נאָר פונעם קוקן. דערנאָך שטײט די מאַמע פּלוצעם אַנטשלאָסן אױף, גיט אַ נעם

דאָס שטיקל ברויט און לאָזט זיכ צום קעסטל — באהאלט עס פאר די קינדער. טראָגנדיק, וועגט זי עס אָפּ אפּ דער האַנט און זאָגט מיט א געדיכטנ סאָלידנ קאָל:

— א היפשע פּאָרציע! ס׳וועט זיי צוניצ קומענ. מאָרגנ גאנצפרי וועל איכ עס אוועקטראָגנ אינ גאָרקיכ.

דאָס מיינט זי די גאָרקיכ פאר קינדער פונ פראָנטאָוויקעס. א סאכ פרויענ קומענ אהינ אינדערפרי און ברענגענ די קינדער א צוגאָב צו זייערע פּאָרציעס עפּעס היימיש געקעכטס, צוקער, ברויט. דאָס הייסט בא אונדז „לעבעדיקע הילפ״. איכ פיל די גרויסע באדייטונג פונ דער מאמענ, און די מאמע לייענט עס אינ מײַנע אויגנ. זי בלײַבט צופרידנ.

מײַנע אומרועג גייענ דורכ. מיר דאכט זיכ, אז באַרעלע איז שוינ ווידער אפּ דער באראטונג. איכ וויל עסנ, גאָר שטארקער נאָכ וויל איכ שלאָפנ. איכ גיב זיכ א לייג אפּ דער טאכטא און שלאָפ אײַנ.

6

איכ כאפּ זיכ אופ פונ א גערויש: פאָרזיכטיקע מענערשע טריט, שטילע שמועסנ און צוגעטויבטע קלאנגענ פונ איבערגעריסענע מעבל. איכ עפנ אופ די אויגנ. אינמיטנ שטוב שטייט טאָליע, אנ אויסגעפוצטער, א פריש־ראזירטער, נאָר מיט א מאָדנע צעדרייטנ אויסזעו. עפּעס ניט אזוי ווי שטענדיק. אלע טישלעכ און בענקלעכ זײַנענ אָפּגערוקט פונ זייערע ערטער, די שאפקעלעכ — אָפנ. די מאמע שטייט אפּ די קני נעבנ דער טומבאָטשקע און זוכט דאָרט עפּעס. טאָליע באמערקט, אז איכ האָב זיכ אופגעכאפּט, און פרעגט מיכ:

— אניוטע, האָסט מײַנע טעזיסנ ניט געזענ? ראָזעווע, אפּ ראָזעווג פאפיר.

איכ קומ צו זיכ און דערמאָנ זיכ גלײַכ: די באראטונג, באַרעלע, די אוואריע... א פרעג טאָנ בא טאָליענ: „דו האָסט באַרעלענ ניט געזענ?״ ער קענ ווויסנ, און עפּשער נײַנ? אזא צעטראָגענער מאלעכ. צו וואָס דארפ ער די טעזיסנ? מינאסטאמ ארויסטרעטנ אפּ דער באראטונג. ער ארבעט אינ דער היגער אָפּטיילונג פונ „סאָיוז־עקספּאָרטוואציע״, און עפּעס קומענ זיי ניט דורכ מיטנ בוי־טרעסט.

— נײַנ, טאָליע, איכ האָב ניט געזענ די טעזיסנ.

טאָליע קוקט אומבאַהאָלפֿנ אונטער די טישן, אונטער די בענקלעך, רוקט אָפּ צוליב עפּעס דעם עמער אַפּ דער באַנק און מורמלט פֿאַר זיך:

— אַט ניט לאַנג זײַנען זיי דאָ געווען.

ער בעט די מאַמע:

— מאַמוסיע, עפֿנ מיר די פּײַער־קאַסע!

די „פּײַער־קאַסע" — דאָס איז אַ פּאָשעט הילצערנ קעסטל, וווּ מיר האַלטנ אונדזערע דאָקומענטנ, געלט, אָבליגאַציעס. דאָס קעסטל שטייט בא דער מאַמען, ווו עס שטייען אײַנ אַלע אונדזערע ווערטפֿולע זאַכנ. טאָליע האָט אַ טעווע שטופּנ אינ „פּײַער־קאַסע" אַלץ, וואָס אים קומט נאָר אונטער דער האַנט.

די מאַמע עפֿנט די „פּײַער־קאַסע", טאָליע הייבט דאָרט אָנ נישטערנ און פּלאָנטערט דאָרט אַלץ איבער. דערנאָך שטעלט ער אַרופּ דאָס קעסטל אַפּ צוויי בענקלעך און זאָגט מיט אַ קינדעריש קאָל:

— מאַמאָטשקע, גיב דו אַ זוך, עפּעס קאָנ איך ניט געפֿינען.

די מאַמע הייבט אָנ זוכנ, זי שטייט מיטנ פּאָנעם צו דער שײַנ, מיטנ רוקנ צו מיר.

טאָליע גייט צו און שטעלט זיך אַנידער גלײַך אַנטקעגנ מיר.

וואָס באַטײַט זײַנ קוק? וואָס?

איך הייב זיך אונטער. איך דרינג אַרײַנ אינ זײַנ בליק.

וואָס וויל ער זאָגנ? וואָס?

מיר זײַנען געוווינט רײדנ צווישנ זיך מיט די אויגנ, נאָר איצט קאָנ איך אים ניט פֿאַרשטיינ.

זײַנע אויגנ ווערנ גלאַנציקער, קײַלעכדיקער.

...באַרעלע!!! — שרײַ איך אויס ניט מיט מײַנ קאָל און פֿאַל אַפּ דעם קישנ און רײַס מיר שיר ניט אויס אַלע האָר...

ניינ — איך שרײַ ניט אַפּ אַ קאָל. די מאַמע קאָנ דערהערנ. די מאַמע דאַרפֿ מען היטנ. זי האָט אַ שוואַך האַרץ, נאָר טאָליע דערזעט דעם ווילדנ אויסגעשריי אינ מײַנע אויגנ. ער קערעוועט זיך אָפּ אינ אַ זײַט, הייבט גאַרלעסדיק אויפּ דעם קאָפּ און זאָגט מיט אַ טרוקענעם אומצופֿרידענעם טאָנ, זיך ווענדנדיק צו דער מאַמען:

— מאַמוסיע, דו זוכסט ניט דאָרט, ווו מע דאַרפֿ.

דאָס דאָזיקע איז געזאָגט געוואָרנ ניט צו דער מאַמען, נאָר צו מיר. טאָליע דרייט זיך אַוועק און גייט אָפּ אינ אַ זײַט. איך אָטעם

אָפּ א ביסל, אַפּאַנעמ די געפאר איז ניט אזוי גרויס, ווי איכ האָב געמיינט. וואָס אָבער ווייסט ער, טאָליע? ווִאזוי צווינגט מענ אימ צוגיינ? איכ הייב אָנ קלאַפּנ מיט מײַנ זייגערל אינ דער טומבאָטשקע.

טאָליע זאָגט:

— וועסט צעברעכנ דעמ זייגער... — אונ צוגייענדיק צו דער מאַמענ, זאָגט ער ווײַטער:

— געדולד, געדולד. דאָס איינציקע מיטל — געדולד.

דאָס דאָזיקע איז ווידער געזאָגט צו מיר אונ, עפּשער, אויכ צו זיכ אַליינ.

צי ער ווייסט טאַקע עפּעס? צי רעדט ער וועגנ עפּעס אַנדערש? נאָר די מאַמע האָט שוינ געכאַפּט די אומגעוויינלעכקײַט פונ זײַנע רייד. זי הייבט אופ דעמ קאָפּ אונ כאַפּט א קוק אָפּ אונדז מיט כשאַד.

דערנאָכ נעמט זי ווידער נישטערנ אונ געפינט פלוצעמ די טעזיסנ.

טאָליע ווערט מאָלע־גדולע. אָט איצט וועט ער אָפּריידנ זײַנ רעדע אָפּ דער באַראַטונג אונ וועט פאָטער ווערנ פונ איר. זי שטייט אימ ווי א ביינ אינ האַלדז, — אזוי זאָגט ער.

— רייד אָפּ אונ קומ גלײַכ עסנ וועטשערע, — זאָגט די מאַמע, — דער זייגער איז האַלב איינס.

— איבערגעפוצעוועט ספּענסערנ, — לאַכט פארנ אוועקגיינ טאָליע. ער וויל אונדז ניט איבערלאָזנ אינ אַנ אומעטיקער שטימונג. איכ זע, ווי ער זוכט. אינ קאָפּ עפּעס א כאָכמע. ער זאָגט: — איכ וועל באַלד פונעמ בוי־טרעסט מאַכנ א מאָטשענקע. איכ וועל זיי מאַכנ א „זאַקוציע".

טאָליע האָט שטאַרק ליב פארשיידענע אַלטמאָדישע אויסדרוקנ. „זאַקוציע" האָבנ אונדזערע עלטערזיידעס פארגרײַזט פונעמ וואָרט „עקזעקוציע", וואָס האָט אינ זייער צײַט באַטײַט שמיץ, קלעפּ, ניקאָלאַיעווסקע שפּיצרוטנס, נאָר דאָס וואָרט איז אזוי קאָמיש, אַז איכ הייב אָנ לאַכנ, אָט דאָס טאַקע דאַרפ טאָליע. ער געזעגנט זיכ אָפּ אונ גייט אַרויס, אונ ביים ער גייט אַרויס, זע איכ אינ זײַנ בליק, אַז ער איז זייער ניט רויק.

די מאַמע שיט אָנ א ביסל הירזש אינ אַנ עודנ שיסעלע אונ הייבט עס אָנ איבערקלײַבנ פאַר דער מאָרגנדיקער קאַשע. זי האַלט דאָס שיסעלע נאָענט צו אירע קורצזיכטיקע אויגנ אונ יאָגט זיכ מיט גרויס

ערנסט נאָכ יעדנ זעמדעלע, נאָכ יעדנ שטיקעלע שאָלעכצ... אירע גרויע קוטשערנ שײַנענ ווי זילבער. זי איז, ווי שטענדיק, שיינ פארקעמט און אָנגעטאָנ מיט געשמאַק.

פלוצעמ שטעלט זי אוועק דאָס שיסעלע אונ קערעוועט זיכ אוים צו מיר. זי פרעגט הארב:

— אניוטע, וואָס איז געשענ?

איכ מאַכ זיכ ניט וויסנדיק:

— וואָס האָט געזאָלט געשענ?

נאָר די מאַמע כאַזערט איבער:

— וואָס איז געשענ? אי דו אי טאָליע זײַט איר זייער „ראַסטראָיעט". זאָג מיר בעסער דעמ עמעס.

זאָג איר דעמ עמעס! איכ קאָנ איר זאָגנ: דער קאָפּ טוט מיר ווײ, איכ בינ אופגעשטאַנענ זעקס פארטאָג, איכ בינ געווענ דעזשורנע, ארומגעטרייסלט זיכ רײַטנדיק אפּ א שלעכט פערד, נאָר עס וועט דענ העלפנ? זי וועט ניט גלייבנ. דעריבער זאָג איכ:

— איכ האָב זיכ צעקריגט מיט די בויער.

— פארוואָס?

— ווײַל זיי זײַנענ אויסוואורפנ, — אינ מײַנ קאָל ציטערנ אזעלכע אופריכטיקע טרערנ, אז די מאַמע הייבט מיר אָנ א ביסל גלייבנ. זי האָלט פאר מעגלעכ מאַכנ מיר א באַמערקונג:

— דריק זיכ ניט אוים גראָב. ס'איז א מיִעסע מידע, קאָנסט זיכ נאָכ צוגעוווינענ. פארוואָס, פונדעסטוועגנ, האָסטו זיכ מיט זיי צעקריגט?

גיי דערצייל איר די גאנצע מײַסע! נאָר פארשווײַגנ איז נאָכ ערגער. איכ גיב איר איבער מײַנ קריג מיט די בויער. זי איז אויסגעקאָכט אינ אלע קלייניקײַטנ פונ דער בויונג אונ איז אויסער זיכ, אז זי דערוויסט זיכ וועגנ סובאָרדינאַציע-גרובנ. פארמאַכט דעמ נומער פיר, אויסגעשעפּט דעמ מאַגנאַנ־ארצ! ס'איז דאָכ הימל עפנ זיכ!

— נו, אונ מיר זײַנענ ניט גערעכט?

זי טראַכט א ווײַלע אונ געפינט, אז ביידע צדדימ זײַנענ אומגערעכט, אזוי איז בא איר שטענדיק, נאָר זי איינע איז שטענדיק גערעכט, זי גיט צו:

— איך בין געווען אַזוי אומרויִק, איך האָב געמיינט, עפּעס מיט אריקן.

אריק איז מײַן זון, דער יונגיטשקער לייטענאַנט, וואָס ליגט איצט אין קויבישעווער שפּיטאָל.

— ניין, ניין, בײַ אריקן איז אַלץ אין אָרדענונג, דו האָסט זיך געלייענט הײַנט דעם בריוו.

זי באַרויִקט זיך און נעמט זיך ווידער צו דער היריזש.

אין טיר גיט מען אַ לײַכטן קלאַפּ, די מאַמע גייט אַרויס און באַלד גייט זי אַרײַן צוריק.

— ווער איז דאָס, ווער?

— ס'איז דאָרע (די שכנה), אָפּגעבראַכט דאָס וואַש־ברעטל. דאָס קומט זי פֿון דער באַראַטונג, ס'האָט זיך דאָרט נאָך ניט געענדיקט, ס'איז שוין אָבער נאָך איינס.

— וועגן וואָס רעדט מען דאָרט?

— זי זאָגט: מע קריטיקירט די וועג־אַרבעטן.

די שכנים אין אונדזערע הײַזער לעבן פֿאַרשיידענע כּפֿייצים איינער בײַ דעם אַנדערן. מיר זײַנען אַלע געקומען אַהער אָן שטוב־באַלעבאַטישקײַט, דערפֿאַר אָבער געפֿינט זיך אין יעדער שטוב כּאָטש איין נייטיקע זאַך: דאָ — אַ שער, דאָרט — אַ פּרעסל, אַ וואַש־ברעטל, און אונדזערע באַלעבאָסטעס זײַנען רײַכער אין באַלעבאַטישקײַט. ווי אַמאָל אין אונדזערע אַלטע היימען, ווײַל זיי גייען צו די שכנים, ווי צו זיך אין קאַמער אַרײַן, און קיינעם שײַנט עס ניט מאָדנע. און דאָך איז מיר אַ וווּנדער אויף דאָרען — זי וואָלט, דאַכט זיך, געקאָנט אַנקלאַפּן מאָרגן אינדערפֿרי. אַך, ווען מע קאָן זי אַ פֿרעג טאָן, וואָס הערט זיך דאָרט?

די מאַמע זאָגט:

— ליג זיך, טאָכטער, שלאָפֿן, נעכטיק הײַנט בײַ מיר, נאָ דיר דעם קישן.

„דער קישן" הייסט בײַ איר דער קישן פֿון „עמעצס פּעדערן". זי לייגט אים מיר אונטערן קאָפּ. איך ליג האַלב שלעפֿעריק, האַלב וואַך, דער לאָמפּ שײַנט אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. די מאַמע קלײַבט איבער די היריזש. אין דרויסן רעדט ערגעץ אַ ראַדיאָ...

און ערגעץ ווײַט דאָרט בלאָנדזשעט אַרום באַרעלע מיט זײַנע כאַווערים און פֿאַר קעלט נורען זיי זיך אין זייערע נידעריקע זומער־

דיקע קאָלנערס און קריכן אַרײַן אין זיי. ביז איבער דער קין. און ווײַטער, ווײַטער אַף מײַרעוו ליגט אין שפּיטאָל מײַן ייִנגעלע אַריק, וואָס האָט שוין איצט יעדן פֿרימאָרגן 36,9 און יעדן אָוונט ניט מער ווי 37,5, און אַז ער וועט ווערן געזונט, וועט ער ניט אוועקפֿאָרן אַף אַ שטעקעלע רײַטנדיק צו דער מאַמען אין פּעלענע אַרײַן, נאָר ער וועט אַוועקפֿליִען אַף אַן אַעראָפּלאַן פֿון דער נײַסטער קאָנסטרוקציע אַהין, וווּ די מאַמעס פֿאַרלירן זייערע רעכט... און ערגעץ ווײַט, ווײַט דאָרט ליגט אַ קופּע פֿאַרייכערטע ציגל — דאָס איז מײַן הויז אין דער גרויסער אוקראַיִנישער שטאָט. און איך בין דאָ, און גאָר דאָ איז מײַן היים. וואָס זשע איז דאָס אַלץ? אַ פֿאַרפֿלאָנטעניש... עפּעס ציט זיך אַ דינער קלאַנג אין דער לופֿט... איך ווער אַנשלאָפֿן...

7

דאָס מאָל כאָלעמען זיך מיר שווערע, אומרויִקע כאַלוימעס. מיר כאָלעמט זיך, אַז איך לעב מײַן געוויינלעכ לעבן, נאָר עס קומט פֿאָר אַפֿן גרונט פֿונעם יאַם. אַלץ איז ווי שטענדיק, נאָר אַלץ איז געפֿאַרבט אין אַ גרינבלעכן קאָליר און אַלץ איז אָנגעזעטיקט מיט בענקעניש. און אַלץ איז ניט דאָס, וואָס מע דאַרף, ניט אַזוי, ווי מע דאַרף, און גאָרניט גייט מיר ניט אײַן.

איך שווים צו אַ גרויסער גרינבלעכער שטאָט, איך זע אַלע אירע הײַזער, ברייטע גאַסן און פּילשטאָקיקע ביניאָנים און פּלעצער. מיר איז דאָ אַלץ גוט באַקענט, איך ווייס אַלע אַרײַנגענג און אַלע אַרויסגענג. נאָר עפּעס גלוסט זיך מיר ניט אָפּשטעלן זיך אין אָט דער שטאָט, קיין זאַך גייט מיר דאָ ניט אײַן, ס'איז דאָ עפּעס ניט בעשאָלעם, און איך שווים אַוועק ווײַטער. אינמיטן יאַם הייבן זיך אויף גלאַטע, גרינע זאַמד־בערגלעך אָן שום גרעזער אַף זיי. איך שווים צו און לייג זיך אַנידער אַפֿן זאַמד. פּלוצעם הייבט אָן ערגעץ בײַ דער זײַט ריזלען וואַסער, און איך דערהער נאָענט לעבן זיך באַרעלעם קאָל — איך לאָז זיך נאָכן קאָל. עס ווערט אַלץ ווײַטער און ווײַטער, און איך שווים, און עס ברעכן מיר פֿונעם שווימען די אַקסל. פּלוצעם פֿאַרשווינדט דאָס קאָל, און עס הערט זיך נאָר דאָס ריזלען פֿונעם וואַסער, און מיטאַמאָל דערהער איך באַרעלען ריידן האַרט נעבן מיר. איך דערפֿריי זיך שטאַרק. נאָר ער ווערט ווידער אַנשווייגן, און נאָר

דאָס פאַרדראָסיקע ריזלען פונעם וואַסער הערט זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. איך צי זיך אין דער זײַט, ווו כ'האָב ערשט געהערט בארעלעס קאָל, נאָר פּלוצעם גיט א שײַן א בליץ, ס'פליט אַראָפּ א „פוגאַסקע" און צערײַסט זיך...

איך עפן אויף די אויגן. לעבן מײַן קאָפּ פאַרמאַכט די מאַמע דאָס שאַפּקעלע. אַנטקעגן מיר, באַם וואַש־טישל, שטייט בארעלע און וואַשט זיך. איבערן שטול בלאַנקזשעט אַרום טאַליע, דער צעטראָג־גענער מאַלעך. בארעלע האַלט אין איין ריידן. דאָס וואַסער ריזלט און גיסט אָפּ זײַן קאָפּ, אָפּ זײַן האַלדז, אָפּ די הענט... איך קום צו זיך.

— בארעלע! — שרײַ איך אויס און וואַרף זיך צו אים, — בארינקע, טײַערער, וואָס איז מיט דיר געשען?

איך וואַרף זיך אים אַרום אַפן האַלדז, און ער כאַפּט מיך אַרום מיט די עלנבויגנס, ווײַל די הענט זײַנען בא אים נאַס.

— ווייניקער אימפּעט! — זאָגט קאַלטבלוטיק די מאַמע, — לאָז אים זיך אָפּווישן.

נאָר ער ווישט זיך ניט. ער קושט מיך פאַרזיכטיק אין די האָר, אין די אויערן, אין האַלדז, ער זאָל מיך ניט פאַרנעצן, און דאָך בין איך שוין פיטש־נאַס.

— אַן אידיאָט קושט זיך מיט אַן אידיאָטקע, — זאָגט טאַליע, — א בילד פאַר די געטער. א געדולע מיט גריוון.

— בארעלע, זאָג, וואָס זשע איז דאָרט פאָרגעקומען? — בעט איך זיך.

— לאָזן זיי דיר דערציילן, — זאָגט בארעלע.

די מײַסע דערציילט מיר, סאָפּקאַלסאָפּ, די מאַמע, און ס'איז דאָ וואָס צו הערן!

אַז די אַרבעטער זײַנען געקומען פאַרנאַכטלעך אַפן קאַריער, האָבן זיי פאַרלייגט אַמאָנאַל אָפּ א גרויסן שטעטעל אין א טאַל גרויסע בויער־לעכער. זיי האָבן באַשלאָסן אויפרײַסן מיטאַמאָל א גרויסע נאָרמע שטיין, ווײַל מ'האָט זיך געקליבן אָנהייבן בויען א טאַל נײַע אָביעקטן. געטאָן האָבן זיי אַלץ לויטן סיידער — אויסגעשטעלט די וואַך און אונטערגעצונדן דעם שנור. אַז ס'האָבן זיך געענדיקט די אויפרײַסן, האָבן זיי דערזען א מערקווירדיקע זאַך: א טייל שטיינער

זיינען געווען ווייסלעכע, ווי געוויינלעך, און א טייל — שווארצע, ווי סאזשע — ניט אזעלכע, ווי די, וואס מע נוצט בא דער בויונג.

איך הער, און פלוצעם טוט מיר עפעס א בליץ אין מויעך: נאר איך שווייג — ווייטער, ווייטער!

— נו, איז געקומען אדינצאוו און האט ניט געוווסט וואס צו זאגן. האט ער געהייסן פארלייגן א פאר אנדערע אויסגעבויערטע לעבער, פון צוויי פארשיידענע זייטן, האט איינע געגעבן קאלכשטיין. און די אנדערע...

— מאנגאנ־ארץ! — שריי איך אויס.

— נו, פארשטייט זיך, — זאגט בארעלע, — זעסטו שוין, טעכטערל, אז מיר האבן גאר ניט געדארפט אזוי זיך אמפערן. בא אונדז אפן אוראל ווערט מען ניט פארפאלן. אט איז, דאכט זיך, ניט געווען, און אט איז ווידער דא.

— היינט ווו האסטו פארבראכט די נאכט?

— דארטן. אדינצאוו האט מוירע געהאט שטעלן אפ זיך, האט ער מיך ארויסגערופן, און דאס זיינען מיר דארט ארומגעגאנגען ביז אט ערשט — געפרווט דעם באדן. דו ווייסט, ס'איז דארט א שלאל, און אזוי נאענט.

— קומט אויס, בארעלע, אז דו האסט אפגעארבעט די נאכט פאר „זיי", פאר די באשטעלער...

— אוואדע! וואס דען! מיר דארפן דעם מאנגאנ־ארץ? איך האב גוטע עטלעכע שא אפגעהארעוועט פאר אונדזערע טייערע באשטעלער. וואס איך האב זיי אזוי ליב!..

— דו דריקסט זיך אויס ניט פינקטלעך, — פאריכט אים טאטיע, — מע זאגט ניט „איך האב זיי ליב", נאר „איך האב זיי זים".

— נו יא, וואס איך האב זיי זייער זים.

בארעלע באמערקט מיין אנגעכמורעט פאנעם און זאגט:

— ערגער זיך ניט, טעכטערל, איך האב דאך טאקע אין דער עמעסן געארבעט פאר אייך — איינגעריסן די שיך און דורכגעלאזט דעם נארקאמס רעדע. איך בין דאך שווארץ ווי א קוימענקערער פונעם ארץ.

אייגגעריסן, נעבעך, די שיך... נו, זאגט, איז נאך דא אזא בארעלע

אפ דער וועלט? גיט אומזיסט רופט מענ אימ „דער בריליאַנט פונ דער גאנצער וועלט”.

די מאמע שרײַט:

— קינדער, גענוג פלאַפּלענ. גייט עסנ וועטשערע!

די מאמע טיילט די קאשע אפ פיר כאַלאָקימ. די שניר שלאָפנ שוינ — דער זייגער איז דרײַ. דיומע איז אינ שטאָט.

פלוצעמ זאָגט טאַליע:

— מער פונ אַלעמענ האָב איכ הײַנטיקנ אוונט איבערגעלעבט.

— דו?! — שרײַענ מיר אַלע אוימ מיטאמאַל.

— יאָ, איכ, אונ איבער פאנטאַזיעס. איר פארשטייט, איכ קומ אפ דער בעראַטונג, פארשפּעטיקט א ביסל...

— ווי שטענדיק!

— זעצ איכ זיכ אוועק אונ הייב אָנ זוכנ מיט די אויגנ באַרעלנ, אינ ערגעצ איז ער ניטאָ. צומ סאָפ דערזע איכ, אז אינ פּרעזידיומ זיצט יאָזעפאָוויטש, איז מיר אַלצ געוואָרנ קלאָר. איכ האָב באַלד א נעמ געטאָנ דעמ, יענעמ. ביז איכ האָב זיכ דערוווּסט וועגנ דער „אוואַריע”. דאָ איז אפ מיר הימל־און־ערד געפאלנ. אינדערפרי האָב איכ אוועקגעשטעלט ארבעטנ אנ עקסקאוואַטאָר, וואָס גראָבט קאנאוועס ניט ווײַט פונעמ קאריער. באטאָג בינ איכ צוגעפאָרנ געווירע ווערנ אונ טו א פרעג דעמ עקסקאוואַטאָרשטשיק: נו, וויאזוי גייט די ארבעט? ענטפערט ער מיר: „צו גוט. איכ מאכ צוועלפ מעטער א שאָ” (אונ די נאָרמע איז זיבנ מעטער). — „הייסט עס, אז דער גרונט איז א ווייכער?” ענטפערט ער: „דער גרונט איז ניט קיינ ווייכער, נאָר עפּעס איז ער מאָדנע”. איכ גיב א נעמ אינ האנט דעמ גרונט: ער איז געלעכערט אונ פיצעלעכ קאלכ אינ אימ. טראכט איכ זיכ: א צאָרע, דער באָדנ וואלגערט זיכ אָפּ. דאָ, אפ דאָרעמ־אוראַל, טרעפנ אזעלכע זאכנ. דעריבער, אז מע האָט מיר דערציילט די מײַסע מיט דער אוואריע, האָט זיכ מיר גלײַכ פאָרגעשטעלט אנ אונטערערדישער כאַלעל, אונ איר פארשטייט דאָכ וואָס... האָב איכ געוואָלט כאפּנ א מאשינ אונ פלִיענ אהינ, זאָגט מענ מיר: איר זײַט פארשריבנ צומ וואָרט. איכ גיב זיכ א כאַפּ — ניטאָ די טעזיסנ, בינ איכ צוגעלאָפנ אהער — זוכנ די טעזיסנ אונ עפּשער וועל איכ עפּעס הערנ וועגנ דעמ „בריליאַנט”. איר שטעלט זיכ פאָר?

מיר שטעלנ זיכ פאָר אונ ענטפערנ:

— הממם...
ווײַל אונדזערע מײַלער זײַנענ פול מיט קאשע.
בארעלע לויבט:
— א פרעכטיקע קאשע! נאטאליא איוואנאָוונע קומט אנ אָרדענ!
די מאמע ענטפערט:
— ניט נאטאליא איוואנאָוונע קומט אנ אָרדענ, נאָר מיר. ווײַל איכ האָב פונ דער ערשטער מינוט זיכ דערוווּסט וועגנ בארעלעס געשעפטנ הײַנטיקנ אָוונט, איכ האָב אָבער ניט געוואָלט מאכנ קיינ פאניקע.
— דו?! — שרײַענ מיר אלע אויס, — פונ וועמענ?
— פונ נײנענ, דער סעקרעטארשע. מע האָט זי דרײַ מאָל געשיקט הײַנטיקנ אָוונט אהער זיכ אָנפרעגנ וועגנ בארעלענ. ער האָט זיי אפילע ניט אָנגעקלונגענ.
— איכ האָב ניט געקאָנט, מאמע, מיר זײַנענ צו ווײַט פארגאנגענ. פארוואָס זשע האסטו גאָרנישט ניט געזאָגט אניוטענ?
— צו וואָס? מיר וואָלט שוינ דערפונ געוואָרנ גרינגער?!
די ברידער גלעטנ דער מאמעס הענט (קושנ זיכ האָט זי פײַנט) אונ כאזערנ אָנ א סאָפ:
— מאָלאָדיעצ, מאמוסיע!
זיי שפיגלענ זיכ אינ דער מאמעס האָר, אינ דער מאמעס הענט, אינ אירע קליידער אונ, ווי קינדערווײַז, ווי יונגלווײַז, ווי מענערווײַז שרײַענ זיי אויס מיט דער גרעסטער זיכערקײַט:
— מאמוסיע, דו ביסט די שענסטע פרוי אינ דער וועלט!
אונ ווידער צו מיר:
— לערנ זיכ, טעכטערל!
נאָר איכ נעמ שוינ קימאט ניט קיינ אָנטייל אינעמ שמועס. איכ בינ מיד, מיד...
איכ פארוק זיכ אינ עק טיש. איכ פארנורע דעמ קאָפ אינ די הענט אונ אזוי ליג איכ. איכ טראכט: לערנענ זיכ בא דער מאמענ! נאראָנימ! וואָס מע דארפ, האָב איכ שוינ לאנג זיכ אָפגעלערנט פונ דער מאמענ, נאָר וואָס האָב איכ ביכלאל געקאָנט פונ איר זיכ אָפ־לערנענ? קאָנ מענ דענ גלײַכנ מײַנ לעבנ צו דער מאמעס לעבנ? די מאמע איז אלט געוועזנ פערציק יאָר, ביים זי האָט דאָס ערשטע מאָל דערזענ א מילכאָמע, אונ איכ? איכ דערמאָנ זיכ מײַנ לעבנ: די

קינדהייט — אינ דער ערשטער וועלט־מילכאָמע, די פריִע יוגנט — אינעמ בירגערקריג, דערנאָכ די שווועריקייטנ פונ אופבויענ דאָס נייע לעבנ... האָט געוווּסט פונ דעמ אַלעמענ די מאַמע? האָט זי גע־וווּסט פונ די סאַרפּעדיקע ווינטנ פונ אַברייעס? איז זי געשטאַנענ אינ איינ ריי מיט די אַטלאַנטנ, וואָס האַלטנ אַפ זייערע אַקסלענ דעמ ערד־קיילעכ! אונ מיר גלוסט זיכ זיי זאָגנ: קינדערלעכ, איכ בינ א וועטעראַנ! אַמאָל, אינ דער רוימישער אַרמיי, וואָלט מענ מיר שוינ געגעבנ עטלעכע העקטאַר ערד צומ אייביקנ באַזיץ אונ א דעמיסיע ביזנ סאָפ פונ מיינע יאָרנ. נאָר וועד דעמיסיע, וואָס דעמיסיע! קיי־נער טראַכט ניט וועגנ דעמ, אונ איכ די ערשטע טראַכט ניט. איכ טראַכט ניט וועגנ מיינ עלטער, איכ טראַכט ניט וועגנ מיינ געשלעכט. איכ גיי אַרומ אינ מענערשע קליידער, איכ פאָר אַרומ רייטנדיק, אונ מעגלעכ, אַז די מאַמע איז גערעכט, אַז דערפונ ברעכנ מיר אויס די אַקסל, אונ עפּשער פונעמ קלימאַט, וואָס בייט זיכ עטלעכע מאָל אינ טאָג...

איכ הער, ווי די מאַמע זאָגט:

— שאַ, זי איז אַנשלאָפנ געוואָרנ...

אונ טאַליע זאָגט:

— זי האָט זיכ היינט שטאַרק פאַרמאַטערט. זי איז ווידעראַמאָל אַרומגעפאָרנ אַפ דער גרינער קליאַטשע. זיי קאָנענ ניט באַזאָרגנ זייער פּערסאָנאַל מיט פערד־אונ־וועגעלעכ, אָדער באַטש די רייט־פערד צו־פעסטיקנ צו יעדנ באַזונדער, אָנ אַנאָנימקעס.

נאָר באַרעלע קאָנ מיכ בעסער פונ אַלע. ער זאָגט:

— זי שלאָפט ניט. זי איז נאָר זייער מיד.

אונ באַלד דערהער איכ נעבנ זיכ זיינ ליב קאָל:

— א קלייניניקס... א מידינקס... נעבעכ...

דאָס דאָזיקע איז שוינ פאַר מיר צופיל. איכ שפּרינג אופ אונ שריי בייז:

— גלעט מיכ!

באַרעלע „גלעט מיכ“, ער ציט אויס פאַר זיכ זיינ לינקע האַנט אונ גלעט זי מיט דער רעכטער, פונ די פינגער צומ עלנבויגנ, ווי די אַרטיסטנ פונעמ „גאָסעט“. דערביי רעדט ער, ווי זיי, מיט א פּעסטענ־דיק קאָל:

— טעכטערל... קעצעלע... קאָטיקל...

און ער מאַכט אַזעלכע האַוויִעס, אַז מיר קענען אַלע פּאַר געלעכ־טער. דערזען אַזאַ דערפּאַלג, באַוויַזט אונדז באַרעלע זײַנע איבע־ריקע גאָמערן. ס'איז שפּעט, און ער אײַלט זיך, דעריבער מאַכט ער זיי אָפּגיך. און דערפֿון זײַנען זיי נאָך קאָמישער. ער וויַזט, וואַזוי דער דירעקטאָר האַלט אַ רעדע צו די קאַזאַכן, און וואַזוי יאָזעפּאָ־וויטש גיט פּאַנאַנדער די איבערגייענדיקע פּאָנעס און פּלאָנטערט די יונגטלעכע בריגאַדעס, און די מיידלעך פֿון די בריגאַדעס ווישן זיך די אויגן פֿאַר פֿרייד. צום סאָף זינגען מײַנע ביידע ברידער די ליד וועגן דעם פּרעכטיקן „טיטאַניק" און וועגן די מענטשן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט אין שיפֿלעך און זײַנען צוגעקומען צו ניַע, גאַסט־פֿרייַנטלעכע ברעגן:

נעמט אַראָפּ איַך, מײַנע לײַטן, אַ מוסער,
אַז אַ מענטש טאָר זיך קיינמאָל ניט שרעקן.
די כוואַליעס האָבן די שיפֿלעך, אוי, צעשמיסן,
נאָר זיי זײַנען דאָך פֿאַרגאַנגען ביז די ברעגן...

8

די ברידער זײַנען אַוועקגעגאַנגען צו זיך, און איך נעכטיק בײַ דער מאַמען.

מיר גלוסט זיך אָבער ניט שלאָפֿן, איך האָב אָפּגעגעסן און זיך אָנגעלאַכט, און איצט מוז איך עפּעס טאָן, ערגעץ גיין, מיט אײַן וואָרט — זײַן „דיעלנע". מער פֿון אַלץ גלוסט זיך מיר צום נײַעם מאַנגאַן־אָרט — אויסמעסטן אים מיט מײַנע טריט אין דער לענג און אין דער ברייט, אַז די שטיוול זאָלן ווערן פֿול מיט קליינע הרוד־קעלעך אַרט, זיי זאָלן שנײַדן אין די טריט, זיי זאָלן שטעכן אין דער הויט און זאָלן מיך ניט לאָזן גיין. מיר גלוסט זיך אַראָפּוואַרפֿן אַן אַרבל פֿון דער ספּעצאָווקע און אַרײַנקריכן מיט דער נאַקעטער האַנט ביזן אַקסל אין דער בויער־לאָך און אַרויסנעמען זי אין רויטע צעדראַפּעטע פּאַסן, און דאָס פּאָנעם זאָל זיך דערבײַ באַדעקן מיט שוואַרצע פֿלעקן — אויפֿן שטערן און אַרום דער נאָז. מיר גלוסט זיך אָנעמען פֿולע בערעמעס מיט די נײַע און אַלטע רעכטימער און אַרײַנ־רוקן צווישן זיי דעם קאָפּ און שמעקן זיי, פּרוּוון אויף דער צונג... מיר גלוסט זיך נאָך אַ סאַך אַזעלכע זאַכן, נאָר ס'איז פֿיר אַזייגער באַנאַכט, ביז טאָג איז נאָך ווײַט...

— מאמאַטשקע, וואָס זאָל איך עפּעס טאָנ?

— וואָס הייסט, וואָס? לייג זיך שלאָפנ.

— עס גלוסט זיך מיר גיט שלאָפנ.

— נו, פארשטייט זיך, קיינמאָל ניט. ווי בא לײַטנ, ווענ מע דארפ וואכנ, שלאָפסטו, ווענ מע דארפ שלאָפנ, וואכסטו.

— מאמאַטשקע, לאָמיר איבערפּרעסנ דאָס וועש.

— וואָס פאר א וועש? וואָס כאָלעמט זיך דיר?

מיר כאָלעמענ זיך די פרידלעכע צײַטנ. מיר גלוסט זיך, מיר זאָלנ האָבנ א סאך פריש איבערגעטריקנט זויבער צוגעבלאָוט וועש, מע זאָל עס ארײַנטראָגנ פונ דרויסנ, אונ עס זאָל שמעקנ מיט ריינ־קײַט, מיט קראָכמעל אונ מיט ווייכער פרילינגדיקער לופט; מיר גלוסט זיך, אז א סאך זאָל נאָך הענגענ אפ די שטריק אונ רייצנ אונדז פונדערווײַטנ מיט די פרײַנטלעכ־רופנדיקע ארבל פונ די מע־נערשע העמדער. אונ אומעטום זאָלנ זײַנ די פענצטער אָפנ, אונ די לאָמפּנ זאָלנ העל שײַנענ דורכ די פרישע בוקעטנ אונ דורכ די טיור־לענע פאָרהאנגענ, אונ מע זאָל זיך אומעטום ריכטנ אפ געסט, אונ איך זאָל פּרעסנ מיט צוויי פּרעסלעכ מיטאמאָל, איינס אינ די הענט, אונ איינס זאָל גליִענ, אונ איך זאָל שרײַענ א בייזע: „גיכער הענגט אופ די גארדינענ, עס פאלט צו די נאכט", אונ מע זאָל מיר אלע איניינעמ ענטפערנ, טומלענדיק: „שווײַג א מינוט, דער שטרודל ברענט צו".

— מאמאַטשקע, לאָמיר באקנ א שטרודל.

— אניוטע, איך זאָג דיר, לייג זיך שלאָפנ, אָט באלד לעש איך אויס די שײַנ.

— מאמאַטשקע, לאָמיר קויפנ א שפּיגל.

— אניוטע, איך פארלעש די שײַנ. דו האָסט זיך אויסגע־שלאָפנ, אונ איך ניט.

אזוי, איצט זיצ איך שוינ אינ דער פינצטער. טאָנ קאָנ איך גאָר־ניט, גיינ קאָנ איך אינ ערגעצ ניט. איך קאָנ נאָר טראכטנ, אונ טראכטנ האָב איך פונ וואָס: קינד מײַנס, אריק! וואָס טוסטו איצט? איך האלט אינ די הענט דײַנ בילד, א פאָטאָגראפיע, ארויפגענומענ ערגעצ אינ וועג. איך געפינ זי שטענדיק אינ דער פינצטער, ווײַל זי איז אומנאטירלעכ גלאט אונ גלאנציק פונ דער רעכטער זײַט. גאָט באהיט, זי א קוש טאָנ אינ דער זײַט ארײַנ — באלד ווערט א

פלעק אונ א נעפל פארשטעלט אפ שטענדיק דײַנע טײַערע שטריכנ. איכ קוש זי שטענדיק פונ דער לינקער זײַט, אונ מיכ ארט ניט, אויב דער קוש פאלט ניט אפ דײַנע טײַערע אויגנ, וואס איכ בענק אזוי נאכ זיי, מיר איז גוט, ווהינ דער קוש זאל ניט טרעפנ, אלציינס קומט מיר צו א שטיק געזונט, ווײַל דו ביסט מײַנ פרייד אונ מײַנ געזונט, קינד מײַנס. דרייסטער זונ מײַנער, שלאנקער סאלדאט אינ דער גרינ־בלויער פילאטקע, ווהינ קוקסטו פונ אונטער די פארבראָכענע ברעמענ דײַנע? וואס ווילנ זאגנ דײַנע בלוי־גרויע פארשטאנדיקע אויגנ? אכ, דיר איז אויכ אויסגעפאלנ א שטיק פונ אונדזער גוט באקענטער שווערער ארבעט: אויסראטנ די מיסט־גרעזער פונעם פרעכטיקנ גארטנ, וואס הייסט — אונדזער ערד, צעטרעטנ די שלענג אונ עגדעשנ, וואס פארשטערנ אונדזער יאמטעוו. נו, איז וואס, זונו? העכער דעם קאפ אונ שטעל זיכ אינ איינ ריי מיט אונדז, עלטערע! מיר וועלנ דיר דערציילנ א סאד, וואס דו ווייסט אים מינאסטאמ אליינ: אפ דער וועלט איז דא א גרויסער אויצער, אונ דער אויצער הייסט — לעבנ, נאר מע דארפ פארדינענ דאס רעכט צו גענימנ פונ דעם דאָזיקנ אויצער. דערמיט פארנעמסטו זיכ איצט, איז זאל דיר ניט שווער זײַנ דײַנ מי, זאלנ דיכ ניט שרעקנ די שווערסטע געפארנ. פאראויס, קינד מײַנס, דער זיג איז שוינ ניט ווײַט!

איכ לייג אוועק אריקס בילד אפ מײַנ הארצ, אדער גאר דארט, ווו עס געפינט זיכ דאס צארטע גריבעלע באמ אנהייב האלדז. אהינ פלעגט אריק ליב האבנ קינדוויַיז פארוקנ זײַנע פינגערלעכ מיט די לאנגע ברעקעלעכ נעגעלעכ אפ זיי. איכ פלעג קושנ, ווי א דולע, די קלייניינקע פינגערלעכ אונ פלעג באדויערנ, אלעמײַ זײַנענ מײַנע ליפנ אזוי גרויס אונ די פינגערלעכ אזוי קליינ אונ אזוי ווייניק קושנ קאנ איכ שענקענ זיי, נאר אריקל פלעגט פלוצעמ אויסשרײַענ: „א—בו”... אונ פלעגט זיכ מיטאמאל ארײַנבײַסנ מיט זײַנע ווייכע יאסלעלעכ אינ מײַנ האלדז, אונ דעמלט פלעג איכ דריקנ זײַנע טײַערע פיסעלעכ, וואס אפ זיי איז אצינד אזא גרויסע „וואווע”...

איכ טו זיכ אוימ אונ לייג זיכ ארײַנ אינ בעט. איכ דערמאנ זיכ וועגנ דעם נײַעם מאנגאנ־ארצ. בארעלע איז געקומענ אהיימ א גאנצער. מאנגאנ־ארצ האבנ מיר באלד נעבנ זיכ. דער סוינע אנטלויפט אלצ ווײַטער אפ מײַרעוו אונ לײַדט א מאפאלע נאכ א מאפאלע... אכ, ס'איז גוט, מײַנע טײַערע! ס'איז „גימל”, ווי טאליע זאגט.

און אין מײַן זײַקאָרן קלינגען אָפּ די ווערטער: די „רײַכטימער פֿונעם היגן קאַנט קאָן מען נאָר פֿאַרגלײַכן מיט די רײַכטימער, וואָס געפֿינען זיך אין דער אינערלעכער וועלט פֿון די מענטשן, וואָס בויען דאָ...״.

א ווייכע שײַן גיסט זיך אין פֿענצטער אַרײַן, דורכגעשניטן מיט די בליצן פֿונעם עלעקטראָ־צעכ. מײַן קינדס בילד ליגט אָפּ מײַן הארצן. מיט דער לינקער זײַט צו מיר, מיטן פּאָנעם געווענדט צו דער גאָרער וועלט. איך נעם אַראָפּ דאָס בילד און לייג עס נעבן זיך. איך כאַפּ אַרום מיט ביידע הענט דעם קישן פֿון די עמעסע פֿעדערן און ווער אנשלאָפֿן. א גוטע נאַכט!

## דעם זיידנס קינדער

### 1

— היינט פאָרן מיר צום זיידנס קינדער, — זאָגט מוניע אין איי־נעם א זונטיק אינדערפרי, — היינט אפּ געווים. גא דיר מיין האנט.

פארוואָס זאָל טאניע ניט נעמען איר מאנס האנט? פארוואָס זאָל זי ניט באטראכטן דאָס ווייפלטע מאָל די פארוואקסענע גריבער און די נעט אפּ איר, פארוואָס זאָל זי ניט א רייב טאָן איר באק מיט דער שאָרסטקער דלאָניע? זי לייגט ארוף די האנט אפּ איר האלדז, זי קוועטשט זי צו מיט איר קין, זי פארמאכט די אויגן און טוט זיך א פאָר מאָל א וויג מיט דער טייערער האנט: ליו־ליו־ליו. דערנאָך הייבט זי זי אוף און קוקט דורך איר אפּ דער זון: א וואונדערלעכע האנט! א מענטשלעכע האנט! רויט־גאָלדענע שטראָמען פליסן דורך די לעבעדיקע געווענען. אין הייס־דורכזיכטיקן בלוט באָדן זיך טונקעלע שאָטנס, ווי לענגלעכע קערנער פון א ווילדגעוואקסענער גאָלדענער פיירע — א וואונדערלעכע האנט, איר מאנס האנט, די האנט פון א פראָנטאָוויק, וואָס האָט מיט זיך זיך אומגעקערט אהיים.

— מוניע, דו נארסט מיך ניט אָפּ?

— קינד, כ'האָב דיר געזאָגט דאָך: אפּ געווים. איך מוז דאָרט זיין, צוליב א וויכטיקן איניען...

טאניע שפיצט אָן די אויערן:

— צוליב י ע נ ע ר מ י י ס ע?

מוניע טוט א ציטער און כאפּט א קוק אין ביידע זייטן:

— טאניע, רייד ניט דאָס, וואָס דו פארשטייסט ניט. סע קער זיך צו דיר ניט אָן.

— אָבער מיר פאָרן?

— מיר פאָרן. אפּ געווים.

ס'איז נאָכ זייער פרי. טאַניע נעמט זיכ גרייטנ דעמ פרישטיק. ביידע ריידנ שטיל, קעדיי ניט וועקנ דאָס פיצעלע. דערנאָכ פאַרמישט טאַניע אַפגיכ לאַטקעס אונ גייט זיי באַקנ אינ דרויסנ אַפ דער פליטע.

— אַז דאָס קינד וועט זיכ אופכאַפנ, זאָלסטו א קוק טאָנ.

נאָכ אַפ דער שוועל הערט טאַניע, ווי א שכיינע שרײַט בא דער פליטע:

— אונ דער דאָקטערנס טשײַניק ווו האָט איר אַוועקגעשטעלט? ער וועט אַזוי קיינמאָל ניט אופזידנ...

טאַניע איז די דאָקטערנ, אונ זי דאַרפ, דער טשײַניק זאָל באַלד אונ שוינ אופזידנ. דעריבער גייט זי גיכ צו דער פליטע אונ הייבט זיכ אָנ פאָרענ.

באַלד דערהערט זי דורכנ פענצטער דעמ קינדס געוויינ אונ מו־ניעס דונערדיקע שטימ. זי הייבט אָנ גיכער גרייטנ דעמ פרישטיק. דעמ קינדס שטימ ווערט שטיל, אונ מוניעס שטימ ווערט אויכ שטי־לער. ווער ווייסט, וואָס דאָרט טוט זיכ?

א סאַכ קינדערלעכ זײַנענ געבוירנ געוואָרנ הײַנטיקס יאָר אונ פאַראַיאָרנ, א סאַכ בעבעלעכ טוליענ זייערע צאַרטע פענעמלעכ אינ די פאָטערשע אָפגעבליאַקעוועטע גימנאַסטיאָרקעס, א סאַכ ווייכע צוגעשוואָלענע יאַסלעלעכ בײַסנ זיכ אַרײַנ אינ די גלאַנצנדיקע פאָ־טערשע מעדאַלנ. „הו, הו" — שרײַענ די בעבעלעכ אונ ווײַזנ אַפ די קאָלירטע סטענגעלעכ. אונ די פאָטערס קוקנ זיכ אײַנ אינ זייערע טײַערע קינדערלעכ אונ ווערנ מעשוגע פונ דער אומדערטרעגלעכער ליבע צו זיי. „א־בראַ־בראַ־בראַ" — שרײַענ זיי מיט ווילדע קוילעס אונ בײַסנ זיכ אַרײַנ אינ די ווייכע קליידעלעכ אונ ווינדעלעכ פונ זייערע קינדערלעכ אונ בײַסנ, בײַסנ די בוזיעלעכ אינ זייערע טײַערע בײַכעלעכ, נאָר די בוזיעלעכ שרעקנ זיכ קיינ האָר ניט איבער: זיי פאַרוואַרפנ זייערע ווײַסע העלדזעלעכ אונ לאַכנ, לאַכנ, פאַרגייענ זיכ פאַר געלעכטער. דעמלט ווערנ די פאָטערס ערשט עמעס ווילד אונ פאַרשיקערט. זיי שטעקנ אַפגיכ אַרײַנ די בעבעלעכ ערגעצ צווישנ קישנס אונ קאָלדרעס, צעלויפנ זיכ אונ וואַרפנ זיכ אָנ אַפ זיי מיט פאַרדריקטע פויסטנ, מיט אָנגעגאָסענע אויגנ אונ מיט אומענטשלעכע געשרייענ: „אַכ, דו באַנדיט, דו גאַנעפעצ איינער, אָט מאַכ איכ פונ דיר טאַבעקע!" אונ די קינדערלעכ שרעקנ זיכ ווידער ניט איבער, לאַכנ מיט א געדיכטנ געלעכטער פונ דערוואַקסענע אונ שלוקערצנ

אזש, אונ קרייענ, אונ אז זיי ענדיקנ, קוקנ זיי אפ די פאָטערס מיט ביטרע, לאַכנדיקע, וואַרטנדיקע אייגעלעכ. טאָמער וועט דער טאַטע מאַכנ ווידעראַמאָל די זעלבע שפּיל, נאָר סאַמע אינ אַזאַ מאָמענט רײַסנ זיכ אַרײַנ די מאַמעס מיט אַ געשריי:

— דו ביסט פונעמ זינענ צי וואָס? ווילסט מאַכנ פונעמ קינד אַ קאַליקע?

זיי כאַפּנ דאָס בעבעלע אונ אַנטלויפנ מיט דעמ, אונ די טאַטעס בלײַבנ ניט אַהינ, ניט אַהער.

אַזוי קומט פאָר אינ אַ סאַכ פאַמיליעס, נאָר ניט אַזוי קומט פאָר מיט מוניע זאַלצמאַנ. מוניע האָט אַ גוטנ געהער, וואָס האָט אימ ניט ווייניק געדינט אפנ פראָנט. דערהערט טאַניעס טריט, ווי אָט איצט, כאַפּט ער זײַנ וויטיוטיונטשיקנ אונ שפּאַנט אַריבער איבערנ פענצטער מיט זײַנע צוויי לאַנגע פיס, אונ אַז טאַניע רײַסט זיכ אַרײַנ אינ צימער, זײַנענ זיי שוינ העט־ווו — אינעמ אַנטקעגנדיקנ הויפ, בײַ די קאַהאַנס, פונ יענער זײַט וועג.

דאָרט הייבנ זיכ אָנ די קאַהאַנס הענגענ אפנ קינד. די עלטערע אונ די יינגערע, נאָר מוניע דאַרפ זיי קיינעמ ניט האָבנ. ער דרייט זיכ אויס פונ זייערע הענט אונ גייט אַרײַנ מיטנ קינד אינ גערטנדל, וווּ סע וואַקסט די גוטמוטיקע בוזינע מיט אירע בליטנ, ווי גרויסע ווײַסע טעצעלעכ. דאָרט גייט ער לאַנג אַרומ, צוגעדריקט דאָס בוזיעלע צו זיכ, אונ שווײַגט, אונ דאָס בוזיעלע זיצט בײַ אימ אפ די הענט אויכ שטיל־שאַ, סע רירט זיכ ניט, אונ קיינעמ טשעפּענ זיי ניט, אונ נאָר די בוזינע קוקט אפ זיי מיט די גרויסע בליטנ־טעצעלעכ, ווי מיט שיינע, ווײַסע, גוטמוטיקע פענעמער.

סאָפּקאָלסאָפּ רײַסט זיכ טאַניע אַרײַנ אינ גערטנדל אונ נעמט צו וויטיוטיונטשיקנ. זי טראָגט אימ איבערנ הויפ, אונ נאָכ איר גייענ נאָכ אַלע קאַהאַנס אונ ריידנ מיטנ קינד מיט אַ וויינענדיק־טאדלענדיקנ טאָנ, ווי ס'איז אָנגענומענ צו ריידנ מיט קינדערלעכ:

— וואָס זשע קוקסטו אפ מיר מיט די אויגאַנעס אונ דו ענטפערסט מיר קיינ וואָרט ניט, דו גאַנעוו איינער? (וויטיונטשיק איז אַלט 6 כאָדאָשימ.) וואָס זשע האָסטו זיכ אָנגעוואָרפנ אפ דער מאַמענ? דו קאָנסט אַליינ ניט גיינ מיט די פיסעלעכ?

אינגיכנ שטייט שוינ טאַניע ווידער בײַ דער פּליטע. די שכיינימ

ווייסנ שוינ, אז זי פֿאָרט צום „זיידנס קינדער", אונ גיבנ איבער גרוסנ:

— גריסט אנע אלעקסאנדראָווגנע. אָט דאָס איז א דאָקטער — שוינ איינמאָל א דאָקטער!..

— אונ שפּריניע אלעקסאנדראָווגנע? ניט קיינ טעראַפּעווט — אנ אָקוליסט, נאָר דער עמעסער! מײַנ מאָג געמאַכט פונ בלינד זעעוודיק.

— אונ קלאַרע אלעקסאנדראָווגנע?!

— אונ דאָניטשקע מיט אנדרייענ?!

אלע אפ דער בוױונג קענענ „דעם זיידנס קינדער", האָבנ זיי וויינענ אכט קילאָמעטער פונדאַנענ, אינ דער „וווינ־זאָנע" פונ די „באשטעלער". די פרויענ פונ די אינזשעניערנ קענענ אויכ מיילעכ אלעקסאנדראָוויטשנ, נאָר זיי האלטנ פונ אים ווייניקער. ער איז אנ אינזשעניער בא די „באשטעלער", א קוראַטאָר [1] איבער זייערע מענערס אָביעקטנ אונ „זיצט אלעמענ אינ הארצנ". „ווענ מע זאָל אים הערנ, — זאָגנ זיי, — וואָלט די בוױונג געהאלטנ ווייסט איר וווּ?" אונ זיי ווײַזנ מיט דער האנט ווײַט פונ יענער זײַט פליטע, וואָס דאַרפ באַטײַטנ: „דאָרט, ווו פארדרײַיאָרנ"... אנדערע קענענ אויכ מיילעכס פרוי אונ זייער גרויסנ אייניקל, ווײַל „דעם זיידנס קינדער" זײַנענ שוינ זייער אלט אונ אייניקע פונ זיי האָבנ שוינ אליינ אייניקלעכ.

אינ א האלבער שעה ארום איז וויטיונטשיק שוינ פארפּוצט צו דער רײַזע, מוניע שפּאַנט דאָס פערד־אונ־וועגעלע, אונ טאַניע טוט זיכ אָנ צום פאָרנ. זי שטייט באַם שפּיגל אונ דרייט ארום דעם קאָפּ דעם קאָלירטנ שארפ, וואָס מוניע האָט איר געבראַכט א מאָטאָנע. אינ שפּיגל קוקט ארײַנ א בלייכער אוראלער פרילינג. א לאַנגער גרינער קוסט ציט אויס א שיטערע קוימ ציטערנדיקע צווײַג, אינ ס'איז אפּאָנעם קיל אינ דרויסנ. טאַניענ איז אָבער וואַרעם אונ רויק אפנ הארצנ. זי הערט דורכנ פענצטער קלאַנגענ אונ שטימענ. דאָס פערד־אונ־וועגעלע קלינגט באַם ארײַנגאַנג, וויטיונטשיק שפּאַצירט אפ די הענט בא מורקע קאַהאַנ אונ לאַכט אפ א קאָל, ווײַל נאָכ אים לויפט נאָכ זײַנ צעניאָריק ברודערל אונ שרײַט: „אָט כאַפּ איכ אים!" אונ

[1] א קוראַטאָר פארווירקלעכט דעם טעכנישנ אופזיכט איבער דער בוױונג מיצאַד דעם „באשטעלער".

פאר אכט קילאָמעטער פונדאנענ זיצנ „דעם זיידנס קינדער" מעגלעכ פארטראכטע, מעגלעכ פארכמארעטע, ווי סע טרעפט מיט זיי אָפט די לעצטע צייט, אונ זיי ווייסנ ניט, וואָס פאר א געדולע עס ווארט אפ זיי — איז אָט־אָט קומענ צו זיי זייער טייערע פלימעניצע טאניע, ניט קיינ בלאָנד קינד אפ די הענט פונ איר מאמע, נאָר אליינ א מאמע מיט איר טייער יינגעלע אפ די הענט, מיט איר טייערנ געשענקטנ מאנ... אכ, זי האָט שוינ קיינ געדולד ניט, אזוי וויל זי פאָרנ. זי דרייט גיכ דעם שארפ ארום די האָר אונ קערעוועט גיכ דעם קאָפ אפ רעכטס אונ לינקס, צודריקנדיק מיט דער האנט די קאָקעטישע פאלדנ אונ שלייפנ אפ אים, אונ פלוצעם דערפילט זי, אז זי קענ ניט מאכנ דעם לעצטנ קנופ איבערנ בונט־זיידענעם געפלאָנטער. די פינגער ווערנ ווייכ, די הענט ווערנ מליאָווע, דאָס הארצ ווערט שוואכער, שוואכער... זי ווייסט, בא דער טיר שטייט מוניע. זי שטייט מיטנ רוקנ צו אים, זי זעט אים ניט אינ שפיגל, נאָר זי ווייסט: ער שטייט בא דער טיר, אָנגעשפארט מיטנ קאָפ אָנעם ביישטידל, קוים אָפגעשטעלט דעם דורכגעשאָסענעם פוס אונ פירט מיט דער בייטש איבערנ דיל. טאניע קערעוועט זיכ ניט אויס: נייג, נייג, נייג, אגיט וועט זיינ ווי יענעם זונטיק אונ ווי גאָר יענעם זונטיק, אונ זיי וועלנ שוינ פארשפאָרנ פאָרנ צום „זיידנס קינדער". נייג, נייג אונ ווידער־אמאָל נייג! אונ מוניע טראכט אויכ אפאָנעם דאָס זעלבע, נאָר גיכער טראכט ער גאָרניט. די בייטש שורוועט אלצ שטילער אונ שטילער איבערנ דיל. ער שטייט געווים פארוואָרפנ דעם קאָפ ארופ אונ אפ זיינ פאָנעם נידערט א זיסע רו אונ א ווייכער שלומער, וואָס וויל ניט וויסנ פונ צייט אונ רוים. ערגעצ טוט מענ אנ עפנ א פענצטער, א ווייטער שטראָל טוט א זעצ אינ שפיגל, אפ דער סטעליע צעווייגנ זיכ רעגנבויגנ־כוואליעס — זאָל מענ וויגנ ערגעצ יואכער איג א דייזשקע? נאָר שטילע, שטילע, קוים־באמערקבארע ציִענ זיכ אפנ הימל כמא־רעס — א זילבערנע פראָצעסיע — אונ סע ווערט אלצ ווארעמער, סע דאכט זיכ, אז סע שמעקט מיט עפל־צוויט אונ ראָמאשקעס — טייערער מוניע! טייערער, טייערער מוניע!..

נאָר מוניע גייט שוינ אליינ צו טאניען. די בייטש פאלט אפ דער ערד... ער גייט ווי א בלינדער אונ סע שטערט אים דער דורכגעשאָסענער פוס (געוויינטלעכ זעט מענ דאָס ניט).

— טאניע, — זאָגט ער, — טאניעטשקע, טאניע...

נאָר טאַניע טוט זיכ א קערעווע אונ לאָזט פּלוצעמ ארויס א ווילדנ געשריי:

— מוניע... דאָס פערד... די קינדער...

זי לויפט, ווי א דולע צו דער טיר, נאָר מוניע איז פלינקער. ער שפּאַנט אריבער דאָס פענצטער אונ כאַפּט ארומ דאָס פערד ארומ דעמ האַלדז. ער האַלט עס אזוי אונ קוקט דעמ גלייכ אינ די אויגנ. דאָס פערד ציטערט מיט אַלע איווורימ... פאַרשטענדלעכ זייער גוט: נאָכנ צעניאַריקנ שוריק האָבנ זיכ ארייַנגעזעצט אינ וועגעלע א סאַכ קלייניניקע קינדערלעכ, דער פעטער מוניע זאָל זיי „דורכקאַטאַיענ". דאָס פערד האָט זיכ דערשראָקנ, אונ ווענ ניט מוניע — אָ! נאָר מוניע איז דאָ: ער שטייט לעמ פערד אונ הערט ניט אופ עס צו האַלדזנ. דאָס פערד הערט אופ ציטערנ, לאָזט אראָפּ די אויערנ אונ שמעקט מוניעס אקסל — א ווילער פאַרשוינ מוניע — פּאַרט א באַלעגאָ־לעס א זונ!

דערנאָכ זעצט זיכ מוניע ארופ אפ דער קעלניע אינ „קאַטאַיעט" דאָס קליינוואַרג. זיי זיצנ געדיכט אָנגעזעצט, די גרעסערע האַלטנ אפ די קני די קלענערע, אונ אַלע זייַנענ רויט פונ פאַרגעניגנ אונ האַלטנ די מייַלער אָפנ. מוניע זיצט אפ דער קעלניע א הויכער, מיט א גוטמוטיק־שמייכלענדיק, לענגלעכ קאַנטיק פּאָנעמ, די שיטערע ציינ ווערנ באַלד־באַלד זיכ עפענענ, די ליפנ ווערנ עפּעס זאָגנ טאַניען, האַגאַמ טאַניע איז ווייַט פונ הינטנ. אפ מוניעס באַקנ טונקלט די ברוינלעכע „סטערניע": ערשט נעכטנ זיכ געגאָלט אונ הייַנט שוינ ווידער... ער מאַכט א קרייַז מיט די קינדערלעכ אונ קערעוועט זיכ אוימ צוריק. די קינדערלעכ שרייַענ:

— נאָכ, נאָכ, ביזנ גוס־צעכ...

נאָר מוניע שטעלט אָפּ דאָס פערד אפנ פריערדיקנ אָרט. אפנ גאַנעק וואַרט אפ אימ קוזמענקאָ. טאַניע האַלט וויטיוגטשיקנ אפ די הענט אונ טרעט ניט אָפּ: זאָל מוניע ניט פאַרגעסנ זייַנ צוזאָג, ווייַל ער קענ אָנהייבנ ריידנ מיט קוזמענקאָנ אונ פאַרגעסנ ענדיקנ. נאָר הייַנט קומט פאָר דער שמועס גיכ:

— גוטמאָרגנ, כאַווער נאַטשאַלניק! (ביידע זשמורענ אנ אויג אונ שמייכלענ — ווי לאַנג איז מוניע א נאַטשאַלניק איבער קוזמענ־קאָנ! — געווענ ניט לאַנג ביידע פראָראַבנ). נו, איז וואַזוי?

— אזוי ווי איכ האָב געזאָגט.

— ס'איז אָבער פּאַראַן דערװידערונגען...
— װעל איך באַלד מאַכן אַ סאָף צו די דערװידערונגען...
זײ קוקן אײנס אױף אַנדערן ערנסט און באַדײַטנד, און מוניע זאָגט:
— איך װיל נאָכאַמאָל באַטראַכטן דאָס אָרט. איך װעל דורכ־פאָרנדיק זיך אָפּשטעלן אױפן באַצירק. פאָרט אַהין גלײַך, איך װעל באַלד דאָרט זײַן.
טאַניע װײסט, אַז דאָס רעדט מען פון „יענער מײַסע", נאָר דאָס מאָל פילט זי ניט אַפילו דעם שטענדיקן נײַגיר. אַך, „דעם זײדנס קינדער", װען װעט זי זײ שױן זען!
מוניע זעצט זי אַרײַן מיטן קינד אין װעגעלע, זעצט זיך אַלײן אַנידער לעם איר, נעמט זי אַרום מיט דער לינקער האַנט און ציט אָן די לײצעס. אַלע שכנים שטײען באַם פּאָפּאָר און זאָגן:
— סטשאַסטליװאָ!

## 2

דאָס װעגעלע פליט איבער די גאַסן פון נאָװאָקאַמענסק, איבער די גאַסן פון דער „יונגסטער שטאָט אױפן אוראַל", װי ס'ע שרײַבט װעגן דעם די „פּראַװדאַ". לענגאױס די דאָזיקע גאַסן זײַנען געשטאַנען אַמאָל די פּאַלאַטקעס פון די װואַקזירטע — די ערשטע אײַנװױנער פון נאָװאָקאַמענסק. ניט זײער אַמאָל — פינף יאָר צוריק. אַצינד זײַנען די גאַסן אַרומגעװאַקסן געװאָרן מיט אַ נעץ בײַ־געסלעך — מעלוכישע בױונג מישט זיך מיט אינדיװידועלער, פון די גאַסן זײַנען געװאָרן קװאַרטאַלן, און קײן נעמען האַלטן זיך ניט בײַ זײ — זײ װאַקסן אַרױס פון זײערע נעמען.
— דו װײסט? — זאָגט מוניע, — זײער אָפט פּלאָנטער איך דאָ די הײַזער. די ערשטע טעג נאָך מײַן אומקערן זיך פלעג איך קױם געפינען אונדזער הױז, ניט איבער די הײַזער, נאָר איבער די שטאַלן.
— איבער די שטאַלן?
— װײַל מיר האָבן דאָך פריער קײן שטאַלן ניט געהאַט. אַז איך בין אַװעק, זײַנען דאָך בײַ אונדז קײן שום שטאַלן ניט געװען — װער האָט זײ גענדאַרפט?

— יאָ, יאָ, איך דערמאָן מיך — לעבן יעדער הויז איז געשטאַנען א קאַסטן אַף הייצונג און מער גאָרניט. אַך, ווי לאַנג איז דאָס געווען!

— ניט זייער לאַנג. פיר יאָר צוריק. קיינער האָט ניט געהאַט קיין קי, קיינער האָט ניט געהאַט קיין שאָף. אז איך בין געקומען פאַריקן ווינטער, זיינען אַף אַלע דעכער פון די שטאַלן געשטאַנען סטערדעס היי, און אין אָוונט האָט זיך געדאַכט, אז מע גייט צווישן פעסטונגען און טורעמס.

— יאָ, יאָ. דאָס היי זאָל ניט פוילן... אַך, ווי סע לויפט די צייט! דעמלט זיינען בא אונדז די גאַסן נאָך ניט געווען ברוקירט.

— און אַצינד זיינען זיי ברוקירט?

— אוואדע. אין צענטער.

— און וואָס הייסט בא דיר דער צענטער?

— וואָס הייסט וואָס? דאָרט, ווו ס'איז דער איספּאָלקאָם, דער טעאַטער, דער באַנק...

— דאָס איז־דען דער צענטער? אַצינד איז דאָס עק שטאָט. פרווו באַשטימ, ווו ס'איז איצט דער צענטער?

נאָר מאַניע פרווט ניט. זי ווייס: מוניע ביטרעוועט, ער פאַרעדט איר די ציין, קעדיי זי אָפּווענדן פון די שווערע געדאַנקען, וואָס קומען איר אין קאָפּ אַריין, ביים זיי פאָרן דורך דורכן שיינעם קוואַר־טאַל „ברוסניטשקי״. ער ווייסט זייער גוט מאַניעס געדאַנקענגאַנג און וויל ניט, מאַניע זאָל אַזוי טראַכטן.

דער קוואַרטאַל „ברוסניטשקי״ באַשטייט פון צענדליקער ראָ־זעווע דריי־צימערדיקע הייזלעך מיט עטערניטענע דעכער. מיט וויים־געפאַרבטע פענצטער און מיט געשניצטע גאַנעקלעך — שטיבעלעך, ווי פון גרימס מייסעלעך, מיט ווענט פון פאַסטילאַ, מיט פענצטער פון צוקערקע־גלאָז. סע דאַכט זיך, אז קיין שום בייז קאָן ניט צו־שטיין צו די דאָזיקע פריילעכע נעסטן פון ליבע און זאָרגלאָזיקייט. וואָס פאַר א קאָנטראַסט צו די מאָרעשכוירעדיקע קאָנגלאָמעראַטענע באַראַקעס, ווו סע וווינט מאַניע און וואָס די ערשטע צייט האָבן זיי אויסגעזען פאַר די עוואַקוירטע ווי קעניגלעכע פאַלאַצן! די ראָזעווע הייזלעך קאָסטן ניט טייער — צען טויזנט רובל אַף אויסצאָלן. דער קוואַרטאַל איז נאָענט צו מוניעס אַרבעט, דאָ איז גרינג צו פיטערן א בעהיימע, און פאַר די קינדער מוז מען האָבן סיי אייגענע מילך, סיי א גראַמערע דירע — די מעניע איז נאָר אין מאַניען, וואָס וועט

טאַניע זאָגנ? און וואָס קאָנ טאַניע זאָגנ? סע אַרט זי ניט בלײַבנ אפנ אוראַל — ס׳הייסט, ס׳איז אויכ ניט קאָליר־גלאַט — נאָר מיילע. סע אַרט זי ניט אַפילע פאַרבלײַבנ אינ נאָוואָקאַמענסק, נאָר סע גלוסט זיכ איר ניט באַזעצנ זיכ אינ „ברוסניטשקי”. סע דאַכט זיכ איר, אַז דעמלט וועט זי זײַנ אינגאַנצנ אָפּגעשניטנ פונ דער לעבעדיקער וועלט. אַז סע שטעלט זיכ זונטיק, און סע הייבנ אָנ פאָרנ קיינ נאָוואָקאַמענסק די „פּראָווינציאַלנ” — די אײַנוווינער פונ די ווײַטע הודניקעס און קאָלווירטנ, לאַכט טאַניע צוזאַמענ מיט אַנדערע, וואָס האָבנ געוווינט פאַר דער מילכאָמע אינ מאָסקווע, אינ לענינגראַד, אינ קיִעוו. איר איז מאָדנע צו קוקנ אפ זייערע פײַערלעכע טואַלעטנ און אפ די גרויסע געלטנ, וואָס זיי צאָלנ אײַנ פאַר די בילעטנ אינ טעאַטער, וווּ סע שפּילנ די נאָוואָקאַמענסקער ליבהאָבער. זי ווייסט אָבער, אַז אויב זי וועט זיכ באַזעצנ אינ „ברוסניטשקי”, וועט זי אויכ ווערנ אַזאַ און זי וועט מעגלעכ לאַכנ פונ זיכ אַלײנ. דעריבער קענ זי ניט קומענ צו קיינ באַשלוס, און איר איינציקע האָפענונג איז אפנ זייערנס קינדער — עפּשער וועלנ זיי עפּעס אויסטראַכטנ.

מוניע פאַרערדט איר אַלצ די צײַנער. ער קענ ניט לײַדנ, אַז טאַניע לעבט איבער. סע אַרנ אימ ניט קיינ שום איבעריקע שטרעקעס, ער איז גרייט וווינענ, ווו זי וויל, אַבי זי זאָל ניט צונויפּציִענ די ברעמענ, ווי אָט ערשט.

— הער, ווי פריילעכ מע שפּילט, — זאָגט ער, קוקנדיק אפ רעכטס. אינ דער לופט הערט מענ גאָר נאָענט די קלאַנגענ פונ א באַיאַנ און דאָס טופּענ פונ א סאַכ פיס. מוניע נעמט אַרויס דעמ זייגער.

— אָנ צענ מינוט צענ. נו מיידלעכ! נו, א פ.ז.אָ.!

סע ווײַזט זיכ אַרויס, אַז נעכטנ איז אפ מוניעס באַצירק פאָרגעקומענ אַנ אָוונט מיט פּרעמיעס באַמ אונטערפירנ די בוידעש־סאַכאַקלענ. מ׳האָט געדונגענ א באַיאַניסט ביז דרײַ פאַרטאָג, נאָר דער אָפיציעלער טייל מיט די פּרעמירונגענ האָט זיכ פאַרצויגנ, און די מיידלעכ (צומיינסטנ „אַרויסלאָזניצעס” פונעמ פ. ז. אָ.) האָבנ נאָכ זיכ ניט צעטאַנצט, ווי סע געהער צו זײַנ, ווי דער באַיאַניסט האָט געענדיקט שפּילנ און איז אוועק שלאָפנ. די מיידלעכ האָבנ אײַנגערעדט ווערנ — סטײַטש, אַזאַ אָוונט, מיט אַזעלכע פּרעמיעס! זײַנענ זיי אוועק ערגעצ ווײַט און מאַמעש אַרויסגעשלעפּט פונעמ בעט אַנ אַנדער באַיאַניסט, וואָס שפּילט ביז איצט. ביים מ׳האָט אימ געזוכט

און ביז מ'האָט אים געבראַכט אהער, האָבן א סאַך מיידלעך באַוויזן כאַפּן א דרימל, און איצינד אַפּאָנעם טאַנצן זיי נאָך אַלץ.

— געדענקסט דעם פּ. ז. אָ.? — פרעגט מוניע.

צי געדענקט טאַניע די מיידלעך פון פּאַבזאַוושול, וואָס זיינען געקומען אהער איינציַיטיק מיט איר?

זי געדענקט זיי גוט, די דרײַצן־פערצן־יאָריקע גרינע זשאַבקעלעך, די דאַרע כראַנדיעס אין די פּאַרוואַשענע קליידעלעך מיט וואָוקעס באַ די נעזער. זיי פלעגן זיך דרייען באַ אלעמען אונטער די פיס אין די ערשטע טעג פון דער בויונג, באַגעגענען מיט גרויס היספּײַלעס יעדן נייעם צוג מיט אויסשטאַטונג, מאַטעריאַלן אָדער מענטשן און זינגען אַף קוילע־קוילעס: „קאָמאַנדיר, גערויי, גערויי טשאַפּאַיעוו"...

אַפּט פלעגט אין זייער בלוי־גרויער כאַפּטע באַוויַיזן זיך א בונט־פּאַסנדיק קלייד פון א קליינער טאַטערקע אָדער באַשקירקע און איבערן לאַנגן קלייד פונקט אַזוינע לאַנגע פּילצאַליקע צעפּלעך אונטער א בונטער פּאַטשיילע, און באַלד פלעגט דער בונטער פלעק פאַרשווונדן ווערן — דאָס מיידעלע איז אַף מאָרגן געגאַנגען שוין גלײַך מיט אַלע געקליידט אין דער בלוי־גרויער אוניפאָרם. דערנאָך האָט מען טאַניען געגעבן א צוגאָב־אַרבעט — זײַן א דאָקטער באַ די „פּאַבזאַוו־צעס", און זי האָט זיך נעענטער מיט זיי באַקאַנט. און איצינד זיינען זיי שוין גרויסע און אַרבעטן דאָ באַ מוניען.

דער סטעפּ גייט איצינד גלאַט־גלאַט, ווי א טעלער. פונדערוויַיטן זעט מען דײַטלעך די טאַנצנדיקע פּאָרן, און הינטער זיי — די הויכע כמאַרע פונעם צעמענט־זאַוואָד — מוניעס הויפּט־אָביעקט פון בויונג. וויַטער אַף רעכטס גייט דער דאַמנעבוי, נאָך אים — דער קימאַט פאַרענדיקטער מעכאַנאָ־זאַוואָד און דער קאָקסאָכים, וואָס האַלט זיך אין מאָנטירן. לינקס בויט זיך די „טעצ". אַלע אונטערנעמונגען הייבן זיך, דאַכט זיך, באַרג־אַרויף, נאָר דאָס איז נאָר אַן עפעקט פון דער פרילינגדיקער לופט. זיי שטייען אַף א גלאַטן פליין, סלאָר־געצייכנטע, ווי אין א שיין־געמאָלטן פּרײַזקוראַנט, און רייסן איינס דאָס אַנדערע מיט די רויטע פאָנען איבער זייערע שפּיצן.

דאָס פערד־און־וועגעלע שטעלט זיך אָפּ לעבן א גרויסן הילצערנעם „קרײַז", ווו סע טאַנצן די פּאָרן. לעבן א ווענטל פון גאַקעטע אַקאַציע־ביימעלעך זיצט א בלינדער באַיאַניסט. זײַנע ווײַעס זײַנען צוגויפגעוואַקסן און דאָס פּנים איז צאַרט און ווייך, ווי דער וואָלס,

וואָס ער שפּילט. לעבנ אימ זיצט א יונגע פרוי, וואָס קוקט פאַר זיכ פּונקט אזוי צארט אונ ווייכ, אונ פונ צײַט צו צײַט קערעוועט זי זיכ צו אימ אוימ אונ נעמט אימ שטיל אָנ פאַר אנ אקסל. מיט שטילע באַוועגונגענ גיט זי אימ צו פארשטיינ, וואָס זי וויל, אונ ער טוט איר צוליב, פארלאנגזאמט עטוואָס דעמ מאָטיוו אונ טוט איר עפּעס א זאָג אינ דער כוואליע פונ קלאנגענ.

אצינד לייגט זי ארופ איר האנט אפ זײַנ האנט: זי זעט, אז דער נאטשאלניק איז געקומענ אונ האלט פאַר אַנשטענדיק אָפּשטעלנ די מוזיק. נאָר דער בלינדער ווייסט ניט, פארוואָס דארפ ער זיכ אָפּ־שטעלנ, אונ קוקט אפ איר מיט וווּנדער, מיט פארלעגנהײַט אונ כשאַד. זי זאָגט אימ א פּאָר ווערטער, נאָר ער בלײַבט זיצנ מיט פארוווּנ־דערונג אונ כשאַד אפנ פּאָנעמ.

לעבנ וועגעלע שטייט שוינ קוזמענקאָ. מוניע קריכט ארויס פונ וועגעלע, אונ זיי ווערנ ביידע פארשווונדנ הינטערנ צעמענט־זאַוואָד.

אפנ „קרײַז" שפּאצירנ דערווײַל ארומ די טאנצנדיקע, דאָסראָוו מיידלעכ, עטלעכע מיליטער־לײַט מיט קלינגענדיקע מעדאלנ אונ אָר־דענס, עטלעכע בעוורע — געוועזענע „פּאבזאוועצעס", א מיידל אינ א מאָדנע גענייט זײַדנ קלייד, מיט הויכע „הערנער" שיינ אויסגע־קעמט איבער איר גלאטנ שטערנ, גייט צו צו טאניענ:

— גוטמאָרגנ, טאַטיאַנא אבראמאָוונאַ. איר דערקענט מיכ?

טאניע קוקט אפנ פרישנ ווײַסנ פּאָנעמ, קוימ־קוימ נאָר פאַר־ברענט אפ דער ערשטער זונ. זי קוקט אפ די גלאנציקע אויגנ, וואָס קוקנ מיט דערוואַרטונג ארויס פונ די שמאָלע אויגנ־שפּעלטעלעכ, אונ וויל אומיסטנ ניט דערקענענ. זי זאָגט:

— נו, דאבאיעוווא?..

דאָס מיידל לאכט:

— ניינ!

— ניגמאטולינא!...

ווידער א געלעכטער:

— ניינ!

— וואלייעווא?

דאָס מיידל פארוואַרפט אזש איר פולנ ווײַסנ האלדז, וואָס וועט אינגיכנ שווארצ ווערנ, ווי איר פּאָנעמ. זי לאכט, זי לאכט, זי לאכט...

ארומ אונ ארומ קלײַבט זיכ דער איבעריקער אוילעמ. דער באַיאניסט זיצט א פֿארגעסענער אליינ. זײַנ פּאָנעמ איז, ווי בא אלע בלינדע, פֿארהויבנ שטאָלצ אונ שמערצלעכ ארופֿ. דאָס ווײַב שטייט שוינ באגלײַכ מיט אלע ארומ טאַניענ, אונ טאַניע האלט, אַז ס'איז שוינ צײַט דערקענענ דאָס מיידל. זי מאכט א פֿארטראכט פּאָנעמ, קוקט אָנ די ווארטנדיקע שטיפֿערישע מיידלשע כאַפּטע, די זײַדענע קאָפּטלעכ אונ די אָנגעקרויזטע „הערנער" ארומ זיכ אונ זאָגט, ווי דורכ א גרויסנ צווייפֿל:

— סיפּוטדינאָווא?

פֿריילעכע אַפּלאָדיסמענטנ, געלעכטערנ, געשרייענ באגעגענענ טאַניעס מעלדונג. פּלוצעמ ווערט א טארעראמ. דער בלינדער ציט דעמ באַיאנ, אונ עס דערהערט זיכ א פֿריילעכע רומבע. די יוגנט טאנצט. נאָר באלד באווײַזט זיכ הינטערנ בלינדנ קוזמענקאָ אונ זאָגט עפּעס זײַנ ווײַב אינ אויער. דאָס ווײַבל זאָגט עפּעס צומ בלינדנ, אונ מיטאמאָל ווערט שטיל דער פֿריילעכער מאָטיוו. די פּאָרנ בלײַבנ אינמיטנ דעמ טאנצ מיט אופֿגעהויבענע פֿיס, נאָר זאָגנ דערוועגט זיכ קיינער גאָרניט. מוניע, דער נאטשאלניק פֿונעמ באצירק, שטייט אויכ ניט ווײַט פֿונעמ בלינדנ אונ ווארט אפֿ אימ. ער גייט אוועק מיט אימ אונ מיט קוזמענקאָנ אפֿ רעכטס אונ פֿארלירט זיכ הינטערנ זאוואָד אונ אנדערע ניט־דערבויטע געבײַדעס.

וואָס איז דאָס פֿאר א נײַער פּאָקום?

נאָר טאַניע דערמאָנט זיכ: דער בלינדער איז דאָכ א געוועזענער בוי־מײַסטער, א גרויסער קענער אינ זײַנ פֿאכ. אינ דער מילכאָמע האָט ער פֿארלאָרנ זײַנ ריע, ניט אפֿ שטענדיק, זאָגט מענ. ער היילט זיכ, זײַנ שטעלע ווארט אפֿ אימ, אונ דערווײַל שפּילט ער אפֿ א באַיאנ אפֿ „הולקעס". צוליב וואָס זשע דארפֿ אימ מוניע — צוליב „יענער מײַסע"?

נאָר זיי גייענ שוינ צוריק. מוניע שטייט באמ „קרײַז" אונ דריקט געטרײַ די האנט פֿונעמ באַיאניסט. דער בלינדער גייט אוועק מיט זײַנ ווײַב. די טאנצנדיקע פֿארהאלטנ אימ ניט. זיי זײַנענ שוינ אפּאָנעמ מיד. מוניע גייט צו צומ וועגעלע אונ זעצט זיכ צו לעבנ טאַניענ, איינ פֿוס אינ דרויסנ ארויס, אונ טוט א טרײַב דאָס פֿערדל.

# 3

גוט איז פאָרנ פרילינג אינ סטעפּ צווישנ די פרישע גרעזער אונ טויזנטער טולפּאַנענ — געלע, רויטע, ווײַסע, בלויע! ביים דער ווינט טוט א בלאָז פאָרויס, בייגנ זיי זיכ אָלע צי צו דער ערד, אונ דער גאַנצער שעטעכ איז ווי באַדעקט מיט אָנצאָליקע גרויע רירעוודיקע כנײַעלעכ — בעכערלעכ פונ די בלומענ. טוט דער ווינט א בלאָז אָפּ צוריק, צעבליט זיכ דער סטעפּ מיט טויזנטער פינקלענדיקע איידל־שטיינער. דער ווינט ברענגט מיט זיכ שטויב. דער שטויב שיט זיכ אינ די קאָלירטע קרויגנדעלעכ, נאָר ער בלײַבט ניט אינ זיי. א זעל־טענע פרישקײַט פליסט פונ די ליבע דערפרוירענע גלעקעלעכ — א קילער פרילינג!..

ציענ זיכ נאָכ די לעצטע הײַזער פונ נאָוואָקאָמענסק (ווי גרויס איז איצט פאָרט די שטאָט!), אונ מע זעט שוינ אָפּנ האָריזאָנט די צוויי מאַסיווע טורעמס פונ דער „טעצ“.

קימאַט אַנטקעגנ ווינגנ דעמ „זיידנס קינדער“. טאַניעס האַרצ קלאַפּט. ווי בלוטיק־אייגנ זעט אויס זייער נײַע היימ, אונ ווי ווײַט איז זי, ווי פרעמד איז זי — א מאָדנע שטוב געבויט דאַפּקע פונ גראָבע קלעצער, האַגאַמ וועלדער וואַקסנ דאָ ווייניק — א טונקעלע שטוב. שוואַרצ פונ פיל רעגנס אונ שנייענ מיט פּונקט אַזא שוואַרצער פאָרטקע באַמ טויער אונ מיט א קוסט פרירנדיקער טשערעמוכע לעבנ אים. ווי פרעמד, ווי אומנאַטירלעכ זעט אויס זייער היימ, אונ ווי נאָענט, ווי אײַנגעבאַקנ אינ האַרצנ איז זי.

אַז טאַניע דערזעט נאָר די צוויי טורעמס אָפּנ האָריזאָנט, דאַכט זיכ איר, אַז באַלד וועט זיכ אָפּשטעלנ דאָס וועגעלע לעבנ דעמ זיידנס ציכטיק־ווײַסנ הויז אונ סע וועט זיכ עפענענ דאָס גרינע טירל פונעמ קלייניקנ הייפל אָפּ אוקראַינע. די גרינע פאַרב איז אָפּגעקאַלופּעט, אונ מע זעט אַרויס דאָס געלע האָלצ פונ אונטנ, דעריבער דאַכט זיכ שטענדיק, אַז אָפּנ טירל ליגט א זונ־פלעק אונ אַז פּונקט אַזעלכע זונ־פלעקנ ליגנ אָפּ די אָפּגעקאַלופּעטע פאָרענטשעס פונ דעמ „באַלקאָנ“, ווי מע רופט באַמ זיידנ די קלייניקע גרינ־באַוואַקסענע וועראַנדע. באַלד, באַלד וועט זיכ עפענענ די טיר, סע וועט א שמעק טאָנ מיט דער פּודרע „פערדינאַנד מיולגענס“, מיט זויבער געוואַשענע טיר־לענע פאָרהאַנגענ אונ מיט פרישע מיידלשע הענט, נאָכ קילע אונ

ראָז־געפלעקטע נאַכנ וואשנ זיכ. באלד, באלד וועלנ זיי ארויס אלע
אנטקעגנ: שפּריניע, קלארע, ראָזע, אניע. „מיילעכ, — וועט מענ
שרײַענ, — מיילעכ! ווהינ ביסטו אהינגעקומענ? טאניע איז געקו־
מענ! טאניע מיט מוניענ מיטנ קינד! שיִע, ווו ביסטו? שיִע?". אונ שיִע
וועט זיכ באווײַזנ מיט א האנטעכ אונ וועט, פּונקט ווי דער זיידע,
ווישנ די הענט ביז דער לעצטער מינוט אונ קושנ זיכ אונ נעצנ מיטנ
האנטעכ אונ אנטשולדיקנ זיכ: „איכ בינ גלײַכ פונ דער לאבאָראַ־
טאָריע". דערנאָכ, נאָכ אלע אָוואציעס אונ היטפּײַלעסנ, וועט זיכ
ערגעצ פונ א ווינקל אופהייבנ מיילעכ אונ וועט זאָגנ: „נו, נאט אײַכ
שאָלעמ־אליייכעמ", אונ אלע וועלנ פרעגנ: „ווו ביסטו געווענ?", אונ
מיילעכ וועט קאלטבלוטיק ווײַזנ אפ א בענקל אינ א ווינקל, קימאט
אינמיטנ שטוב: „אָט דאָ־אָ!".

— גיכער, מוניע, גיכער!

מוניע טרײַבט אונטער דאָס פערדל. די צוויי טורעמס ווערנ נע־
ענטער, נעענטער...

— „לאָוקע" זײַנענ געמאכט דאָ די גראדירניעס, — זאָגט מוניע,
ווײַזנדיק מיט דער בײַטש אפ די צוויי טורעמס, — א סאכ ראציאָ־
נעלער, ווי די פּאָנטאנטשיקעס.

די טורעמס, הייסט עס, זײַנענ גראדירניעס. טאניענ איז אלציינס.
זי ווייסט נאָר, אז בײַ זי גיט א קוק אפ זיי, קלאפּט זיכ איר דאָס
הארצ, אונ איר דאכט זיכ, אז סע שמעקט מיט „פּע־דינאנד מיגל־
גענס" אונ מיט די בלויע בלומענ, וואָס וויקלענ ארומ דעמ זיידנס
„באלקאָנ".

דער לעצטער קילאָמעטער. דאָס פערדל שטעלט זיכ אָפּ באמ
טויער. ווו איז דעמ זיידנס ווײַס הויז? ווו איז דער „באלקאָנ" מיט
די בלויע פארפלאָנטערטע קווייטנ? באמ טויער איז א שווארצע אָפענע
פּאָרטקע. לעבנ דער פּאָרטקע פרירט א קוסט טשערעמוכע אונ סע
שטייט שפּריניע. אכ, ווי אלט, ווי אלט איז זי געוואָרנ! מיטנ זײַדע־
נעמ טיכל, אונטערגעבונדנ, לויט דער מאָדע, אונטערנ קינ, זעט זי
אויס, ווי די באָבע אפ דער עלטער. אירע אויגנ זײַנענ ווי פארוויינט.
זי דערקענט ניט קיינעמ אפּאָנעמ, נאָר פונ פענצטער דערהערט זיכ:
„טאניע! טאניע מיט מוניענ מיטנ קינד!" אונ באלד שיטנ ארויס
צומ טויער קלארע, ראָזע, אניע אונ קלארעס ניט לאנג כאסענע
געהאטע טאָכטער דאָניע אונ איר יונגער מאנ נאָכ אינ מיליטערישע

קליידער. מע רינגלט ארום דאָס ווענעלע, מע כאַפּט וויטיונטשיקעס אויף די הענט, מע שרייַט — „ווו איז מיילעכ? מיילעכ! ווּהין איז אהינגעקומען מיילעכ? און שוין ווו איז?"

באַלד זיצט שוין טאַניע באַם טיש און קושט זיך נאָך אַלץ מיט די לערנערס (אַזאַ פאַמיליע טראָגט דעם „זיידנס קינדער"). די מומעס לייגן צו פּעסט צו אירע ליפּן זייערע פּוכקע־צונויפגעצויגענע און נאָך אַלץ שיינע מײַלער און בלײַבן אַזוי שטיין אַ אויגנבליק, ווי איבערגיסנדיק אין איר זייער גאַנצע ליבע און געטרײַשאַפט. זיי טשמאָקען נישט, זיי ריידן נישט און גייען דערנאָך אָפּ, ווי נאָך אַ וויכטיקער, פּילבאַדײַטנדיקער אַרבעט.

אין קיך גרייט מען צום וואַרמעס לעבער מיט ציבעלעך, אייער מיט ציבעלעס, פּאַסאָליעס מיט ציבעלעס, פּונקט ווי אַמאָל אינעם ווײַסן הויז אויף אוקראַינע. די מומעס דרייען זיך אַרום, און אין זייער גיכן גאַנג דאַכט זיך, אַז זיי האָבן זיך גאָר נישט געענדערט און זיי וועלן זיך אָפּשטעלן, ווען מען דערזעען זייערע לאַנגע שוואַרצע צעפּ, וואָס ציִען זיך ביז די קני איבער זייערע אויסגעגייטע שוואַרצע „קאַסאָוואָראָטקעס", און פון צײַט צו צײַט בלײַבן זיי טאַקע שטיין און פרעגן פּלוצעם:

— ווו זאָלן זײַן די קינדער?

נאָר דערמלט זעט מען נישט קיין שוואַרצע צעפּ — פון אונטער די זײַדענע טיכלעך און בערעטן שטעקן אַרויס גרוילעכע האָר. ווער סע זײַנען די „קינדער", ווייסט טאַניע און אַפילו מומע זייער גוט: ס'האַנדלט זיך וועגן מיילעכן און שוין, וואָס זײַנען ערנסטע אונטערקעגנגאַנגען. טאַניעס מוטער, די עלטסטע אינעם זיידנס געזינד, האָט אין די ווײַטע אַמאַליקע יאָרן דערצויגן און געשטעלט אויף די פיס אַלע אירע פּילצאָליקע ברידערלעך און שוועסטערלעך (די באָבע איז געווען אַ קרענקלעכע) און האָט זיי גערופן דערבײַ „די קינדער". שפּריניע, דער באַרימטער קיִעווער אַקוליסט, שטייט אַצינד באַם פענצטער, קוקט באַהאַלטן־מאָרעשכוירעדיק (קעדיי נישט פאַרשטערן אַלעמען די פרייד) און צופּט די קליינע פּאַסמעלעך האָר, וואָס שטעקן זיך אַרויס פון אונטער איר טיכל — אַזאַ טעווע האָט זי. ווו זשע זײַנען פונדעסטוועגן די „קינדער"? קלאָרע דערקלערט:

— די קינדער זײַנען געגאַנגען קויפן אַ קו.

מוניע קוקט אפ קלארענ אונ דערנאָכ לאנג אפ טאניענ. אלע פאר־
שטייענ: דעמ „זיידנס קינדער" בלײַבנ אפ אוראל. מײלעכ האָט
אויסגעפירט זײַנס, ווי שטענדיק. ער קאָנ זיכ ניט שיידנ מיט דער
בויונג. אונ שפּריניע קאָנ זיכ ניט שיידנ מיטנ געדאַנק וועגנ דעמ
ווײַסנ הויז אפ אוקראַינע. אזוי, אזוי. „אצינד פארשטייסטו, טאַ־
ניע?"—זאָגנ מוניעס אויגנ. נאָר טאניע פארשטייט אצינד ביכלאל
גאָרניט. עפּעס פלאָנטערט זיכ בא איר אינ קאָפּ. א מאָדנער נעפּל פאר־
דעקט אלצ ארומ. פונקט אזא צימער מיט פענצטער אפ דאָרעמ איז פאַ־
ראַנ אינ דעמ ווײַסנ זיידנס הויז. אָט הענגט דאָרט עפּעס א פירעקעכ־
דיקס אפ דער וואנט — א טעפּיכל מיט אנ אויסגענייט בילד: צווײ
צווערגנ באגיסנ א רויטנ שוואָמ. נײנ, נײנ, ניט קיינ צווערגנ דאַרפנ
דאָ הענגענ, נאָר א גרויס בילד, וווּ אָנגעשפּארט אָנ א פּלויט שטייט
א יונגע שיינע פרוי, דעמ קאָפּ אָפּגעוואָרפנ אפ צוריק אינ א שרעק־
לעכער גרימאסע פונ סינע, ארויסרופ אונ פּײַנ. זי האָט ניט גע־
וואָלט גיינ אינ די געוויינלעכע וועגנ, זי איז געגאנגענ, וווהינ איר
הארצ אונ געוויסנ האָבנ זי געצויגנ. אונ דאָס קאָנ איר ניט מויכל
זײַנ דער האָמויִנ, וואָס לעבט מיטנ נעכטנ — שטיינער פליִענ פונ אלע
זײַטנ, נאָר די פרוי שרעקט זיכ ניט פאר דער העצע אונ בייגט ניט
דעמ קאָפּ — אזוי האָט דערקלערט אמאָל טאניענ איר מוטער. א גוט
קרישטאָלנ גלאָז האָט אמאָל צוגעדעקט דאָס דאָזיקע בילד — שוויג
זשע האָט א שטיינ צעבראָכנ דאָס גלאָז, א שטיינ פונ א ווילדער דײַ־
טשישער האנט — נאָכ א שטיינ צו אלע שטיינער, וואָס זײַנענ גע־
פלויגנ אינעמ שטאָלצנ פארפאָלגטנ פרויענ־קאָפּ? אונ קאָנ מענ דערצו
בלײַבנ גלײַכגילטיק, ניט לאָזנ זיכ גלײַכ מיט שפּריניענ אויסזוכנ די
טײַערע שפּליטערנ, באהעפטנ זיי, אופשטעלנ דעמ זיידנס ווײַסנ הויז?
טאניע איז אפ שפּריניעס זײַט אונ קוקט מיט אנ ארויסרופ אפ מוניענ.
אונ וואָס זאָגנ קלארע, ראָזע, אניע, וואָס האָבנ דורכגעמאכט דעמ
לעבנס־וועג צוזאמענ מיט שפּריניענ אונ ניט איינ מאָל געשטאנענ צו־
געשפּארט צומ פּלויט—אָרעמ־באלעבאטישע מיידלעכ, וואָס האָבנ גע־
קעמפט פאר הויכער בילדונג? שווער צו זאָגנ, וואָס זיי טראכטנ. זיי
טראָגנ צומ טיש וואַרעניקעס אינ א היגער אוראלער קאָרטשאגע, וואָס
איז זייער ענלעכ אפ די פּאָרצעלײַענע „וואזעס" אינעמ זיידנס הויז,
אונ ווילנ אפּאָנעמ, אז טאניע מיט מוניענ זאָלנ האנאָע האָבנ. נאָר
עמעצער שטעקט זיכ ארויס פונעמ פענצטער אונ שרײַט אויס:

— שוין דאָ דער שאָדן! אַט גייען שוין די קינדער! און קיין קו האָבן זיי ניט געקויפט.

טאַניע זעט דורכן פענצטער אירע פעטערס. אַט גייען זיי פונדערווייטנס — דער הויכער טרוקענער מײלעך און דער קורצער גראָבינקער שיע (אין דער באָבעס גראָטן). מײלעך איז אַלט באַ די זעכציק און עפּשער מער. שיע איז מיט עטלעכע יאָר יינגער. דער ווינט שפּרייט זייערע ברייטע זומערדיקע מאַנטלען, און סע דאַכט זיך, אַז זיי גייען, ווי אין דער יוגנט, געקליידט אין ברייטע שוואַרצע פּעלערינעס, וואָס שפּילן זיך באַם האַלדז מיט מעשענע קייטעלעך און לייבן־קעפּ. אַז זיי וועלן אויסטאָן די פּעלערינעס, דאַכט זיך, וועלן זיי בלייבן אין ציצענע בלוזעס, „איבערגעכאַפּט אין טאַליע" מיט ברייטע גומעלאַסטיקענע גאַרטלען מיט אַ סאַך לעדערנע קעשענקעלעך אַף זיי, קעשענקעלעך, וואָס מע קאָן אין זיי האַלטן אַ וואָלוול זייגערל, אַ שטיפטל, אַ סוידעספּיל צופּעליק געפונענע שרייפל און אַ שטיקל פּאַפּיר מיט אַ ציטאַטע פון קאַנטן. זיי שטעלן זיך אַריין בייזע און צערייצטע און ווערן פריילעכער ערשט, ווען זיי דערזעען די געסט. מײלעך קאָן זיך פונדעסטוועגן ניט איינהאַלטן און וואַרפט זיך אַרויף אַפן שטילן שיען:

— שלימאַזל! מאַנילאָוו! ס'איז ריין שולד!

— וואָס איז געשען, מײלעך? — פרעגט לאַכנדיק טאַניע (זי איז שוין לאַנג אָפּגעוווינט פון די ווערטער „פעטער" און „מומע", ווייל דעם זיידנס קינדער זיינען איר נאָענט, ווי ברידער און שוועסטער).

— פרעג שיען, וואָס איז געשען! — בייזערט זיך מײלעך, און ניט וואַרטנדיק אַף שיעס ענטפער (אַוודע וועט ער אים לאָזן דאָס מויל עפענען, דעם שלימאַזל!), ענטפערט ער אַליין:

— דו פאַרשטייסט, מיר קומען אַפן מאַרק, איז דאָרט פאַראַן עטלעכע בהמות. איינע איז אַ גאַנץ נישקאָשעדיקע. דאַרף מען וויסן, וויפל מאָל זי האָט זיך שוין געקעלבט. גייט ער צו, דער מאַנילאָוו, און טוט אויס דאָס היטל און זאָגט אַזוי העפלעך, אַז ס'האָבן באַ מיר אָנגעהויבן אַזש ווי טאָן די ציין, ווי פון צו זיסע צוקערקעס: „זייט אַזוי גוט, איך אַנטשולדיק מיך, וואָס איך באַמי אייך, זאָגט מיר, איך בעט אייך, דאָס וויפלטע מאָל האָט זי זיך גע־

קעלבעט?" נו, פארשטייט זיך, זעט מען, אז מע האט צו טאן מיט א פארעצ, זאגט מען א פרייז, אז ס'איז א געלעכטער.

— נו, און איר, וויאזוי וואלט איר געזאגט, מיילעך? — פרעגט מוניע.

— וויאזוי? מע דארפ ניט מאכן קיין געשעפטן: יענער האט קיין צייט ניט גלייך מיט מיר. מע דארפ צוגיין און זאגן קורצ און פעסט אפן היגן לאשן: „קאקאם טעלקאמ"? וועט מען דיר באלד ענטפערן: „פיאטאמ" אדער „שעסטאמ" און מע וועט זען, אז דו ביסט ניט קיין פארעצ.

אלע לאכן, און שיע פארענטפערט זיך:

—איך האב זיך ניט געהאלטן ווי קיין פארעצ. איך האב געקוקט אפן עק. איך האב צעבלאזן די האר. מ'האט מיר געזאגט: אויב צווישן די האר איז פאראן א געלער פעטער פלעק, איז א סימען. אז די מילך וועט זיין פעטע.

אלע לאכן, און גלייך מיט אלע לאכט שפריניע, צום גליק האט זי איינגעהיט איר שיין יונג געלעכטער. ניט קיין גרינג לעבן איז איר אויסגעפאלן. דער זיידע, א בוכהאלטער אין א מיל, האט ניט געהאט קיין מעגלעכקייט צו געבן בילדונג זיינע קינדער. ער האט אפילע ניט געקאנט זיי אויסהאלטן ווי ס'געהער צו זיין, און שפריניע האט אימ פרי אנגעהויבן העלפן, געבנדיק שטונדן. דערביי האט זי זיך אליין געלערנט עקסטערנע און פלעגט פארן אין די גרויסע שטעט אפגעבן עקזאמענס פאר פיר קלאסן גימנאזיע, פאר זעקס קלאסן און פאר „אטעסטאט זרעלאסטי". סאפקאלסאפ איז זי אנגעקומען פאר א „קאמפאניאנקע" אין א רייכער פאמיליע, געפארן מיט איר צוזאמען קיין פאריזש און געענדיקט מעדיצין. קלארע איז דערוויילֿ פארבליבן אן הויכער בילדונג, געענדיקט נאר פעלדשער-קורסן. מיילעך האט זיך געלאזט קיין אמעריקע, געטראפן קיין לאנדאן, געארבעט אפ שווערסטע ארבעטן, אנגעקומען אין דער מעלוכישער שיפ־בויערישער אקאדעמיע, דערנאך זי פארלאזט — ס'האט צו טייער געקאסט — און האט סאפקאלסאפ געענדיקט אפ ארכיטעקטאר. אלע איבעריקע האבן מיט דער הילפ פון די עלטערע געענדיקט דעמ יהריעווער אוניווערסיטעט: אניע — מעדיצין, שיע און ראזע — כעמיע.

אט שטייט ראזע א הויכע, א ברייטביינערדיקע, א פארמלאזע,

מיט א גרויס טונקל פּאַנעם — ניט ענלעך אפּ קיינעם אין שטוב. זי האַלט אין די הענט א הויפן היג געפעס — ערדענע שיסעלעך — און וויל, אפּאַנעם, עפּעס זאָגן. אַלע בלײַבן שטיל. ראָזע רעדט זעלטן, נאָר דאָס, וואָס זי ברענגט אַרויס פון איר מויל, האָט אויך אַן אויס־זען פון א נײַעם סאָרט כעמישן צונויפשמעלץ, ווי די צונויפשמעלצן, וואָס זי אַרבעט איבער זיי אין דער לאַבאָראַטאָריע — אָפּגעוווינגן, איבערגעמאָסטן, אויסגעפּרוּווט אין קאָנטראָל־עקספּערימענטן, אויס־געגרעכנט אין רעאַקציעס און אומבעראַכמאָנעסדיק־ריכטיק.

זי זאָגט:

— צו וואָס טויגן די גייענישן אין מאַרק? כ'האָב געזען אָט ערשט וואָלאָסענקאָן. ער וועט ברענגען אהער זײַן קו. זי האָט זיך גע־קעלבט דאָס דריטע מאָל און גיט עלף ליטער א טאָג. די פּרײַז, ווייסט איר, איז א פּאַסיקע.

אַזוי! אַצינד איז שוין ניטאָ וועגן וואָס צו שטרײַטן. וואָלאָסענ־קאָס קו איז זייער א גוטע קו, און מע וואָלט אַלע געדאַרפט זײַן דאַנקבאַר ראָזען פאַר אַזא לייזונג פון דער פראַגע. נאָר אַלע זאָגן איר אומצופרידן:

— נעכאַמע!

ווײַל אין דער מישפּאָכע איז געווען נאָך איין מענטש, וואָס ראָזע איז ענלעך אויף אים סײַ מיט איר כאַראַקטער, סײַ מיט איר אויסערלעכקײַט — א ווײַטע קרוווע, א מומע נעכאַמע. די מומע נעכאַמע וואָלט אויך ניט פאַרשטאַנען, אַז גאָר ניט וועגן א בעהיימע גייט עס אַצינד, נאָר וועגן דער וויכטיקסטער פראַגע — בלײַבן צי אַוועקפאָרן. און אפילו דער טרוקענער מיילעך, וואָס האָט פאַר זיך געלייזט שוין די פראַגע, האָט ניט באַשלאָסן זי לייזן פאַר די איבע־ריקע — אָט פאַרוואָס ער האָט הײַנט ניט געקויפט די קו אפן מאַרק און ניט איבער שוין העפלעכקײַט.

נאָר מוניען געפעלט דאָפקע ראָזעס כאַראַקטער:

— א דאַנק גאָט, כאָטש איין מענטש אין שטוב. מיילעך איז אויך א „האַמלעט".

ער וואָלט געוואָלט, שפּריניע זאָל אויך זײַן אַזא ווי ראָזע, ווײַל צו שפּריניען האָט ער א וויכטיקן ענין:

— איך וויל אײַך עפּעס בעטן, שפּריניע, — זאָגט ער, — בא אונדז איז דאָ א גוטער אַרבעטער, א דעמאָביליזירטער, וואָס קאָן ניט

ארבעטן — ער האָט פאַרלאָרן די רוּע. עפּשער וואָלט איר אים באַטראַכט? ער קאָן ברענגען א גרויסע נוץ אפן דער בוויונג. ער הייסט בעלאָוו.

— בעלאָוו? — א יענער, וואָס שפּילט אפן באַיאַן? — זאָגט שפּריניע, — ער איז בא מיר געווען, האָב איך דאָך אים געזאָגט, אז ער זאָל נאָר א ביסל זיך פאַריכטן, וועל איך אים מאַכן אן אָפּעראַציע. בא אים איז ניט קיין ערנסטער פאַל. די רוּע האָט ער ניט פאַרלאָרן. בא אים ווערן צונויפגעוואַקסן די ווּעס, ווייל ס׳האָבן אין זיי געטראָפן קליינע שפּליטערן. איך וועל אים מאַכן א פּלאַסטישע אָפּעראַציע — ס׳איז א קלייניקייט. סאָפּקאָלסאָפּ, ער וועט זען...

טאַניע דערמאָנט זיך דעם בלינדנס שטאָלצן און ווייטעקדיק פאַרוואָרפענעם קאָפּ און פילט א גרויסע אכטונג צו שפּריניען. ווי גליקלעך קאָן שפּריניע מאַכן א מענטשן — פאַרוואָס זשע זעט זי אַציננד אוים אומגליקלעך?

מוניע קוקט מיט באַווּנדערונג אפן שפּריניעס קליינע, ווייסע, פּוכקע־געקנייטשטע הענטלעך. וואָס פאַר א קויעך זיי באַהאַלטן אין זיך!

— שפּריניע, אייער אָפּפאָרן פונדאַנען איז א פאַרברעכן! באַטראַכט אייך: אזא גרויסע מידבער אָן אייער הילף...

שפּריניע לאָזט אראָפּ די אויגן און צופּעט די פּאַסמעלעך האָר, וואָס הענגען אראָפּ פון אונטער איר טיכל. דערנאָך הייבט זי אָן קלייבן מיט אירע פינגער די קליינע ברעקעלעך ברויט אפן דער סערוועט, דריקט זיי שטאַרק אָן מיטן פינגער און טראָגט אונטער דעם פינגער נאָענט צו אירע קורצזיכטיקע אויגן. אלע שווייגן געדריקט. פּלוצעם זאָגט קלאַרע:

— איך בלייב דאָ, און אַניע בלייבט אויך...

קלאָר, אז קלאַרע וועט פונדאַנען ניט אוועקפאָרן. איר דאָניעס יונגער מאַן איז א היגער א געבוירענער. זיינע עלטערן, א באַיאָרטע פּאָר קאָלווירטניקעס, קומען צייטנווייז צו איר צוגאַסט מיטן מעכוטאָנים, און קעדיי באַווייזן זייער היינטוועלטיקייט, רופן זיי דעם זון ניט „אַנדרוכא" ווי אין דער היים, נאָר „אַדיק". אַנדריי קען ניט אוועקוואַרפן די בוויונג, און קלאַרע וויל זיך ניט שיידן מיטן פּאָרפאָלק.

נאָר אַניע פאָרט אויך ניט אוועק — דאָס האָט א גרויסע ווערט:

אניע איז א זעלטענער גינעקאָלאָג און האָט דאָ אפ דער בוינג אָפּגעראַטעוועט ניט איין פרויען־לעבן.

מוניע טראָגט איבער זײַנע באַגײַסטערטע אויגן אפ אניען, וואָס מע רופט זי דאָ אין שטוב „קוראָטשקע" פאר איר קליינינק, באַשיירן, שטענדיק־פרירנדיק פיגורל. זי נורעט זיך שטענדיק אין וואַרעמע געאַרבעטע שאַלן און קוקט אַרויס פון זיי טאַקע ווי א הינדעלע פון א נעסט. ווער וואָלט געגלייבט, אַז זי איז פעיִק א סאַך נעכט דורכאַנאַנד ניט שלאָפן און איבערטראָגן די שווערע פיזישע אָנשטרענגונגען, וואָס פאָדערט זיך פון אַן אַקושער — שווערע נעכט אפ דער ווײַט־צעוואָרפענער בוינג אין באַראַקן, ערד־שטיבלעך און בײַדלעך און ווײַט אַפן סטעפ — אין די געצעלטן פון די פּיציכטלער. מאָלאָדיעץ אניע! נאָר וואָס טראַכט זיך פונדעסטוועגן שפּריניע!

טאַניע ווייסט, וואָס שפּריניע טראַכט. זי טראַכט וועגן די בריוו, וואָס זי באַקומט איינס נאָך איינס פון דער ווײַטער אוקראַיִנישער שטאָט, א שטאָט, וואָס מע דאַרף זי גיכער רופן א שטעטל. דער קאָמונאַפּטייל שרײַבט, אַז סאַפּקאָלסאָפּ דאַרף זי געבן ענטפער וועגן דער דירע: אויב זי וועט זי ניט אופשטעלן, וועט זיך נעמען דערצו דער שטאָטראַט. גאָר דעמלט וועט זי, שפּריניע, פאַרלירן די רעכט אפ דער דירע. און די דירע איז דאָך אָפּגעברענט... ניטאָ דער שוינער באַלקאָן, ניטאָ די ליכטיקע צימערן, ניטאָ אפילע די קלאָר־ווײַס געפאַרבטע טירן און פענצטער, געבליבן נאָר די פיר ווענט און צוויי פאַרדאַרטע ווײַנשל־ביימלעך. נו, און די שטאַל? דער קעלער? דאָס „דרויסנדל"? אַך, האָט ליב געהאַט טאַניע „דאָס דרויסנדל" — א קליין שטיקל צווישן הויז און שטאַל, אַרומגעצאַמט פון איין זײַט מיט א פּלויט. דאָרט פלעגט שטענדיק שטיין א מין סאָרט שטעקן, אַרײַנגעגראָבן אין דער ערד מיט א סאַך צווײַגן אין אַלע זײַטן און אפ די צווײַגן פלעגן זיך שטענדיק טריקענען טעפּלעך. אין „דרויסנדל" זײַנען אַרויסגעגאַנגען די פענצטער פונעם זיידנס ביידערל און דורכן פענצטער האָט מען געקאָנט זען דאָס שענסטע בילד אין דער וועלט — אַזוי האָט געהאַלטן טאַניע אין דער קינדהײַט — דאָס בילד פון די „סאַנהעדרין". אפ א ווײַס־בלויען געקעסטלטן דיל אונטער מעשענע זײַלן און זײַדענע גאָלד־קאָלירטע פאָרהאַנגען זײַנען געזעסן אין א האַלבן קרײַז קליינע געל־בלויע מענטשעלעך, וואָס האָבן געהייסן „סאַנהעדרין" — קיין גרעסערע פּראַכט האָט טאַניע

זיך ניט געקאָנט פֿאָרשטעלן. און אַלע געשעענישן פֿון די קינדער־
מײַסעלעך זײַנען פֿאַר איר פֿאַרגעקומען אין דעם דאָזיקן וווּנדער־
לעכן פּאַלאַץ — דער געריכט איבער אַנדערסענס צוועלף שוואַנען,
די ווילדענישן פֿון פֿעראָס בלויבאָרד און אַלע וווּנדערלעכע פּאַלאַץ־
געשיכטעס פֿון גרימס מײַסעלעך.

קאָן מען גלייבן, אַז דאָס „דרויסנדל" איז ניטאָ — אַ גרויסער
און הימלעכער דרויסן שטייט אַרום די לעבעדיקע ווענט — און
די „סאַנהעדרין" זײַנען שוין אויך ניטאָ? שפּריניע וועט אויפֿשטעלן
דאָס הויז און דעם באַלקאָן און די שטאַל און אַפֿילו דאָס „דרויס־
נדל", נאָר ווו וועט זי נעמען די „מעשומעדעס" און די „סאַנהעד־
רין"? זי וועט זיי ניט קענען קריגן און וועט זיי ניט זוכן.

— זי וועט גיין מיט גאָר נײַע וועגן, — זאָגט מוניע, נאָר ער
זאָגט עס ניט דאָ אין צימער — ער איז שוין פֿון לאַנג דאָ ניטאָ.

ער זיצט מיט מיילעכן אינעם שכייִנעסדיקן צימער, און זיי
קוקן איבער עפּעס צייכענונגען. מיילעך דאַרף אָנעמען אינעם נאָ־
מען פֿונעם „באַשטעלער" מוניעס אַרבעט און שטייט מוניען אין
האַרצן, ווי נאָך אַ סאַך אַנדערע אינזשעניערן. ער האָט זיך ניט גע־
קויפֿט קיין ליבע בא זיי און איז קימאַט שטאָלץ דערמיט. דעם נאָ־
מען „פּעדאַנט", וואָס זיי האָבן אים געגעבן, טראָגט ער קימאַט ווי
אַן ערן־טיטל, און ער פֿילט, אַז די „געליטענע" האָבן צו אים אָפּשײַ.
זיי שטאָלצירן אַפֿילו אַ ביסל פֿאַר אינזשעניערן פֿון אַנדערע בוויונ־
גען מיט זײַן סטאַזש, מיט זײַן וווּנדערלעכער קאַריערע (פֿון אַן אַר־
כיטעקטאָר זיך איבערקוואַליפֿיצירט פֿאַר אַ טיכטיקן בוי־אינזשע־
ניער, נאָר ניט אָנגעווירן דאָס אַרכיטעקטאָרישע), מיט זײַן בייז־
קײַט אַפֿילו און מיט זײַנע מאָדנע שטיקלעך.

— פֿאַרוואָס קלערט איר, אַז זי וועט גיין מיט נײַע וועגן? —
פֿרעגט ער בייז בא מוניען.

— ווײַל זי איז אַ בריגאַדע פֿון פּעיִקער יוגנט — די דעמאָבי־
ליזירטע רויטאַרמייער און די אַרויסלאָזניקעס פֿון פּ.ז.אָ.

— און וואָס וועלן זיי אויפֿטאָן אָפּ די נײַע וועגן? — פֿרעגט
איראָניש מיילעך.

נאָר טאַניע וויל ניט הערן ווײַטער. זי טראַכט ווידער וועגן
שפּריניען. וואָס זשע וועט שפּריניע אויפֿהענגען אָפּ די פּריש־אָפּגע־
רעמאָנטירטע ווענט אין דער אויפֿגעשטעלטער שטוב? זי קען אויפֿ־

הענגען די גרויסע פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון דער בויונג, ווי זי האָט געפּאַ־מערט פֿינף יאָר פֿון איר לעבן. וואָס הענגט אין שכײַנעסדיקן צי־מער, זי קען אופֿהענגען וויטיונטשיקס פּאָרטרעט און די ליבהאָבע־רישע פֿאָטאָגראַפֿיע פֿונעם היגן אוראַלער הויז, וואָס איז געבויט דאַפֿקע פֿון גראָבע קלעצער, האַנאָמ אין קאַנט וואַקסן ווייניק וועל־דער, פֿונעם הויז מיט דער שוואַרצער פֿאַרטקע און מיט דער צע־בליטער פֿרײַנדיקער טשערעמוכע באַם טויער. אַז מע טוט אַ קוק אַף דעם דאָזיקן הויז, הייבט אָן קלאַפּן דאָס האַרץ, סע שטעלן זיך טרערן אין די אויגן און מ׳איז גרייט אויסטאָן פֿון זיך דאָס לעצטע קלייד און צודעקן דעם פֿרײַנדיקן קוסט מיט די אָפּגעשיטע בלימ־לעך און אַפֿילע די צוויי טורעמס — די גראַדירניעס פֿון דער „טעץ״, וואָס שטייען אַנטקעגן דער שטוב... אַ סאַך, אַ סאַך אַזעלכע בילדער פֿונעם ווײַטן גאַסטפֿרײַנטלעכן מיזרעך וועלן הענגען אַף מײַרעוו — אַ צייכן פֿון גרויסער מענטשלעכער איינִיקייט און ברידערלעכקייט אין די שווערע מילכאָמע־צײַטן, און העל און רויט וועט זיך הייבן באַ מענטשן דאָס בלוט אין די אָדערן באַם קוקן אַף אָט די ביל־דער — דאָס בלוט פֿון קעמפֿער, וואָס האָבן ניט געוווּסט פֿון שטרײַטן און געטיילט זיך מיטן לעצטן שטיקל ברויט, מיטן לעצטן טראָפּן וואַרעם, מיט דער לעצטער אָנשטרענגונג פֿון די איבערגעמידטע בלוטנדיקע הענט...

פֿלוצעם דערהערן זיך קוילעס פֿונעם שכײַנעסדיקן צימער:

— אוואַנטיוריסטן! — שרײַט דאָרטן מיילעך, — שאַנטאַ־זשיסטן! איך וועל דיר ניט אונטערשרײַבן — ס׳איז קעגן דעם גענ־פּלאַן...

טאַניע האָט אָבער געוווּסט, אַז גוט וועט דאָ ניט זײַן: מוניע מיט זײַנע נײַע אופֿטוען — דער בויער, און מיילעך מיט זײַנע שטיק — דער קוראַטאָר. מוניע ענטפֿערט דעם פֿעטער שטיל, און טאַניע ווייסט, וואָס באַטײַט זײַן שטיל איידל קאָל:

— מיילעך, איר וועט מיר אונטערשרײַבן! און ס׳איז לויטן גענ־פּלאַן. טוט אַ קוק, וועט איר זען...

— שאַנטאַזש! — שרײַט מיילעך, און מוניע הייבט אָן ריידן פֿלוצעם מיטן הויכן אַנטשלאָסענעם „באַלעגאָלישן״ טאָן, וואָס טאַ־ניע האָט אים אַזוי ניט ליב:

— פעטער! איך וועל קיינ סאך ניט ריידנ. איך האָב ניט קיינ געהילצ, אונ איר וועט דאָך מיר ניט געבנ, ווייל איר האָט אויך ניט. מע מוז זיך באַגיינ, ווי מע קאָנ, אָנ געהילצ. מאַך איך א פּרווו. פאַר־שטייט עס. אונ אויב איר וועט ניט פאַרשטיינ, וועל איך אַײַך ניט פרעגנ, איך זועל מיך אָנשפּאַרנ אָפּנ געזעצ.

— שאַנטאַזשיסט! — רעוועט מיילעכ.

אונ טאַניע פליט אַרײַנ קוים א לעבעדיקע אינ צימער. אָפּ די הענט האַלט זי וויטיונטשיקנ אונ שטופּט אים אַרײַנ מוניענ — ס'איז דאָס איינציקע מיטל אײַנשטילנ אים אונ אָפּציִענ פונ ווײַטערדיקנ אָנגריפ. אַלײנ וואַרפט זי זיך צו מיילעכנ, נאָר איר אַנטקעגנ פליִענ פּאַפּירנ, צייכענונגענ אונ א פאָטאָגראַפיע פונ עפּעס א מאָדנע מינ געבײַדע. זי הייבט אוּפ די פּאַטאָ אונ זעט — פיר הויכע ווענט צו־געדעקט מיט א מאָדנעם סאָרט דאַך; דאָס געוועלב פונעם דאַך באַ־שטייט אַלײנ פונ א ריי לאַנגע שמאָלע געוועלבנ, אונ די גאַנצע גע־בײַדע איז ניט קיינ היגע, ווי געבויט ערגעצ אינ א וועלט פונ אַנ־דערע אויסמעסטונגענ — א מאַרסיאַנישע געבײַדע — דאַכט זיך טאַניענ.

נאָר מוניע איז שוינ לעבנ איר אונ רײַסט דאָס בילד פונ אירע הענט. ער גיט איר צוריק אָפּ וויטיונטשיקנ אונ שפּאַנט בייז אוועק פונעם צימער.

מיילעכ שטייט א בלייכער, א לאַנגער, א טרוקענער — סע צי־טערנ אים די הענט.

— טאַניע, — רעדט ער קוים באַהערשנדיק זיך, — דו זעסט?.. דו זעסט?.. דו ביסט אַנ איידעס, דו ביסט אַנ איידעס...

— יאָ, יאָ, מיילעכ, — באַשטעטיקט, שיר ניט וויינענדיק, טאַניע, — יאָ, יאָ, מיילעכ — איך בינ אַנ איידעס...

זי ווייסט אַלײנ ניט, פונ וואָס איז זי אַנ איידעס, נאָר מיילעכ האָט א האַרצ־אַנגינע, אונ גאָט באַהיט צעבייזערנ אים. אונ פונ דער אַנדערער זײַט איז זי דענ ניט קיינ איידעס? זי איז אַנ איידעס אינ מעשעכ פונ א סאַך יאָרנ, ווי מיילעכ שטייט אָפּ דער עמעסער וואַך פונ דער גראַנדיעזער בויונג אינעם לאַנד. ער לאָזט ניט אָפּ זײַנ באַ־שיידענע אונ וויינִיק־פרידלעכע אַרבעט פונ א קוראַטאָר, ווייל ער איז א מענטש פונ גרויסער דערפאַרונג אונ גרויסער געדעכטיקײַט אונ פילט יעדע וווּנד אינעם לײַב פונעם לאַנד, ווי זײַנע אַנ אייגענע.

— אוואנטיוריסטן... שאנטאזשיסטן... — שטאמלט ער שווער אָטעמענדיק, ווי שטענדיק אין א מאכלױיקעס קען ער באַזאָרגן נאָר איין וואָרט, וואָס איז אים אַריַינגעפאלן אין מויל אַריין.

— מיילעך, מיילעך טײַערער! — טאַניע רײַבט זיך מיטן פּאַנעם אין מיילעכס רוקן, ווײַל מיילעך וויל זיך ניט אויסקערעווען צו איר, מוניעס ווײַב. זי געפינט אָבער א מיטל. זי לייגט צו וויטיונטשיקן צו מיילעכס אַקסל. וויטיונטשיק לאָזט אַרויס א „וו־ר־מ־מ־מ"... און כאַפּט אָן מיילעכן פֿאַרן נאַקן, פֿאַרן קאַלנער, קיצלט אים אין האַלדז, און מע זעט, אַז מיילעך פֿילט עס און דולדעט עס אַלץ. וויטיונטשיק בייגט זיך איבער און האַלט זיך שוין קוים בא טאַניען אין די הענט, פּלוצעם קערעוועט זיך מיילעך אויס, א פֿריילעכער, א שטראַלנדי־קער, טוט א כאַפּ וויטיונטשיקן אין די הענט און הייבט אים אויף שטאַרק אין דער הייך...

— קאַוועאַנט קאָנסולעס, — זאָגט ער צו וויטיונטשיקן אויף לאַ־טײַניש (ווי אַלע מענטשן פֿון זײַן דאָר, קאָן ער לאַטײַן), — „זאָלן זײַן אויף דער וואַך די קאָנסולן, די רעפּובליק זאָל ניט ליַידן קיין שום שאָדן". דײַן טאַטע וויל פֿאַרשאַפֿן שאָדן מײַן רעפּובליק רספּסר, און איך וועל ניט דערלאָזן.

וויטיונטשיק באַשטעטיקט מיילעכס געדאַנק מיט א כאַוועראַשן „ארמממ", און מיילעך שווייַגט א מינוט.

— א „דורכוויסיקע"... — זאָגט ער קימאַט מיטן פֿריערדיקן קאָל, ווענדנדיק זיך צו טאַניען.

— וואָס א „דורכוויסיקע"? — פֿרעגט טאַניע.

— א „דורכוויסיקע קו", אַזוי זאָגט מען אויף היגן לאַשן — א קו, וואָס מעלקט זיך דורכויס דאָס גאַנצע יאָר פֿון קעלבל צו קעלבל, — און ער ווײַזט מיט זײַן לאַנגן דאַרן קין אויפֿן פֿענצטער.

הינטערן פֿענצטער זעט טאַניע די גאַנצע באַפֿעלקערונג פֿונעם היגן הויז: די מומעס, שזען, דאָניעג, אַנדרייען... אין צענטער שטייט א פּויער און האַלט אויף א שטריקל א גרויסע רויטע קו. דאָס איז אַפֿאָנעם וולאַסענקאָ.

טאַניע נעמט וויטיונטשיקן אויף די הענט און לויפֿט אין הויף אַרײַן. די צימערן זײַנען ליידיק, נאָר אין קיך טרעפֿט זי אומגעריכט מוניען. ער שטייט, צעלייגט די צייכענונגען אויפֿן ריינעם טאַפּטשאַן און רײַבט מיט א גומקע עפּעס אָפּ א בויגן. אַפֿאָנעם ער איז פֿאַר־

גאַנגענע אַהער, קעדיי זײַנע וואָס ווײַטער פֿון מײַלעכנ. סע פֿאַרקלעמט איר דאָס האַרצ. זי גייט צו צו מוניענ און בלײַבט שטיין אַנ ווער־טער. גלײַכ פֿאַר אירע אויגנ ליגט די פּאָטאָ פֿונ דער סוידעספּולער געבײַדע. מוניע נעמט צו אָפּגיב די פּאָטאָ און טוט שנעל א קוש זי מיטנ בעבעלע, ווי מיט איינ קוש ביידע.

זי גייט אַרויס אינ הויף. דער פֿויער איז שוינ ניטאָ. די קו שטייט צוגעבונדנ פֿאַרנ שטריקל און עסט עפּעס פֿונ א צעבער. די מומעס זיצנ אויסגעזעצט אונטער דער טשערעמוכע, פֿאַרקוטעט אינ ברוינע אָרענבורגער שאַלעכלעכ פֿונ ציגענעמ פּוכ, אַניע — אַפֿילע אינ צוויי. זיי טראַכטנ אַלע עפּעס זייער אָנגעשטרענגט. קלאָרע פֿאַריכט אָדער נייט עפּעס. גלײַכ אַנטקעגנ זיי שטייט אַנדריי און דערציילט עפּעס. זיי הערנ אים קוים.

פּלוצעמ ווערט א פֿרייד — זיי האָבנ דערזעג דאָס קינד. וויטיונ־טשיק האָט ליב א גרויסע געזעלשאַפֿט. ער ווערט מיטאַמאָל אופֿגע־לעבט און האַלט א גרויסע דראָשע בא אַנדרייענ אַפּ די הענט. אַנדריי קושט אים די הענטעלעכ און הייבט אים אויפֿ הויכ־הויכ, ביזנ שפּיץ פֿונעמ קוסט. וויטיונטשיק ציט אויס א הענטעלע, טשעפּעט זיכ פֿעסט אַנ אינ א צווײַגל, און א רעגנ ווײַסע בלימעלעכ שיט זיכ אויס אַפּ אַלע אַרומ.

— אַכ, דו באַנדיט! — שרײַט אַנדריי, — מע מעג דענ אַזוי? דו קלאַפּסט דאָכ אַרומ דעמ צווײַט. ס׳וועלנ ניט זײַנ קיינ יאַגעדעס. די באָבע וועט וועלנ אָפּבאַקנ פּירעשקעס, זי וועט קומענ צומ בוימ נאָכ יאַגעדעס, וועט זי פֿרעגנ, ווער האָט עס אָראָפּגעקלאַפּט די יאַ־גערדעס? וועט מענ איר זאָגנ: וויטיע.

אַלע לאַכנ, נאָר ניט פֿונ וויטיענ. מע לאַכט פֿונ אַנדרייענ — וואָס הייסט געבוירנ ווערנ אַפּ דאָרעמ־אוראַל! ביז איצט דאַכט זיכ אים, אַז די בעסטע פּרוכט אינ דער וועלט זײַנענ טשערעמוכע־יאַגע־דעס, ווײַל קיינ אַנדערע וואַקסנ ניט אַפּ טויזנטער קוואַדראַט־קילאָ־מעטער אַרומ. די ערשטע אײַנדרוקנ פֿונ דער קינדהייט זײַנענ אַפּאָ־נעמ זייער שטאַרק: אַנדריי האָט אויסגעוואַנדערט מיט דער אַרמיי ניט ווייניק געגנטנ בא זיכ אינ לאַנד און אינ אַנדערע לענדער, נאָר ביז איצט הייסט בא אים א גרויסע שטאָט „טשקאַלאָוו“, קאָנטררע־וואָליוציע — „דוטאָוו“ און א סאָסנע הייסט בא אים טענענבוימ. ווײַל „יאָלקעס“ ער האָט געזענ אינ זײַנ קינדהייט, זײַנענ דאָס אַלע

געוועג שיטערע, אפגעקראכענע פאסנעס מיט געלע פארזשאווערטע נאדלען — עמעסע טענענבוימער זיינען געוואקסן ערגעץ ווייט אפ דער וועלט... דערפאר אבער הייסט בא אים קלארע „מאמע", און דאס האט א גרויסע ווערט. אט ציט ער אוים צו קלארען די האנט און פרעגט:

— נו, מאמע, שוין פארטיק דאס רעקל?

און קלארע ענטפערט אים, ווי אן אייגן קינד:

— פארטיק, פארטיק, אדיק.

און ס'איז אנגענעם צו זען, ווי זי טוט אים אן דאס רעקל און ציט עס ארום פון אלע זייטן, ווי א מאמע, וואס וויל, אז איר קינד זאל אויסנעמען, און אדיק געפעלט טאקע אלעמען. מע קען נייט בלייבן גלייכגילטיק צו זיין ליכטיקן, גוטמוטיקן פאנעם מיט די שווארצע לעבעדיקע אויגן — זאל זיין אין אים א ביסל באשקיריש בלוט? זייער מעגלעך — אלע פעלקער זיינען דא איבערגעמישט צווישן זיך, נאר וואס מאכט עס אוים דאניען? אירע בלאנדע צעפ זיינען נאך שענער לעבן אנדרייס שווארצע האר. זיי שטייען איינס לעבן אנדערן — א גוט אויסגעקליבן פארל, וואס האבן זיך גע־פונען אפן לעצטן קילאמעטער פון איירָאפּע — באלד נאך דער „טעץ" גייט דורך דער אוראל — די גרענעץ מיט אזיע — און פילן אן די גאנצע וועלט ארום זיך מיט פרישקייט, מיט האפענונגען, מיט דער גאנצער דערשיטערנדיקער סימפאניע פון יוגנט...

און דעם זיידנס קינדער ווערט לייכטער אפן הארצן. וואס האבן זיי אראפּגעלאזט די נעזער? סע עקט זיך די וועלט? די ברייטע איז דאך בא זיי אין די הענט: זיי קענען בלייבן דא און וועלן זיין געבעטענע און געווונטשענע, זיי קענען זיך אומקערן קיין אוקראינע און זיין דארט געבעטענע און געווונטשענע. אומעטום וועלן זיי ברענגען מיט זיך אופלעבונג און נוצן, ווייל זיי זיינען אינעם גליקלעכן על־טער פון דער גרעסטער רייפקייט. מיילעך היט די רעפובליק פון שאדן, שפּריניע עקספּערימענטירט מיט דער גרעסטער געוואגטקייט, אניע דערשלאפט ניט די נעכט און דערגרייכט אירע צילן, און אלע זיינען זיי יונג מיט דער הייסער אייגנארטיקער יוגנט פון דער על־טער, מיט דער געבענטשטער יוגנט, וואס קומט נאך יארן מי־שטרייטן, נאך טייערע קווארים, נאך פילצאליקע יערידעס און אלנעס, נאך שווערע אויספרווון, דורכפאלן און טריומפן. אינעם

ווײַטנ אוקראַיִנישנ הויז ווארטנ אפ זיי רוּיִנענ אונ גרויסע פּלענער
פונ אופשטעלונג, דאָ־הי ווארט אפ זיי דאָס הילצערנע הויז אונ די אָנבערעגיקע פּלענער פונ בויונג. אונ דעם זיידנס קינדער פילנ א צו־פלוס פונ גליק אונ שטאָלצ, וואָס צעגיסט זיכ גנעדיק אפ אלצ ארומ. זיי פילנ זיכ אלמעכטיק, אונ דעריבער זײַנענ זיי גנעדיק אונ גוט. אפילע מײלעכ זיצט אצינד אונ שמייכלט אונ רײַבט זיכ דעמ לאנגנ דארנ קינ. וואָס זײַנענ סאָפּקאָלסאָפּ הארצ־אנגינעס, נירנ־קראַנקײַטנ אונ רעוומאטיזמ? נישטיקע דעטאלנ אפנ גראַנדיעזנ ביניענ, וואָס יעדער איינער פונ זיי האָט אויסגעבויט פונ זיכ אליינ.

זיי זיצנ אויסגעזעצט אונטער דער טשערעמוכע, ווי מעכוטאָנים פונ א גרויסער ראשיקער כאסענע, וואָס נוצנ אויס א מאָמענט, קעדיי זיכ אָפּפאָטאָגראפירנ אלע אינייגעמ. זייערע טונקעלע קליידער, פאר־שאָטנ מיט ווײַסע בלימעלעכ אונ בלעטעלעכ, זעענ אויס ווי געמאכט פונ די טײַערסטע, פריילעכסטע שטאָפנ. בא די מענער אינ די לאצנ שטעקנ ווײַסע צווײַגעלעכ פונ טשערעמוכע, ווי די סטעארינאָווע בלימעלעכ, וואָס עס פלעגנ טראָגנ אמאָל כאסאנימ אונ פריילעכע קאַ־וואלערנ אפ כאסענעס. א ווײַטער ארקעסטער ברענגט לעבעדיקע קלאנגענ פונ א מארש. ערגעצ ניט ווײַט גייט א מיליטערישער טייל, אונ די אויגנ בא די „קינדער“ ווערנ פינקלענדיק אונ אופגעלעבט, זיי וויגנ זיכ קוימ־קוימ אינ טאקט פונעמ מארש אונ פארשטעלנ די פּענעמער פונעמ ווינט, וואָס פארשיט זיי מיט שטויב, מיט צוויט אונ מיט קלאנגענ. אינ עכטער עקסטאז דערשיטערט זיי, זיי, די אלט־יונגע, די אומדערפארנ־דערפארענע, די אויסגעפרוווט־נאַיִווע. די אופגעהאלטנ־דרייסטע — דעמ „זיידנס קינדער“, וואָס זייער לעבנ איז פול מיט צוקונפט, מיט האָפענונגען אונ מיט די שוימענדיקע אומדערוואַרטקײַטנ פונ דער יוגנט... אונ פונקט אינ דעמ דאָזיקנ מאָמענט עפנט זיכ די פאָרטקע... אונ א פאָטשטאליאָנ ברענגט שפּריִענ א טעלעגראמ פונ אוקראַיִנע. דער קאָמונאָפּטייל מעלדעט, אז דעמ 15־טנ איז דער לעצטער טערמינ אפ אָפּגעמענ דאָס הויז.

4

שפּעטלעכ אינ אָוונט פאָרנ מוגיע מיט טאַניענ אהיימ. שפּעט־לעכ, האגאמ די זונ שטייט נאָכ אינ הימל, ריכטיקער געזעגט, זי הענגט נאָכ אינ הימל. ס'איז נאָכ צענ, אונ די זונ פארגייט ניט.

ארום זײַנען די פֿעלדער גרױלעך־בלױ, אין דער קילער בלױקײַט פֿירן די גרעזער און די זון שטײט אַן אומבאַװעגלעכע, װאַרעמט ניט, דירט זיך ניט פֿון אָרט, און ס'דאַכט זיך, אַז זי װעט טאַקע קײנמאָל ניט פֿאַרגײן — אַ ראָז־רױטער קלײנער קײַלעך אָן שום שקיִע, אָן שום שטראַלן און כמאַרעס, װי אָנגעמאָלט אױפֿן גרױ־בלױען טאָװל פֿון הימל און ערד אָן אַ שום ליניע פֿון האָריזאָנט צװישן זײ. טאַניע האָט זיך אײַנגענורעט אין מוניעס אַקסל, דאָס קינד שלאָפֿט אױף אירע קני. מוניעס האַנט האַלט זי פֿעסט אַרום דער טאַליע. גוט אַזױ: פֿאָרן, פֿאָרן אָן אַ סאָף און זען אונטער זיך די בלױע פֿרירנדיקע גרעזער און גלײַך אַנטקעגן זיך — אַ ראָז־רױט־לעכע זון, װאָס האָט פֿאַרגעסן פֿאַרגײן.

מוניע טוט אַ צי די ליפּעס און זאָגט:

— יאָ...

טאַניע פֿאַרשטײט: דער „יאָ" איז אַ סאַכאַקל פֿונעם טאָג, און זי זאָגט אױך באַרויִקנדיק:

— יאָ...

פּלוצעם דערפֿילט זי, אַז מוניע לאַכט: עפּעס װיגט זיך באַ אים קוים צו באַנעמען אין ברוסט, עפּעס רוקט זיך לעבן אַקסל. זי קוקט פֿון דער זײַט אױף זײַן פּנים, דאָס פּנים איז רויִק און ערנסט.

— װאָס לאַכסטו, מוניע?

— איך לאַך דען?

און באַלד זאָגט ער:

— יאָ, איך לאַך, נאָר איך האָב עס ניט געפֿילט. איך לאַך פֿון ראָזען, דאָס הײסט ניט פֿון ראָזען, נאָר פֿון דער גאַנצער מײַסע. ראָזע איז אַ מאַלאַדיעץ. אײן שטיקל מענטש איז שטוב.

טאַניע זאָגט אומצופֿרידן:

— נעבאַמע!..

מוניע דערװידערט:

— נײן, נײן, זאָג ניט.

און זײ דערמאָנען זיך דעם זײדנס קינדער, װי זײ זײַנען געזעסן באַם טיש נאָכן באַקומען די טעלעגראַם, געזעסן פֿאַרכמאַרעט און פֿײַערלעך, און אױפֿן מיטן טיש איז געלעגן די טעלעגראַם. אַלעמאָל האָט זי עמעצער אַנדערש גענומען, צוגעטראָגן צו די קורצזיכטיקע אױגן, װי װעלנדיק זיך איבערצײַגן, אַז זי עקזיסטירט, אַז זי איז

א פאקט, וואָס מע קאָנ אים ניט אָפּלייקענענ. אונ דערנאָכ זײַנענ זיי ווידער געזעסנ ערנסט אונ פּײַערלעכ ארומ דעמ טיש, ווי ספּיריטנ, פאַרקישעפט פונ א גרויסער זעונג. אונ טאקע, זיי האָבנ געזענ פאַר זיכ א זעונג — א בילד פונ א גרויס הויז, וווּ ס'איז דורכגעגאנגענ זייער קינדהײַט, זייער יוגנט, זייערע ערשטע פרײַנטשאפטנ אונ ליבעס. א בילד פונ זויבער־ווײַסע צימערנ מיטנ רייעכ פונ זייפ „זעמליאניקע", מיטנ גרויסנ בילד אפ דער וואנט, מיט אלבאָמענ, וווּ אפ פאָסט־קארטלעכ זײַנענ פאַרגעשטעלט דער יונגער גאָרקי מיט א קודלע טונקעלע האָר, א ייִדישער בעסוילעמ מיט ווײַבער, וואָס שרײַענ אונ טײַנענ צומ הימל, פאַרוואָרפנ ארופ זייערע ווייטעקדיק־ציטערדיקע פּנימער, אונ א פּייזאזש באמ טײַכ לענע מיט אנ אויפשריפט: „א גרוס צומ נײַעמ יאָר פונעמ וועלט־בירגער א.".

פלוצעמ האָט זיכ דערהערט ראָזעס קאָל:

— איכ פאָר אהיימ איבערמאָרגנ דעמ 2־טנ יונ.

אונ ס'האָט זיכ מיטאמאָל געענדיקט דאָס פּײַערלעכע שווײַגנ.

— פאַרוואָס עפּעס דו? וואָסערע טײַמימ האָסטו?

— איכ מוז פאָרנ. מיכ רופט ארויס דער צוקער־זאוואָד. זיי קאָנענ אָנ מיר זיכ ניט באגיינ.

אונ אלע האָבנ פאַרשטאנענ: אזוי איז עס. די אלע יאָרנ, וואָס זיי זײַנענ ארומגעפאָרנ, גערײַזט איבערנ לאנד, ספּעציאליזירט זיכ, איז ראָזע ניט ארויספאָרנדיק געזעסנ אינעמ זיידנס הויז אונ געארבעט אינעמ דאָרטיקנ צוקער־זאוואָד. אירע איצטיקע עקספּערימענטנ מיט די צונויפשמעלצנ זײַנענ א היגע פאַרגעבונג. איר סטיכיע איז צוקער — וואָס זשע איז פאַר א וווּנדער, אויב סע ציט זי צו איר שטענדיקער ארבעט? די געבורט־שטאָט איז אויכ קיינעמ פונ זיי ניט אזוי נאָענט, ווי איר, אונ קיינער פונ זיי האָט ניט אזא גרויסנ ביילעק אינעמ זיידנס הויז, ווי זי: דער זיידע איז געבליבנ א באלבויוו בייסנ בויענ דאָס הויז, דאָס גאנצע לעבנ געטראָגנ אפ זיכ דעמ אָל פונ די בויועס, אונ אפ דער עלטער איז ער גיט בעקויעכ געווענ שלעפנ ווײַטער אפ זיכ די לאסט. דעמלט האָט זיכ אונעקגעזעצט לעבנ אימ ראָזע אונ האָט געארבעט אונ געשפּאָרט אונ ניט פאַרגונענ זיכ קיינ קלענסטע הויצאָע איבער די אוועקגעשטעלטע גרענעצנ, ביז זי האָט ניט אויסגעצאָלט דעמ בויוו. איז קלאָר, פאַרוואָס איז איר ליב

די אלטע היים, נאָר פאַרוואָס ישע האָט זי ביז אהער געשוויגן? — נעבאַמע!

— ניין, איך האָב ליב אַקשאָנים, — זאָגט מוניע, — פעסטע מענטשן.

— אוואַרע! ביסט אַליין אַ דיבעק!

— אַ דיבעק? — באַלײדיקט זיך מוניע, — ניין און ניין. אַן אַקשן — יאָ. נאָר אַ דיבעק — ניט.

ער איז אַזוי באַלײדיקט, אַז ער שטעלט אָפּ אַזש דאָס פערדל. די זון הענגט נאָך אַלץ אינעם גרוי־בלוילעכן אָפּגרונט.

— יאָ, — שרײַט טאַניע, — אַ דיבעק! אַ דיבעק! אַ דיבעק!

און זי דערמאָנט זיך דעם מאָמענט, ווען די גאַנצע שטוב מענטשן איז געשטאַנען אַרום ראָזען און געבקירעט מיט איר ווען איר אָפּפאָרן אַהער בלײַבן. מײלעך איז געזעסן דעמלט אין אַ זײַט אַ קאַלטער, אַ בייזער און האָט עפּעס געמאָלט אויף קלײנעם טישע־לע — געמאָלט אײַנגעשפּאַרט און בייז, ווי וועלנדיק אויסגיסן דאָס האַרץ צו דעם געמעל. וואָס האָט ער געמאָלט? טאַניע האָט זיך אָנ־געשפּאַרט אָן זײַן אַקסל און האָט געזען: אויפן געמעל איז פאַרגע־שטעלט אַ געבײַדע מיט מאָדנע מינים געוועלבן: דאָס הויפּט־געוועלב שטעלט מיט זיך פאָר אַ סומע פון לאַנגע שמאָלע פּאַראַלעלע גע־וועלבן. אַ וווּנדערלעכע געבײַדע. בײַ דער זײַט האָט מײלעך געהאַלטן אין איין שרײַבן. ביים ראָזע האָט אָנשטאָט לאַנגע רייד געענטפערט קורץ: „דינסטיק פאָר איך" — האָט ער אָנגעהויבן קריצן בייז מיטן בלײַער: „קורבאַטור", „קורבאַטור", „צווייענדיקע קורבאַטור" און צעבראָכן דעם שטיפט פונעם בלײַער.

— וואָס הייסט צווייענדיקע קורבאַטור? — פרעגט אַצינד אײַנ־געשפּאַרט טאַניע, — וואָס איז דאָס פאַר אַ געבײַדע? וואָס איז דאָס פאַר אַ געוועלבן? איך וויל וויסן. איך בין ניט קיין אידיאָטקע, וואָס מע דאַרף פון מיר באַהאַלטן. איך וויל וויסן, איך וויל וויסן, איך וויל וויסן...

די אָנשטערנגונג פון גאַנצן טאָג שיסט אַרויס בײַ טאַניען טרערן פון די אויגן, און זי פאַלט צו מיטן פּנים צו דער גראָבער קאָלדרע, וואָס וויקלט אַרום וויטיונטשיקס פיסעלעך, און וויינט.

מוניע קוקט געפּלעפט. דערויף האָט ער זיך ניט געריכט.

— טאַניעטשקע, טאַטאַשע, לעבן מײַנס, — פּליסטערט ער איר

אינ אויער ארנײַנ. ער האָט מורא אופוועקנ דאָס קינד אונ קענ ניט צוזענ, אז טאניע זאָל וויינענ איבער אים. — טאַניעטשקע, טאַנטשיק ליבינקער...

ער שטעלט ווידער אָפּ דאָס וועגעלע. ער קריכט אראָפּ אונ גייט צו צו טאַניענ פונ דער זײַט.

— טאַניעטשקע! זײַ מיר מוחל. איכ בינ גאָר קיינ מענטש ניט, וואזוי האָב איכ ניט פארשטאַנענ...

נאָר טאַניע וויינט ביטער. זי קענ זיכ שוינ ניט אײַנהאַלטנ פונ די טרערנ. עפּעס דריקט איר הארצ, עפּעס טוט איר באַנק...

— טאַניעטשקע, הארציקע, איכ בעט דיכ, הער אופ וויינענ... עס רײַסט מיר דאָס הארצ...

נאָר טאַניע וויינט. די טרערנ ברענגענ איר א גרויסע פארלײַכ־טערונג. זי שטאַמלט:

— איכ בינ ניט קיינ אידיאָטקע, מע מעג מיר פארטרויענ... מוניע, עס טוט מיר באַנק...

— וואָס טוט דיר באַנק, לעבנ מײַנס?

מוניע וויינט שיִר ניט אליינ. עפּעס הייבט ער אָנ פארשטיינ.

— שאַ, — זאָגט ער, — איכ האָב א פארשלאָג. לאָמיר אָפּקע־רעווענ א האַלבנ קילאָמעטער אינ א זײַט, וועסטו זענ דעמ גאַנצנ סאָד.

אינ עטלעכע מינוטנ ארום שטייט דאָס פערד־אונ־וועגעלע לעבנ א געבײַדע מיט הויכע ווענט אונ א מאָדנעמ סאָרט דאַכ: דאָס ציגלנע געוועלב איז א סומע פונ א סאַכ שמאָלע פאַראַלעלע געוועלבנ. די געבײַדע זעט אויס, ווי א ניט־היגע, א מאַרסיאַנישע, ווי געבויט אינ א וועלט פונ אנדערע אויסמעסטונגענ, אונ א זונ שטייט הינטער איר, א רויטע ווי מאַרס, א זונ, וואָס האָט פארגעסנ פארגיינ, אונ ווײַט אונטער איר פרירנ בלויע פרילינגדיקע גרעזער.

טאַניע וויינט שוינ ניט. זי קוקט מיט גרויס נײַגיר. זי קוקט מיט אלע אייווריִמ:

— אָט דאָס איז „יענע מײַסע"?

— וואָסער מײַסע? — פארשטייט ניט מוניע אונ באַלד שטויסט ער זיכ אָנ: — יאָ, יאָ, דאָס איז „יענע מײַסע", דאָס זײַנענ די גע־וועלבנ פונ דאָפּלטער קורבאַטור. דו זעסט: יעדער קליינ געוועלב שאַפט א קרומע ליניע — א „קורבע", אונ אלע איינעמ שאַפנ זיי

7*

דאָס גרויסע געוועלב — א צווייטע „קורבע" — דערפאר האָבן זיי אזא נאָמען.

— און צו וואָס דארף מען זיי?

— אזעלכע מינים געבײַדעס זײַנען זייער לײַנבאר אין אונדזער קאנט, ווו ס'איז שטענדיק א מאנגל אין געהילץ. די דעכער זײַנען געמאכט אָן א שטיקל געהילץ.

— ריכטיק, ריכטיק, איך פארשטיי.

נאָר פון דער געבײַדע באוויַיזן זיך מענטשן: קוזמענקאָ, סייפוט־דינאָווא, פעדאָטאָווא. זיי זײַנען אצינד געקליידט וואָכעדיק. די הענט און די קליידער זײַנען בא זיי פארשמירט מיט „ראסטוואָר".

— גוטן אָוונט, — זאָגט קוזמענקאָ, — נו, מיר האָבן דאָ אלץ פאריכט, ווי מיר האָבן זיך צונויפגערעדט. איך האָב ווידער דורכגע־פירט אויספרוּוון און אויסמעסטן. אלץ איז ווי מיר האָבן געקלערט. נו, און מיילעך אלעקסאנדראָוויטש וואָס זאָגט?

מוניע מאכט א זשעסט, וואָס באטײַט: ער האָט מיר געגעבן דעם וועג. די מיידלעך לאכן. קוזמענקאָ פארטראכט זיך:

— איך דארף אײַך זאָגן, עמאנויל יאקאָוולעוויטש, אז איך בין פון די דאָזיקע, וואָס לאכן ניט אָפּ פון מיילעך אלעקסאנדראָוויטשן, און אזעלכע, ווי איך, זײַנען פאראן ניט ווייניק. אויב ער האָט גע־זאָגט ניין, איז עפּעס ניט קעשורע.

— איך בין מאסקים מיט אײַך, קוזמענקאָ, נאָר אויסרעכענונגען, עקספּערימענטן האָבן דאָך אויך א ווערט. וויפל מענטשן האָבן ביכלאל ניט געגלייבט אין די דאָזיקע געוועלבן און אצינד זײַנען זיי אומעטום אָנגענומען — מיר פארברייטערן נאָר די אידיי. ביז אהער פלעגט מען בויען נאָר סקלאדן אזעלכע, און מיר ווילן בויען צעכן אזעלכע. ס'איז ניט קיין אוואנטיורע...

ער קוקט אָפּ טאניען און שמייכלט. די מיידלעך שמייכלען אויך. ס'איז פונדעסטוועגן פריילעך: פארוואָס זאָלן זיי ניט שמייכלען.

אינגיכן פאָרן מוניע מיט טאניען ווײַטער. ס'איז שוין ניט ווײַט ביז דער היים. טאניע צווייפלט:

— הערסט, מוניע, קוזמענקאָ האלט אויך פון מיילעכן. מיילעך האָט א גרויסן אויטאָריטעט.

מוניע שמוכט אין דער פינצטער:

— ווײַל ער איז אָפּ דער וואַך, די רעפּובליק זאָל ניט האָבן קיין שאָדן.

— נו, און דאָס האָט ניט קיין ווערט?

— כ׳ווייס? וואָס זאָל איך דיר זאָגן? מיר זײַנען אַלע דורכגע־גאַנגען דעם פראָנט. אי איך, אי קוזמענקאָ, אי אַנדריי, אי דער בלינ־דער באַיאַניסט. פאַר וואָס האָבן מיר אײַנגעשטעלט דאָס לעבן? פאַר דער רעפּובליק — די רעפּובליק זאָל ניט האָבן קיין שאָדן. כאָטש מיר זײַנען ניט קיין רוימישע קאָנסולן. נאָר ווייסטו, וואָס מ׳האָט אונדז געלערנט אויפן פראָנט? אַז דיסציפּלין גייט האַנט־בײַ־האַנט מיט פערזענלעכער איניציאַטיוו. און מײַלעך איז אויפן פראָנט ניט געווען. דערפאַר האָט ער ניט טיף פאַרשטאַנען די טעטיקייט פון די קאָנסולן, וואָס זײַנען אין דער ערשטער ריי געווען קעמפער.

— יאָ, — זאָגט אויפגעלעבט טאַניע (זי איז איצט אין דער בעסטער שטימונג). ווי געפעלט דיר שפּריניע?..

— נו, און מײַלעך?.. — טוט צו איר אַ שמייכל מוניע, — אַז ער האָט זיך מיט מיר געקריגט, האָט ער געשריגן: „בוי איך אַ בוי־ונג, ווײַל איך אַ לעבן־לאַנג פון איר האַנטע האָבן!" אַ לעבן־לאַנג! פאַרשטייסט, טאַניושע?

— שפּריניע וועט אויך ניט פאָרן! — טוט פריידיק אַ זאָג טאַניע.

ביידע שמייכלען. נו־נו, דעם זיידנס קינדער! קיינמאָל ווייסט מען ניט, ווו מע האַלט מיט זיי. מ׳איז אַלע געווען איבערצײַגט, אַז שפּריניע שטרעבט פאָרן אויף אוקראַינע און ראָזע ווײַל בלײַבן דאָ, צום סאָף ווײַזט זיך אַרויס, אַז פאַרקערט.

— ס׳איז דערפאַר, ווײַל שפּריניע האָט דאָ אַ וויסנשאַפטלעכן אינטערעס, פונקט דאָ איז פאַראַן אַ סאַך אויגן־קראַנקע צוליב די ווינטן, וואָס פאַרשיטן די אויגן, און דער קאָנטאַקט מיט דער באַפעל־קערונג איז אויך טײַער. זי וויל היילן די היגע אויגן־קראַנ־קע.

— אַך, זי זאָל מיר כאָטש אויסהיילן דעם בלינדן, — זאָגט מוניע, — אַזאַ גאָלדענער מײַסטער! ער וואָלט בײַ מיר געווען די רעכטע האַנט.

— זי וועט אים אויסהיילן. דו ווייסט, וואָזוי? זי וועט אים אויסשנײַדן אַ שטיקעלע הויט פון פוס און וועט אים פאַרלאַטען

די ווונעס. איכ האָב שוינ געזענ מענטשנ, וואָס זי מאַכט זיי פּלאַס־טישע אָפּעראַציעס.

ס'איז שפּעט, די פרישע לופט שלעפּערט איינ, דאָס וועגעלע וויגט זיכ.

— טאַניושע, — זאָגט איר אינ א מינוט אַרומ מוניע, נאָר זי ענטפערט ניט קלאָר:

— ניינ, ניינ, סע טוט מיר ניט באַנק, דו פאַרשטייסט ניט...

אונ זי שלאָפט ווידער איינ.

דערנאָכ דערזעט זי פאַר זיכ א טונקעלע געביידע מיט א לאַנ־גער ריי באַלויכטענע פענצטער. עמעצער נעמט פונ אירע הענט דאָס קינד, אונ די זעלבע הענט נעמענ זי אַרויס פונ וועגעלע אונ פירנ זי — טראָגנ זי אינ צימער. דאָרט שטייט זי א פאָר מינוט ווי גע־ליימט אינ מוניעס אָרעמס אונ הייבט אָנ ביסלעכווייז זיכ אויפמונ־טערנ. זי האָרט אָפּגענעמע האָבנ א קאָמישנ אויסזעג, ווייל מוניע הייבט אָנ לאַכנ, קוקנדיק אָפ איר:

— טאַניעניא! — זאָגט ער, צופלעטשנדיק איר די נאָז מיטנ פינגער.

די שיינ ברענט ליכטיק, שניידט אינ די אויגנ. ביסלעכווייז קומט זי צו די געדאַנקענ אונ פאַרשטייט: זיי זיינענ שוינ געווענ באַמ זיידנס קינדער. דאָרט איז אַלצ אינ אָרדענונג, אונ מוניע האָט איר געוויזנ די נייע געביידע. סע טוט איר עפּעס באַנק אונ סע טוט איר ניט באַנק. גוט איז פונדעסטוועגנ אינ דער היימ... אינ דער היימ העלפנ די ווענט דעמ מענטשנ, אונ ניט שלעכט איז אויסער דער היימ. אויסער דער היימ העלפט דער מענטש די ווענט. ער העלפט זיי הייבנ זיכ פונ דער ערד, וואַקסנ הויכ, הויכ אונ צודעקנ זיכ מיט א דאַכ. גוט איז וווינענ אָפ אוראַל אונ גוט איז וווינענ אָפ אוקראַינע...

טאַניענ ווערט פריילעכ אָפנ האַרצנ אונ איר גלוסט זיכ, אַז מוניענ זאָל אויכ זיינ פריילעכ. זי זאָגט פייערלעכ:

— מוניע, איכ האָב דיכ ליב...

— אַזוי? — זאָגט גאַנצ גלייכגילטיק מוניע, — גוט וואָס דו האָסט געזאָגט — וועל איכ וויסנ. א שטומער וואָלט עס אינ א יאָר ניט אויסגערעדט.

— אַכ, אַזוי!

און טאַניע זאָגט נאָך פֿײַערלעכער:

— מוניע, לאָמיר זיך איבערקלײַבן אין „ברוסניטשקי״.

נאָר מוניע איז אַ דיבעק און ענטפֿערט:

— וואָס עפּעס פּלוצעם? אין אַ האַלב יאָר אַרום וועט דאָרט זײַן אַ טעאַטער, אַ שול, אַ באַנק, ברוקירטע גאַסן, אַפֿילו אַ בולוואַר...

און זעענדיק טאַניעס אַנטוישט פּנים, קאָן ער זיך ניט אײַנהאַלטן פֿון געלעכטער:

— אוי, טאַניעניע, וואָס זאָל איך מיט דיר טאָן?.. — און ער פּלעטשט איר צו די נאָז מיט אַ פֿינגער.

# א געמעל אפֿ א בעכער

— אבי ניט קיינ געוויטער, — האָט געזאָגט ראָזענבערג, באטראכטנדיק דעמ האָריזאָנט, — אבי ניט קיינ רעגנס, קיינ בלאָטעס, וואָלט מענ נאָכ געקאָנט לעבנ אפֿ דער וועלט...

ער איז געווענ הויפּט־ענערגעטיקער פֿונ דער בויונג, אונ מער פֿונ אלצ אפֿ דער וועלט האָט ער איצט מוירע געהאט פֿאר א וואָלקנ, וואָס מע רופֿט אימ אינ דער מעטעאָראָלאָגיע „קאָוואדלע”. אָנהייב זומער פֿלעגט דער דאָזיקער וואָלקנ דאפֿקע ליב האָבנ באווייזנ זיכ איבער דער בויונג, אונ שטענדיק פֿלעגט ער ברענגענ מיט זיכ געוויטערנ, שלאקסרעגנס אונ אוואריעס. לעכאטכילע פֿלעגט עס, אייגנטלעכ, צוגיינ גאנצ לייטיש: אפֿ א לויטער־בלויענ הימל באווייזט זיכ אנ אומשולדיק געדיכט־ווייס כמארעלע, וואָס האָט ניט ארויסגערופֿנ קיינ שומ כשאד, דערנאָכ נעמט אָנ דאָס כמארעלע א פֿאָרמ פֿונ אנ „אוגערקע”, אונ די ראנדנ ווערנ באלויכטנ גרוילעכ־געל, ווי ביילעוו אָדער פֿאראפֿינ, וואָס האלט זיכ אינ איינ שמעלצנ. מיטאמאָל בייט דער וואָלקנ זיינ מארע, אונ אפֿנ הימל באווייזט זיכ א סילועט פֿונ א „קאָוואדלע” מיט א גראָבנ „פוס” אונ מיט צוויי הערנער, כאָטש נעמ אונ האק איבער איר מיט א האמער. די הערנער הייבנ זיכ אָנ רייכערנ אונ צעשווימענ זיכ אינ א שווארצ־רויכיקער כמארע, וואָס פֿארציט א האלבנ הימל. באזונדערס שרעקלעכ איז געווענ דעמלט, ווענ אפֿנ הימל פֿלעגנ זיכ אויסשטעלנ מיטאמאָל צוויי—דריי אזעלכע „קאָוואדלעס”.

נאָר איצט איז דער הימל געווענ ווונדערלעכ קלאָר, אונ ראָזענבערג האָט געקאָנט רויִק נעמענ זיכ צומ טואלעט. דער טאָג איז געווענ ניט קיינ געווײנלעכער — דער טאָג פֿונעמ צווייטנ מײַ, וואָס מע פֿלעגט אימ באזונדערס פֿייערלעכ אָפּמערקנ אפֿ דער בויונג, ווייל פֿריִער מיט עטלעכע יאָר האָט מענ אינ אָט דעמ טאָג די בויונג גע־

גרינדעט. אינדערפרי, אזייגער צען, פלעגן זיך שוין באווײַזן בא די גאנעקעס מאנצבלען — גוט אויסגעשלאָפענע, ריין אײַנגעוואַשענע, מיט א רייעך פון אָדעקאָלאָן, אויסגעפוצט אין נײַע אָנצוגן און גלאַנציק געוועקסלטע שיך.

אזייגער עלף פלעגן מיטאמאָל זיך צעעפענען אלע טירן און פענצטער איבער דער גאנצער בויונג, און פון אינווייניק פלעגן זיך לאָזן זען געשפּרייטע טישן, באלאָדן מיט קאַלטוווו. פון אלע הײַזער הערן זיך גערוכן פון געפּרעגלטע פלייש און פיש, טאָרט און פארפראוועטע בראַנפנס, וואָס מישן זיך מיטן רייעך פון פעלד־טולפּאַנען און ראָמאשקעס, ווײַל אלע אף דער בויונג פלעגן באקומען באַזאָרגונג פון די זעלבע קראָמען און רײַסן בלומען אין דעם זעלבן סטעפּ. א גאנצן טאָג דערנאָך שטייען שוין די הײַזער מיט אָפענע טירן און פענצטער, און פון שטוב צו שטוב גייען ארום כאָפּטעסווײַז געסט: צוערשט — שכיינים צו שכיינים, ארבעטער צו ארבעטער, אינזשעניערן צו אינזשעניערן, דערנאָך — אלע איבערגעמישט אינאיינעם. אין אלע הײַזער פלעגט זײַן פול און ראַשיק, און פון אלע פענצטער הערן זיך לוסטיקע, יאָמטעוודיקע לידער.

באטאָג, אזייגער דרײַ, איז ראָזענבערג שוין געזעסן אף זײַן פערטן וויזיט. ער האָט געהאלטן אין האנט א זילבערנעם בעכער און געוואַרט אפן אָרדנטלעכן טאָסט. דער באלעבאָס האָט ניט געקאָנט זיך אײַנפאָרען מיט די פילצאָליקע געסט, און ראָזענבערג האָט געהאט דערווײַל געגוג צײַט אף צו קלערן. די געפאר פון א געוויטער האָט אים ניט געלאָזט צורו. ער האָט גוט געוווּסט, אז די הויכוואָלטיקע ליניע פאָדערט א קאפיטאלן רעמאָנט. די אכריײַעס פאר איר נאָרמאלער ארבעט ליגט אף אים, און פרוער ווי אין צוויי וואָכן ארום קאָן מען צו דעם דאָזיקן רעמאָנט זיך ניט נעמען, ווײַל פונעם לעצטן געוויסער און פון די פריליגגדיקע רעגנס איז די ערד שטארק צעווייקט. ער האָט באשלאָסן איצט וועגן דעם ניט טראכטן און גענומען קוקן אף זײַן בעכער.

אזעלכע בעכערס — גרעסערע און קלענערע, איז אים אויסגעקומען זען אמאָל אין דער קינדהײַט, בא זײַן מאמען און בא די קרוווים אין די איצט ווײַטע אוקראַיִנישע שטעטלעך. אזעלכע בעכערס זעט ער אויך דאָ אף סימכעס אין זײַן קאָלעקטיוו, אף דער בויונג. דער בעכער זײַנער איז געווען באדעקט מיט א מין אײַנגעקריצט גע־

פלעכט פונ רינגעלעכ אונ דרײַדעלעכ, אונ אינ בײדע זײַטנ—צוויי אײַנגעשניטענע פייזאַזשנ אינ צוויי קײַלעכדיקע רעמעלעכ פונ שוואַרצלעכנ אָקסידירטנ זילבער, וואָס האָט זיכ שטאַרק אויסגעטיילט אפנ ווײַסנ, שוואַכ באַגילדטנ זילבער פונעמ בעכער. אײגנטלעכ, ניט קײנ צוויי פייזאַזשנ, נאָר צוויי געמעלנ פונ אײנ אונ דער זעלבער גאַס אינ פאַרשײדענע עקנ אירע, אָדער פונ צוויי גאַסנ, זײער ענלעכע אײנע אפ דער צווייטער. אינ אײנ רעמעלע — עטלעכע דרײַשטאָקיקע הײַזער מיט שאַרפע גאָטישע דעכער, מיט הויכע, שמאָלע פענצטער. א טורעמ אונ נאָכ א טורעמ, א ווינקל פונ א רײַכער געבײַדע (א פאַלעצ אָדער א ראָטהויז) מיט א הויכנ שפיצ, דערנאָכ א שטאָט־וואַל, א שטעטעכ וואַסער אונ לעבנ דעמ וואַל א מאָדנער מינ בוימ, וואָס זײַנ גאַנצע קרוינ איז פאַרגעשטעלט אינ דער פאָרמ פונ אײנ בלאַט. אינעמ צווייטנ רעמעלע — דער זעלבער שטעטעכ וואַסער, נאָר מיט געוועלבנ פונ א בריק איבער אימ, אונ מיט פונקט אַזעלכע הײַזער אונ שפיצעכדיקע טורעמס.

ראָזענבערג האָט געקוקט אונ האָט געטראַכט: פונוואַנענ שטאַמט דאָס דאָזיקע געמעל? וועלכע מיטלעלטערלעכע שטאָט איז דאָ פאַרגעשטעלט? רעגענסבורג? קעלנ? אַמסטערדאַמ? גיכער פונ אַלצ אַמסטערדאַמ, וואָס איז געווענ באַוווּסט מיט זײַנע ייִדישע גאָלדשמידנ. דאָס האָבנ זיי אײנמאָל פאַר אַלעמאָל אַרײַנגעשניטנ זײער שטאָט אינ זילבער, אונ אַזוי גײט זי בעיערושע פונ בעכער צו בעכער ביז אַהער. מעגלעכ, אַז דאָס דאָזיקע געמעל איז ניט אײנ מאָל אַרײַנגעפאַלנ אינ די הענט פונ געניאַלע מײַסטערס, וואָס זײַנענ געווענ בעקויעכ אַרײַנטראָגנ נײַע מאָטיוונ אינ זײַנ אינהאַלט, נאָר די הייליקע טראַדיציע האָט זיי געצוווּנגענ איבערכאַזערנ דאָס טויזנטסטע מאָל דאָס זעלבע געמעל.

אינ צימער איז פּלוצעמ געוואָרנ שטיל. דער באַלעבאָס פונ שטוב — אַניסימאָוו — האָט געגעבנ א צייכנ, אונ דער שעפ פונ דער בויונג האָט צומ וויפלטנ מאָל שוינ הײַנטיקנ טאָג אויסגערופנ א טאָסט:

— פאַר אונדזער ניצאָכנ!

אַנטקעגנ ראָזענבערגנ איז געזעסנ דזשאַלמאַגאַמבעטאָוו, דער באַרימטער ערד־גרעבער, דער אינסטרוקטאָר פונ סטאַכאַנאָווישע אַרבעטס־מעטאָדנ. די פיגור דזשאַלמאַגאַמבעטאָווס איז געווענ פונקט

אזוי לאנג און אויסגעצויגן, ווי זײַן נאָמען, נאָר יעדער שמייכל פון זײַן פרישן מויל און פון די לאַנגע טונקעלע אויגן איז געווען אײַנ־געטונקט אין כיין. ראָזענבערגן איז ניט איין מאָל אויסגעקומען צו ארבעטן צוזאמען מיט אים. ער האָט אים ליב געהאט אהאוואס־נעפעש, און ער האָט געוווסט, אז דזשאלמאגאָמבעטאָוו האָט אים ליב ניט ווייניקער. דעריבער האָבן זיי זיך אָנגעקוקט און, ניט ווייסנדיק וואָס צו זאָגן, האָבן זיי לאכנדיק געשריען איינער צום אנדערן אריבערן טיש:

— יאָסיף אבראמאָוויטש!

— דזשאלמאגאָמבעטאָוו!

לעבן ראָזענבערגן איז געזעסן דער הויפּט־אינזשעניער יאָזעפּאָוויטש. ער האָט געפרעגט בא ראָזענבערגן:

— פונוואנען קומען אהער אָט די בעבערלעך? אין אלע הײַזער זע איך פונקט אזעלכע בעבערלעך.

ראָזענבערג האָט א שמוכ געטאָן און געזאָגט:

— פרעגט בא דער באלעבאָסטע!

מיטאמאָל האָבן אלע אָנגעהויבן שרײַען צו יאָזעפּאָוויטשן.

— א טאָסט, א טאָסט! אבראם איליטש, א טאָסט!

און יאָזעפּאָוויטש האָט געענטפערט:

— ניט דאָ, בא די סאזאָנאָווס. קומט, זיי ווארטן. זיי קאָנען זיך באלײדיקן.

בא די סאזאָנאָווס האָט מען אויך דערלאנגט געברייטערט פלייש, ווי בא די אניסימאָווס, און אָנשטאָט פּראָסטן בראנפן האָט מען דערלאנגט זובראָווקע. ראָזענבערגן האָט מען אָנגעגאָסן אין א בלויען גלעזערנעם קעלישעקל, אָבער „זײַן״ בעכער איז אויך געווען אפן טיש. ער איז געשטאנען אנטקעגן אָסטראָווסקין און האָט געשמײַכלט מיט דער גאנצער פראכט פון זײַנע שפּיציקע טורעמס. דערפאר איז לעבן ראָזענבערגן געשטאנען א שייגער טעלער פול מיט געבעקס. אז מע האָט אראָפּגענומען דאָס לעצטע שטיקל טאָרט, האָט דער טעלער א גלאנץ געטאָן פאר זײַנע אויגן ווי א געפלאָסטערטער הויף. אינמיטן הויף איז געשטאנען א פּרעכטיקער האָן — א גיבער, אינעם רומפּולן בלענד פון זײַנע רויט־גרינ־גאָלדענע פעדערן, מיט א קרעפטיקער ברוסט, מיט א שטאָלענעם שטאָלצ־אויסגעבויגענעם האלדז מיט א קריגערישן רויט־אָנגעגאָסענעם

קאַם — א האָן א קעמפער, אין זײַן גאַנצער גרויזאַמער שיינקייט.

אויף טיש זײַנען אויך געשטאַנען שיינע העל־בלויע פּיאַלעס מיט אײַנגעמאַכטס.

— א וווּנדערלעכע זאַך, — האָט געזאָגט יאָזעפּאָוויטש, — וווּהין מיר קומען ניט, זײַנען אומעטום פאַראַן אַזעלכע טעלער און אַזעלכע בעכערלעך. וואָס זאָל עס באַטײַטן?

ראָזענבערג האָט ווידער געענטפערט:

— פרעגט בײַ דער באַלעבאָסטע!

נאָכן אָרדנטלעכן טאָסט האָט יאָזעפּאָוויטש זיך אַנידערגעזעצט און זיך אָנגעבויגן צו דער באַלעבאָסטע. א ביסל האָט ער זיך שוין אָנגעשטויסן, ער האָט אָבער געוואָלט געניי דערגיין דעם סאָד פונעם געפּעס, נאָר זי, די באַלעבאָסטע, האָט אים ניט אַזוי פאַרשטאַנען. דער מאַן האָט זי ניט לאַנג געבראַכט אַהער פון א דערפל אין סיביר, און לויטן מינהג פון דעם דאָזיקן דאָרף, האָט די באַלעבאָסטע געדאַרפט זיך קושן מיט די געסט נאָך יעדן לעכאַים — אַזוי האָט געפאָדערט דער דאָרטיקער עטיקעט. זי איז אויפגעשטאַנען און האָט אויסגעצויגן יאָזעפּאָוויטשן אירע פוכקע קינדערשע ליפּן. לעכאַטכילע האָט ער ניט באַנומען, וואָס קומט דאָ פאָר, נאָר באַלד פאַרשטאַנען און זיך צעקושט מיט דער באַלעבאָסטע. אַלע האָבן געקוקט מיט גרויס ערנסט אויף דער דאָזיקער צערעמאָניע.

וועגן דעם געפּעס האָט שוין יאָזעפּאָוויטש מער ניט געפרעגט: ער איז געפאַלן אויפן סייכל, אַז אויף סימבעס לײַען די באַלעבאָסטעס איינע דער אַנדערער דאָס געפּעס. און קעדיי ער זאָל נאָך בעסער פאַרשטיין, האָט ראָזענבערג אים דערלאַנגט אויפן וועג צו די קאַהאַנס א געפלאָכטן קוישל מיט טעלער, און ער האָט עס געטראָגן צוגלײַך מיט אַנדערע.

אויפן וועג צו די קאַהאַנס איז שוין אין דרויסן געווען קאַלט. ס׳האָט געבלאָזן א שטאַרקער ווינט, און אויפן אויסגעקלאָרטן הימל איז געשטאַנען אויסגעצויגן א געדיכט־ווײַס כמאַרעלע מיט פאַראַפינענע ראַנדן. ראָזענבערג האָט א ציטער געטאָן. יאָזעפּאָוויטש האָט געפרעגט:

— מיט די „אָנשפּאַרן” איז בײַ אײַך דאָרט אין אָרדענונג?

ראָזענבערג האָט געענטפערט:

— דער געוויטער קאָן נאָך דורכגיין מיט א זײַט.

בא די קאהאנס האָט מענ ווידעראמאָל דערלאנגט געריבערט פלייש, אונ דער בראנפנ איז געווענ פארפראוועט מיט ווילדרויזנ. דער אמסטערדאמער בעכער איז ווידער געשטאנענ לעבנ ראָזענ־בערגנ, דער האָנ איז געלעגנ אונטער א בארג ווורשט־רעדעלעכ, אונ אינ די הימל־בלויע פּיאלעס האָט מענ דערלאנגט קאָמפּאָט.

ראָזענבערג איז געזעסנ מיד נאָכ די עטלעכע בעכערס בראנפנ, וואָס ער האָט געהאט אויסגעטרונקענ, אונ נאָכ די שווערע ערעווּר־יאָמטעוודיקע וואכטעס, וואָס נאָכ זיי האָט ער זיכ נאָכ רעכט ניט אויסגעשלאָפנ. ער איז געזעסנ ענג פארפרעסט צווישנ די שכיינים, פרײַנט אונ מיטארבעטער, דאָס הארצ מילד אונ צעפּעסטעט פונ זייער קרויווישער נאָענטקײַט. ער איז געווענ צופרידנ פונ די גוטע צײַגערס אינ דער ארבעט, פונעם קאָוועד, וואָס מ׳האָט אים אָפּ־געגעבנ, אונ פונ זײַנ באשיידנקײַט, וואָס האָט אים ניט דערלויבט צופיל זיכ איבערנעמענ. אים האָט זיכ געגלוסט האָבנ אינ דעם מאָמענט א בעניִמעס פּאָנעם, ווי באָם בארימטנ פּיאניסט, וואָס ער האָט געזענ הײַנט אינ א זשורנאל. אים איז זייער ניט געפעלנ זײַנ אייגנ פּאָנעם מיט די בלאָנדע ברעמענ, אונ ער איז געזעסנ דע־ריבער אינ דער כיינעוודיקער פּאָזע פונעם שווארצהאָריקנ פּיאניסט מיט פונקט אזעלכע גריבלעכ בא די עקנ פונ די ליפּנ, אונ אים האָט געדאכט, אז אלע זעענ די וויכטיקע ענדערונג פונ זײַנ אויסער־לעכקײַט. אינ זײַנ האלב־דרעמלדיקנ באוווסטזײַנ האָבנ ארומגע־בלאָנדזשעט לאנג פארגעסענע קינדערשע באגערנ. אים האָט זיכ געגלוסט אינ אלצ באטייליקנ זיכ, אינ אלצ זיכ ארײַנמישנ. ער האָט געקוקט אפנ בעכער, אונ ס׳האָט זיכ אים געוואָלט ארײַנ־קריכנ אינעם שמאָלנ הויכנ פענצטער פונעם ראָטהויז, אראָפּ־שפּרינגענ אפ א שאָבערעט־געפלאסטערטנ דיל, ארויסגיינ דורכ א געשניצטער שפּיצעכדיקער ארקע, אריבערגיינ דעם וואסער־שעטעכ, אנידערזעצנ זיכ אונטערנ אייגנבלאטיקנ בוים לעבנ „וואל"...

ער האָט געטראכט:

רעגענסבורג, וואָרמס, מאגענצא — ערטער פונ רעדיפעס אפ יידנ אונ פונ זייער וווּנדערבארער שטאנדהאפטיקײַט... ווענ איז דאָס געווענ? אינ מיטלאלטער? אינ דער נײַערער צײַט... אונ איצט — מײַדאנעק, אָסווענצים... אונ איבער דעם אלעם — א שרעקלעכער טשאד פונ געברענט מענטשלעכ לײַב. נאָר איכ בינ

געוואקסנ, אונ איינצײַטיק מיט מיר איז אפ א זעקסטל פונ דער ערד געוואקסנ אונ געריפט די גערעכטיקײַט.

פונ אלע זײַטנ האט מענ צו אימ גערעדט. מע האט אימ געשלעפט פאר די ארבל:

— ראזענבערג, א טאסט! יאסיפ אבראמאוויטש, א טאסט!

ער האט זיכ אופגעהויבנ אונ געזאגט, פונקט ווי פריִער יאזעפאוויטש:

— ניט דא. בא די באלענקאס, קומט, זיי ווארטנ אפ אונדז!

אז מ'איז ארויס אפנ גאנעק, האט ראזענבערג מיט שרעק דערזענ: גלײַכ אנטקעגנ זײַנענ געשטאנענ אפנ הימל צוויי בלויע, קלאר געצייכנטע „קאוואדלעס“, מיט גראבע „פיס“ אונ מיט שארפע הערנער — כאטש שטעל זיכ קאווענ אפ זיי. ער האט א קוק געטאנ אפ יאזעפאוויטשנ, אונ יאזעפאוויטש האט צוגעזשמורעט די אויגנ — דאס הייסט: ער האט פארשטאנענ.

ראזענבערג איז טייקעפ אוועק אינ דירעקציע אונ האט זיכ אוועקגעזעצט באמ טעלעפאנ. אינגיכנ האט ער באקומענ א רייע קלארע ידיעס. פונ די סובסטאנציעס האט מענ טעלעפאנירט, אז זיי זײַנענ אפ דער וואכ אונ אז אינ א נויט וועט מענ געבנ צו וויסנ. פונעמ „עלעקטראמאנטאזש“ האט מענ געמאלדנ, אז א בריגאדע איז גרייט צומ ארויספאר, אז פאר 10—15 מינוט קאנ מענ צונויפזאמלענ א צווייטע בריגאדע; די פײַערלעשער האבנ פארזיכערט, אז זיי זײַנענ שטענדיק אפ דער וואכ. פונעמ גאראזש האט מענ געענטפערט: „יעסט“, צוויי מאשינעס צו באלענקאס הויז אונ איינע צומ „עלעקטראמאנטאזש“.

אז ראזענבערג האט געדארפט ארויסגיינ פונ דער דירעקציע, האט ער שוינ אליינ ניט געקאנט עפענענ די טיר. אזוי גרויס איז געווענ די „שארגע“ אינ דרויסנ. דער וואכטיאר האט אימ געהאלפנ ארויסרײַסנ זיכ אינ גאס. בא די באלענקאס האט געברענט דער לאמפ, אונ אלע זײַנענ געזעסנ שטיל, אײַנהערנדיק זיכ אינעמ געהויל פונ דער „שארגע“. ס'איז געווארנ שטארק פינצטער. ראזענבערג האט זיכ אוועקגעזעצט בא באלענקאנ אינ שלאפ־צימער, ווּ ס'איז געשטאנענ דער טעלעפאנ. פלוצעמ איז די שײַנ אויסגעלאשנ געווארנ, אונ ס'האט אנגעהויבנ קלינגענ דער טעלעפאנ. פונ א סובסטאנציע האט מענ געמאלדנ:

— אפן פינפטן פידער — ערד!
און טייקעס פון דער אנדערער:
— אפן ניינטן פידער — ערד!
דאָס האָט באטייט: אן אוואַריע אַפ דער הויכוואָלטיקער ליניע. די דראָטן האָבן זיך ערגעץ אַנגערירט אין דער ערד.
באלד זיינען עטלעכע מענטשן געשטאַנען גרייט צום אָפּפאָרן. יאָזעפאָוויטש האָט געזאָגט:
— נעמט מיין „ווילים". ער גייט דורך אין אלע וועטערן אַפ אלע וועגן. די איבעריקע מאשינעס וועלן אים נאָכגיין.
שוין באַם זעצן זיך אין מאשין האָט ראָזענבערג פּלוצעם זיך אומגעקערט, און אונטערן שלאָקסרעגן איז ער צוריק געגאנגען אין פּאָ־דערצימער. גלייך אנטקעגן אים אין א רעגנמאַנטל איז געגאַנגען דער באַרימטער ערד־גרעבער. ראָזענבערג האָט נאָר אויסגעשריגן:
— דזשאלמאגאמבעטאָוו!
דאָס האָט באטייט זייער א סאך. דאָס האָט געהייסן: „דזשאל־מאגאמבעטאָוו, איך האָב זיך ניט געקאָנט באשליסן אוועקפאָרן אָן דיר. איך ווייס זייער גוט, דו ביסט אַן ערד־גרעבער פון גאָר אַן אנדער פאך, באַ מיר איז אָבער די לאַגע אַן אויסערסט שווערע: ווי גראָבט מען אַרויס די „אַנשפאָרן" אין אזא צעווייקטער ערד?"
דזשאלמאגאמבעטאָוו האָט גלייך פארשטאנען און געענטפערט:
— יאָסיף אבראַמאָוויטש!
זיי האָבן זיך געלאָזט פאָרן. די „שאַרגע" האָט זיך איינגעשטילט. אַן איינטאָניקער געדיכטער גוסרעגן האָט געקלאפט אין טענט און געשפּריצט פון דער זייט אַפ די פאָרנדיקע. קורצע בליצן האָבן באלויכטן דעם „ווילים", און די צוויי מאשינעס זיינען מיט גרויס שווערקייט נאָכגעפאָרן פון הינטן. באַם אַריבערפאָרן די באַן־ליניע זיינען די מאשינעס שטיין געבליבן, און עמעצער האָט זיך אריינגעזעצט אין „ווילים". ראָזענבערג האָט דערפילט אַן ענגשאַפט לעבן זיך, און א נאָענט קאָל, וואָס האָט געשמעקט מיט רעגן און מיט רויזן־בראַנפן, האָט אים געזאָגט:
— איך האָב געבראַכט די בריגאַדע פון עלעקטראָמאָנטאַזש.
דאָס איז געווען אניסימאָוו — דער פארטאָרג פונעם ענערגאָצעך. צען שטיינער מיטאַמאָל זיינען אַראָפּגעפאלן פון ראָזענבערגס האַרץ. ביז אַהער איז ער געזעסן אין איינע זאָרג: וויאזוי וועט זיי

די בריגאדע געפינענ אינ דער פינצטער? איצט איז שוינ אלצ געווענ רעכט. ער איז געזעסנ אינ דער פינצטער, ענג פארפרעסט צווישנ פרײַנט אונ מיטארבעטער — ער איז געפארנ מיט זײַנע נאענטע ליקווידירנ אנ אוואריע, אונ קעגנ אזא געשלאסענעמ קאלעקטיוונ ווילנ האט זיכ גארנישט ניט געקאנט קעגנשטעלנ. אימ איז געווארנ ווארעמ אונ געמיטלעכ. דער רעגנ האט געפויקט אינ טענט, ביזנ ארט פונ דער אוואריע איז נאכ גאנצ ווײַט, אונ ניט ווילנדיק האט ראזענבערג ווידער גענומענ טראכטנ וועגנ דעמ געמעל אפנ בעכער...

„רוימ, שפאניע, דײַטשלאנד... — האט זיכ בא אימ געפלאנטערט אינ מידנ קאפ. — שארפע וויקוכימ, פאגראמענ, אלילעס־דאמ... „די יודנ־פראגע" האט מענ דאס שפעטער גערופנ — א שרעקלעכער לאבירינט, ווו ס'האבנ געלויערט אינ יעדנ ווינקל פינצטערע געשפענסטער. דעמלט האט זיכ געדאכט: ס'וועט דורכדרינגענ אמאל אהער א ליכטיקער שטראל, ס'וועט קומענ ווענ אהער די זונ?"

— עס טאגט, — האט זיכ פלוצעמ דערהערט אניסימאווס קאל.

ער האט ארויסגעשטעקט דעמ קאפ פונ אונטערנ טענט, אינ אלע האבנ אימ באלד נאכגעטאנ. דאס געוויטער איז שנעל געגאנגענ צומ סאפ. דער הימל איז געווארנ קלערער — ס'האט געטאגט אינמיטנ באטאג. איבערנ גרינעמ הימל זײַנענ נאכ געשוואומענ שווארצע, צעריסענע, זייער נידעריקע כמארעס. אז אזא כמארע האט זיכ אפגעריסנ, האט זיכ געדאכט, אז אט פאלט זי גלײַכ אינ מאשינ ארײַנ.

אז מ'איז צוגעפארנ צומ שייד־וועג, איז שוינ געשטאנענ אפ מײַרעוו א גרינע מעשענע זונ, אונ מע האט קלאר געזענ די קאנטורנ פונ דער הויכוואלטיקער ליניע.

די מענטשנ האבנ זיכ צעטיילט אפ גרופעס אונ האבנ זיכ צעלאזט לענגויס דער ליניע, זוכנ דאס ארט פונ דער אוואריע.

זיי האבנ עס באלד געפונענ: איינער פונ די אנשפארנ איז געשטאנענ קוימ אנגעבויגנ, שטארק אנגעצויגנ די דראטנ, דער צווייטער נאכ אימ איז געווענ אנגעבויגנ אונטער א ווינקל פונ 30 גראד, דער פערטער איז געלעגנ אפ דר'ערד. ער איז געווענ אפגעברענט, די איזאליאטארם צעשמאלצנ.

דרײַ טעג אונ דרײַ נעכט האבנ די מענטשנ געארבעט באמ רעמאנטירנ די הויכוואלטיקע ליניע...

אינ אײנעמ א פארנאכט איז ראָזענבערג ארײַנגעגאנגענ אינ דער האלב־אויסגעבויטער געבײַדע, ווו ער האָט צווישנ די דרײַ ווענט אײַנגעאָרדנט אנ עס־צימער פאר די ארבעטער. ער איז געווענ שרעקלעכ מיד, באוואקסנ אונ אויסגעשמירט אינ לײמ. ער האָט זיכ אנידערגעזעצט אפנ דיל אונ זיכ אָנגעשפּארט אָנ דער וואנט. אינ געדאנק איז בא אימ דורכגעלאָפנ דאָס געשעענע פאר די לעצטע דרײַ טעג. ער האָט געטראכט: אניסימאָוו, דזשאלמאגאָמבעטאָוו, יאָזעפאָוויטש... אײנ פעסט־צעמענטירטע סאָוועטישע מישפּאָכע — גראניט געמישט פונ פארשײדענע שטאָפנ. אָט ליגט מײַנ קאָפּ אָפּ א שטיקל גראניט צונויפגעשמאָלצנ אינ די גרויסע פײַערנ פונ דער אורוועלט — פרוו צעשמעטער עס.

בא דער טיר האָט זיכ דערהערט א באוועגונג. פונ דער בויונג איז געקומענ קאהאנ — דער בארימטער מאָנטאזשניק. מע האָט אימ אהער ארויסגערופנ אפ קאָנסולטאציע. קאהאנ האָט געבראכט מיט זיכ אָנ עמער.

— א גרוס! — האָט ער אויסגעשריגנ נאָכ בא דער טיר, צו־ לײגנדיק די האנט צומ שלײפ, — געקומענ אינ אײַער רעשוס. אונ אָט דאָס האָבנ אײַכ געשיקט די ווײַבער.

אינ עמער איז געווענ געבעקס — פונ אויבנ איז ער געווענ צו־ געדעקט מיט א טעלער. ראָזענבערג האָט אראָפּגענומענ דעמ טעלער אונ האָט א קוק געטאָנ אפ אימ. א ברײטער געפלאסטערטער הויפ האָט אימ א בליאסק געטאָנ אינ די אויגנ. אפנ הויפ איז געשטאנענ א האָנ א גיבער אינעמ רומפולנ בלענד פונ זײַנע רויט־גרינ־גאָלדענע פעד־ דערנ. זײַנ קרעפטיקע ברוסט איז געווענ אָנגעשטרענגט אונ זײַנ גאנ־ צער קערפּער אויסגעבויגנ, ווי א מעכטיקער האָרנ, וואָס איז גרײט געווענ אויסשרײַענ א בסורע אפ דער גאנצער וועלט: ניצאָכנ! ניצאָכנ!

אונ אינגיכנ, אז די ארבעטער זײַנענ געקומענ עסנ אונ מע האָט צעגאָסנ די מאשקע אינ בעכער אונ קענדלעכ, האָט ראָזענבערג אופ־ געהויבנ דעמ אלטנ אמסטערדאמער בעכער אונ האָט געזאָגט:

— באווײרימ! איכ בינ אײַכ שולדיק געבליבנ א טאָסט. פאר אונדזער ניצאָכנ איבערנ פאשיזמ!

דאָס אלטע גאָלד האָט א שטראל געטאָנ פונ הינטער די שפּי־ צעכדיקע טורעמס אפנ בעכער, אונ עטלעכע צענדליק קויסעמ האָבנ א קלונג געטאָנ אינעמ באגילדעטנ זילבער.

# דער הונדערטסטער מערידיאַנ

„פאר מוסיענ זײַ רויק, — האָט שנעל געשריבנ קראַנבערג, — איר געזונט ווערט אלצ בעסער אונ בעסער, אונ ביכלאל איז איר צוקילונג א נארישע מײַסע. אינ אלצ איז שולדיק די נײַ־יאָר־נאכט. די נײַ־יאָר־נאכט, א פארלאָרענער שוכ אונ — דער הונדערטסטער מערידיאַנ, אויב דו ווילסט וויסנ. נאָר דאָס אלצ וועל איכ דיר באַשרײַבנ שפּעטער. אצינד זאָג מיר, טײַערע, ווענ קלײַבסטו זיכ אהיימ? כ'האָב מוירע, אז ביז דו וועסט קומענ, וועסטו שוינ זײַנ לעמאזל א באָבע, כ'האָב שיר ניט געזאָגט א זיידע"...

ס'איז געווענ שפּעט. דער זייגער האָט באַוויזנ האלב צוויי, אינ פיר־פינפ שאָ ארומ האָט קראַנבערג געדארפט שוינ אופשטײַנ צו דער ארבעט. א זיסע מידקײַט האָט געצויגנ אימ אנידערלייגנ זיכ באַקוועמער אפ דער קאנאפּע אונ אײַנשלאָפנ ווערנ. נאָר ער האָט זיכ ניט דערלויבט עס טאָנ, ער האָט געמוזט ענדיקנ דעמ בריוו צו דער מאַמענ, וואזוי סע זאָל דאָרט ניט זײַנ.

קראַנבערגס מוטער איז געווענ דער שטאָט־ארכיטעקטאָר אפ דער בויונג פונ נאָוואָקאמענסקער מעטאלורגישנ קאָמבינאט, ווו איר זונ האָט געארבעט אלס אינזשעניער פונ א בוי־באצירק. אצינד איז זי געווענ אינ א קאָמאנדירונג אינ דער גרויסער דאָרעמ־אוראלער געגנט־שטאָט אונ האָט אלצ ניט געוווּסט, ווענ וועט זי קאָנענ קומענ צוריק. זי האָט אוועקגעפירט אהינ אפ א קאָנקורס א פּראָיעקט פונ אנ אינדיווידועלנ ווינ־הויז אונ האָט אלצ ניט געקאָנט זיכ צוריקקערנ. אפנ אָרט האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז א סאכ פאָדערונגענ זעענ אויס גאָר אנדערש, ווי אפ דער בויונג האָט מענ זיכ עס פאָרגעשטעלט. אייניקע טײלנ האָט מענ געמוזט איבערפּראָיעקטירנ, אייניקע איבערצייכענענ, מאכנ נײַע אופשריפטנ, אונ דאָס אלצ האָט געפאָדערט צײַט אונ צײַט, אונ דאָ אינ דער היימ האָבנ די געשעפטנ

ניט געוואַרט: איר פּאַרטרעטער, נאָך אַ גאָר יונגער אַרכיטעקטאָר, האָט געפּלאַנטעוועט די איניאַנים, געפירט זיך ניט טאַקטיש און גע־בראַכט שאָדן. מוסיע, איר יונגע שנור, האָט געדאַרפט איינגיכן גע־בוירן, איר יונגיטשקע טאָכטער האָט זיך געמאַטערט מיט דער הויז־ווירטשאַפט — מיט איין וואָרט, אַלץ האָט געפאָדערט, זי זאָל וואָס גיכער קומען אַהיים.

קראַנבערג האָט זיך פאָרגעשטעלט אַף אַ מינוט זײַן מאַמע, ווי זי גייט איבער די גאַסן פון דער גרויסער שטאָט, אַ הויכע, אַ ברייט־ביינערדיקע אין אַ ווײַסן פויערשן פעלץ, אין גרויסע פּוישטן, מיט אַ פּוטערנעם מאַלאַכײַ אַפן קאָפּ. דער פראָסט איז גרויס, אַרום דער זון שטייט אַ מוטער־פּערלנער קרײַז, וואָס שמעלצט זיך בײַ די זײַטן פון דער זון און בילדעט אויס צוויי פאַלשע זונען. צוליב וואַרעמ־קײַט האָט די מאַמע אײַנגעצויגן דעם פעלץ מיט אַ ברייטן רימענעם פּאַס און דעם פּאָרטפעל האָט זי איבערגעלאָזט אין דער היים, נאָר די גרויסע כעזשבנ־ווירע אינעם טונקעלן שיידל האָט זי גענומען מיט זיך און אַרײַנגערוקט זי אין גאַרטל. איר גרויס פּאָנעם איז רויט־צעפּלאַקערט פון דער קעלט, און יעדער קנייטשעלע אַף דעם איז ווי אונטערגעפירט מיט אַ בלויען בלײַער. בײַם זי גייט אַזוי איבער דער טאָם, עטוואָס געבויגן פון דעם פראָסט, מיטן טונקעלן שיידל אינעם גאַרטל, די הענט אַרײַנגערוקט אין די אַרבל, זעט זי אויס ווי אַן אַמאָליקער האָלצהעקער, וואָס איז געקומען אין דער גרויסער שטאָט אַף פאַרדינסטן. און טאַקע, „זי האַקט האָלץ" — האָרעוועט גאַנצע טעג, און אַז זי קומט אין אָוונט אין איר שיין־אויסגעשטאַטן קיל־בעכן נאָמער פונעם בעסטן האָטעל, מוז זי זיצן אַ שטיקל צײַט אום־באַוועגלעך, ביז די מידקײַט און קעלט וועלן אַרויס פון איר, און סע וועט זיך באַווײַזן אַן אַפּעטיט צום עסן עפּעס.

קראַנבערגס מאַמע איז צו פרי געבליבן אַן אַלמאָנע — זי איז אַ „ווילער יאַט", אַ „זעלטענער באָכער", ווי סע זאָגן זײַנע כאַוויי־רים. פון קליינערהייט איז ער געווינט זײַן איר שטענדיקער כאַווער אין אַלע אירע אונטערנעמונגען, העלפן איר אין אַלץ, לייענען מיט איר צוזאַמען די זעלבע ביכלעך און העלפן איר דערציִען דאָס קליינע שוועסטערל זײַנס. ער פילט שטענדיק אָפּשײַ פאַר איר גרויסער ענערגיע און אַרבעטספעיִקײַט און איינצײַטיק — גרויסע צאַרטקײַט צו איר, דעריבער רופט ער זי מיט אַ סאַך ליבע, צאַרטע ווערטער,

נאָר שטענדיק אין מענערשן מין: „טײַערער", „ליבינקער", „געליג־קער" — ווײַל זי האָט פּרעכטיקע געלע האָר — און אפילו „בראַ־טוכא". מאָרגן איז פאָרשטעלן זי זיך, אזא יונגע, אין דער ראָל פון א באָבע, און קראָנבערג רופט זי בעסער „זיידע", און אלע לאַכן דערבײַ.

„וועגן אונדזער נײַ־יאָר־באַגעגעניש, — שרײַבט קראָנבערג ווײַטער, — איז א ביזאָיעג צו דערציילן, נאָר דיר איינער קאָן איך עס פאַרטרויען, לײַט ווייסן נאָך ביז אצינד גיט דעם עמעס, און מיר קלײַבן זיך ניט דערציילן זיי די מײַסע, פונדעסטוועגן איז זי גאַנץ אינטערעסאַנט, און איך וועל זי דיר באַלד באַשרײַבן, נאָר לייען מיט קאָפּ!

געקומען בין איך דעם 31־טן אהיים האַלב אכט אזייגער, א באַוואַקסענער, א דערפרוירענער, מיט א רויטער נאָז, מיט א פאַר־בלאָזן פּאָנעם, ווי אלע מיר אָפּ דער בוווגג. אָ, די לעצטע טעג פון דער פּראָדוציר־פּראָגראַם, גיט גרינג קומען זיי אָן! ווען וועט עס זײַן, אז א באַצירק־אינזשעניער זאָל באַגעגענען דאָס נײַע יאָר גיט א פאַרדולטער, ניט מיט א רויטער נאָז, ניט מיט באַקן, צעשניטן פונעם אײַליקן גאָלן זיך? ווען וועט עס זײַן, ער זאָל ניט פאַרשי־קערט ווערן פונעם ערשטן גלעזל מאַשקע און אפילו אָן א גלעזל מאַשקע, נאָר פון דער פאַרמקײַט און רו! ערשט נאָכן דריטן־פערטן גלעזל ווערן מיר אופגעמונטערט און פריילעך, און דעמלט קאָנען מיר הוליען ביזן ווײַסן טאָג אַרײַן, אָבער טבילעס גלוסט זיך נאָר זיצן, זיצן, זיצן אָן קיין שום באַוועגונג, שמועסן פרײַנטלעך מיט באַווירים, חיודן שטיל און טרינקען זיסע טיי מיט מילך...

מיט איין וואָרט, איך בין געקומען אהיים האַלב אכט אזייגער. אינגיכן זײַנען געקומען אירע מיט לעאָנידן און די פּיאָדאָראָווס. מיר האָבן זיך אלע געקליבן צו די אָסטראָווסקים. אפֿן פענצטער זײַ־נען שוין געשטאַנען עטלעכע פלעשלעך „ווײַסער מאָסקווער" און „רויטער" אוראַלער, היגע פּראָדוקציע, פאַרפּראַוועט, פאַרשטייט זיך, מיט דער אומפאַרמײַדלעכער טשערעמוכע. מיר האָבן געדאַרפט זיי מיטנעמען מיט זיך. דערווײַל האָבן מיר פונעם צימער געמאַכט א פאַריקמאַכערײַ. מיר האָבן אלע גענומען זיך ראַזירן, און די ווײַ־בער — זיך קרויזן, אייגנטלעך, נאָר אירע און פּיאָדאָראָווס ווײַב —

מוסיענ האָט מענ צוגעשיקט פונ מאָסקווע מעטאַלענע פּאָפּיליאָטקעס
„ביגודי“, אונ זי גייט אינ זיי ארומ מעסלעסנווײַז.

ערשט מיר הערנ — סע רעדט די ראַדיאָ. וואָס זשע רעדט מענ
אינ ראַדיאָ? מע באַגריסט, ווײַזט זיכ ארויס, די באַפעלקערונג לויט
די צײַט־גאַרטלענ — יעדע שאָ א נײַעמ צײַט־גאַרטל — מיטנ גליק־
לעכנ נײַ־אָנגעקומענעמ יאָר. פּלוצעמ הערנ מיר: „א גרוס אײַכ, אײַנ־
ווינער פונעמ הונדערטסטנ מערידיאַנ! א גרוס צומ נײַעמ יאָר! פּאָ־
ליאַרניקעס אַפ די ווײַטע אינדזלענ, יעגער אינ דער טײַגע, גאָלד־
גרעבער אַפ דער לענע, אײַנוווינער פונ דער בליִענדיקער שטאָט באָ־
דײַבאָ! נעמט אָנ א גרוס פונ אונדזער לאַנד אונ פונ אונדזער רעגי־
רונג“...

איכ זע, אלע האָבנ זיכ פאַרטראַכט... אַכ, סיביר, סיביר! סיביר
אונ מילכאָמע! אויכ דײַנ האַרצ קלאַפּט, געלינקער? איכ זע, פּיאָדראָ־
ראָוו עפּנט א פלעשל... אונ מיר האָבנ אויסגעטרונקענ פאַרנ הונ־
דערטסטנ מערידיאַנ אונ פאַר די יעגער פונ דער טײַגע אונ פאַר דער
ווילער גאָלדרײַכער שטאָט באָדײַבאָ... די צײַט גייט דערווײַל. מיר
גאָלנ זיכ, אונ רײַבנ זיכ, אונ וואַשנ זיכ, א שאָ גייט אַוועק, אונ מיר
הערנ: „א גרוס אײַכ, אײַנוווינער פונ מײַרעוו־סיביר! שאַכטיאָרנ
פונ קוזבאַס, אַרבעטער פונ מעטאַלורגישע זאַוואָדנ, באַפעלקערונג פונ
אַלטײַ אונ פונ דער וואַלדיקער באַרג־שאָריע...“ נו, טײַערינקער, דאָ
האָבנ זיכ אונדז געשטעלט טרערנ אינ די אויגנ, ווי מיגאַסטאַמ בא
דיר אַצינד, ביים דאָ לייענסט די דאָזיקע שורעס, צי עפּשער האָסטו
אַלײַנ געהערט די דאָזיקע ווערטער אונ דעמאָלט האָט זיכ פאַרצאַפּלט
בא דיר יעדער איווער... אַכ, דאָס ערשטע מילכאָמע־יאָר אינ מײַ־
רעוו־סיביר! די בוויונג פונעמ מיליטערישנ זאַוואָד, אונ מיר, צוויי
עוואַקוירטע ספּעציאַליסטנ — דו באַמ פּראָיעקטירנ אונ איבערפּראָ־
יעקטירנ אונ צופּאַסנ צו די מילכאָמע־באַדינגונגענ פאַרשיידענע גע־
בײַדעס, אונ איכ, א יונגער צוצעק, ערשט פונעמ אינסטיטוט בא אזא
שווערער אומגעוויינלעכער פּראַקטיק! אָ, דער צוועלפטער צעכ מיט
זײַנע בעטאָנ־זײַלנ! וויפל איכ וועל לעבנ, וועל איכ זיי ניט פאַר־
געסנ... קיינמאָל האָט מענ ניט געקאָנט וויסנ, ווי מע האַלט מיט זיי
אינ די דאָרטיקע שרעקלעכע פרעסט: אָט, דאַכט זיכ, וואַרעמענ זיי
זיכ, אונ דער בעטאָנ וועט באַלד אָנהייבנ גליווערנ, אונ אָט ווערנ
זיי פאַרפראָרנ, אונ פונ אַלצ ווערט אַשפּע... מיר פלעגנ וואַרעמענ

זיי מיט עלעקטרע, און מיר זײַנען געווען גרייט וואַרעמען זיי מיט אונדזערע אייגענע קליידער. ווי מע פלעגט דערציילן וועגן אַנדערע בוויונגען, און דאָך ווי פֿל מאָל פלעגן מיר דורכפאַלן, און וויפֿל מאָל פלעגן מיר פונדעסטוועגן זיגן, וואָס ווײַטער אַלץ אָפטער זיגן...

נו, דאָ האָבן מיר אויסגעטרונקען, טײַערער! ווער — פונעם ווײַסן, און ווער — פונעם רויטן. נאָר ניט מער ווי צו איין גלעזעלע, מער האָבן די ווײַבער ניט דערלויבט. מיר האָבן אויסגעטרונקען מיטאַמאָל אי פאַר מײַרעוו־סיביר, אי פאַר קוזבאַס, אי פאַר אַלטײַ, אי פאַר דער ווײַטער באַרג־שאָריע. געדענקסטו, טײַערער, דעם בייזן טײַך טאָם, דעם בײַטײַך פון דער גרויסער אָב? געדענקסטו די האַרבסט־געוויסערן אויף דעם דאָזיקן טײַך, ביים ער פלעגט בושע־ווען לעבן דער בוויונג, און איינמאָל האָבן מיר פלוצעם דערזען, ווי ער טראָגט מיט זיך אָן א שיר קלעצער, ברעטער, האָלץ און א לע־בעדיקע באַרזשע עפעס — און מיר האָבן סאַמע דעמלט געדאַרפט זיך אַריבערשיפן איבערן טײַך — דאָס אַלץ האָט אַראָפּגעוואַשן דער טאָם פון דער ווײַטער שאָריע, פון דאָרט, ווו ס'הייבן זיך אָן די בײַדע שטרעמונגען זײַנע... מיט איין וואָרט מיר האָבן אויסגעטרונ־קען אַזייגער אַכט מאָסקווער, אַזייגער צען היגע אוראַלער צײַט.

אין א שאָ אַרום האָט מען געדאַרפט באַגריסן אָמסקער געגנט, מיט וועלכער ס'איז בא אונדז אויך פאַרבונדן ניט ווייניק זיכרוי־נעס — א סאַך אונדזערע קאַדרען זײַנען דאָך פון דאָרט, און פיאָ־דאָראָוו — דער ערשטער. נאָר די ווײַבער האָבן געמאַכט א גוואַלד, אַז מיר זאָלן שוין גיין, וואָרעם אַניט וועלן מיר שוין פאַרשפּאַרן באַגעגענען דאָס נײַע יאָר און וועלן אַנשלאָפן ווערן פאַר אַלע־מען... און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין אין די „נײַע קאַטעדזשן", ווו ס'ע וווינט אָסטראָווסקי... איך ווייס ניט, טײַערער, וואָס האָסטו געטראַכט, ביים דו האָסט פּראָיעקטירט דעם דאָזיקן קוואַרטאַל. וואָס איז אַזוי אָפּגעריסן פונעם שטעטל... זאָלסט כאָטש געווען אים מיט גוטע וועגן באַוואָרענען... לעבער, גריבער און שניי־בערג, און די ברייטע טראַנשייע, וואָס דו האָסט זי צוגעדעקט מיט א בריקל קלוי־מערשט, און אַצינד איז דאָס בריקל באַדעקט דורכויס מיט אײַז, און די פאַרענטשע הוידעט זיך... דערנאָך די באַן־ליניע מיטן הויכן אָנ־שיט אויף איר. מיר האָבן געקלעטערט אויף איר, האַלטנדיק זיך אַלע פאַר די הענט, ווי אַלפּן־גייער. קוים איבערגעקראָכן, דערהער איך

פלוצעם א גוואלד: מוסיע האָט פאַרלאָרן א שוך — א שוואַרצע זאַמ־שענע טופליע (געדענקסט מינאסטאַם אירע יאָמטעוודיקע שיך) — פאַרלאָרן ניט פונעם פוס, פאַרשטייט זיך. ביסט אַצינד א גרויס־שטעטיקע מאַדאַם און קערסט געווים ניט געדענקען, אַז בא אונדז גייען די פרויען אָפּ באַלן אין וואַליקעס, און די שיך טראָגן זיי אין די הענט, פאַרוויקלט אין א גאַזעט. מוסיע האָט פון די הענט פאַרלאָרן א שוך, און מיר האָבן געהאַט צו זינגען און צו זאָגן... צוערשט האָבן מיר געזוכט לעבן זיך, דערנאָך האָבן מיר דערזען — ס'איז א פוסטע מײַסע — מע מוז קריכן איבער דער ליניע... ביז מיר האָבן געפונען דעם שוך, האָט מוסיע זיך צוגעקילט... מער איז ניט קעדײַ צו ריידן, אבי זי איז אַצינד געזונט. נאָר דערצייל אונדז, ליבינקער — וויאַזוי האָסטו באַגעגנט דאָס נײַע יאָר?".

קראָנבערג הערט אויף שרײַבן און פאַרטראַכט זיך וועגן דער מאַמען, וויאַזוי האָט זי געקאָנט באַגעגענען דאָס נײַע יאָר. דאָס איז אים ניט שווער פאָרצושטעלן זיך, ווײַל די מאַמע, מיט איר ענער־גישער נאַטור, האָט אים שוין ניט איין מאָל באַשריבן איר זײַן דאָרט אין געגנט־צענטער אפילע געגנוי — איר שכיינע פון האָטעל־צימער, די לערערן. און ער זעט פאַר זיך קלאָר, ווי די מאַמע זיצט בא דער אַרבעט דעם 31־טן אין איינעם פון די אַנשטאַלטן אין דער געגנט־שטאָט. דער פראָסט איז גרויס. די זון שטייט צווישן צוויי רעגנ־בויגנס, אויסגעבויגענע ווי צוויי שוואַך־באַפאַרבטע קלאַמערן. די מאַמע אײַלט זיך: זי כעזשבנט, זי צייכנט, זי מאָלט. איר גלוסט זיך פאַרענדיקן ביז זון־פאַרגאַנג. נאָר די זון נידערט אַלץ טיפער און טיפער. זי שטייט, א פײַערדיקער קײַלעך, באַם סאַמע האָריזאָנט, און וואָס רויטער זי ווערט, אַלץ געדיכטער גיסן זיך אָן די צוויי קלאַמערן מיט טיפע רעגנבויגן־פאַרבן: רויט, און געל, און גרין, און בלוי, און פיאָלעט־קאָליר... סאָפּקאָלסאָף גייט די מאַמע אַרויס, די ווירע אַרײַנגערוקט אין גאַרטל. זי גייט עטוואָס געבויגן אין איר ענג־פאַרצויגענעם פויערשן פעלץ, ווי א האָלצהעקער, וואָס האָט געטרײַ אָפּגעאַרבעט זײַן טאָג. די זון איז פאַרגאַנגען, און איבערן הימל ציט זיך א שמאָלע שאַרפע בלוט־רויטע שווערד — דער לעצ־טער אָפּשײַן פון דער זון. די מוטער אײַלט זיך... אין האָטעל איז יאָמטעוודיק, ליכטיק, און סע שמעקט מיט סאָסנע, אָפּ דער ערד וואַלגערן זיך גרינע נאָדלען — אָפּאָנעם, אַז מע פוצט ערגעץ א

יאָלקע. די מאַמע גייט אַרײַנ אינ איר שײנ אויסגעשטאַטנ גרויסנ קײַלעכלעכנ צימער אונ בלײַבט זיצנ אַפ אַ בענקל. די מידקײַט אונ די קעלט גייענ אַרויס פונ איר, ביז סע קומט דער אַפּעטיט אונ מיט אימ פאַרשיידענע היימישע געדאַנקענ. זי עסט דערנאָכ אַליינ וועטשערע אונ טראַכט, ווו זאָל זי באַגעגענענ דאָס נײַ־יאָר. מע האָט זי אײַנגעלאַדנ אינ פאַרבאַנד פונ די אַרכיטעקטאָרס אונ אינ קלוב פונ די בויער, ווו זי האָט ווייניקער באַקאַנטע, נאָר סע שטעלט זי אַפ דער טואַלעט: זי איז געווינט טראָגנ אונטערנ קלייד וואַרעמע מענערשע הויזנ, וואַטנע ספּעצ־פּלודערנ, אומפאַרמײַדלעכע פאַר יעדנ בויער, נאָר וואָס פאַר אַנ אויסזענ האָט אַפ זיי אַ דינ ווײַבערש קלייד! אונ אויסטאָנ זיי איז געפערלעכ אינ אַזאַ פראָסט — זי איז שוינ צופיל געווינט צו זיי. אונ דאָס קלייד גופע! די בופנ זײַנענ הויכ ביז די אויערנ — אַזעלכע גייט מענ שוינ ניט הײַנט, פונ אָנהייב מילכאָמע האָט זי זיכ ניט גענייט נאָכ קיינ רעכט קלייד. אינ אַזאַ טואַלעט, ווי אירער, קאָנ מענ ניט גיינ אַפ אָוונטנ, נאָר וווהינ זשע גייט מענ פונדעסטוועגנ?

פלוצעמ דערהערט זיכ אַ קלאַפּ אינ טיר. ס'קומט אַרײַנ אַ באַקאַנטע פרוי פונעמ שכײנעסדיקנ נומער — אַ לערערקע פונעמ ראַיאָנ, וואָס זיצט דאָ אַפ אַ קאָנפערענצ פונ קלאַסנ־אָנפירער. די מאַמע האָט זיכ באַפרײַנדעט מיט איר דאָ אינ האָטעל. זי איז אויכ אַ הויכע, אַ ברייט־ביינערדיקע, אינ אַ פויערשנ ווײַסנ פעלצ. זי טראָגט קײַלעכדיקע ברילנ אינ דיקע שוואַרצע ראַמעלעכ. זי האַלט אינ דער האַנט צוויי טעאַטער־בילעטנ אונ לייגט פאַר אײַנעמ דער מאַמענ.

די מאַמע לעבט אופ. אָט דאָס איז דאָס סאַמע געוואונטשענע פאַר זיי ביידנ. צווישנ פרעמדע מענטשנ איז נישקאָשע גיינ ערגער אָנגעטאָנ, אונ די פרעמדע זײַנענ דאָכ אויכ ניט אינגאַנצנ פרעמד, אונ סע דאַרפ זײַנ זייער ווויל באַגעגענענ מיט זיי צוזאַמענ דאָס נײַע יאָר. הײַנט די פאַרשטעלונג גופע! אונ ביידע קוקנ צופרידנ איינע אַפ דער אַנדערער.

זיי גייענ אַרויס אַפ די פראָסטיקע גאַסנ. אינ טראַמוויי שלעפּערט זיי פונ דער וואַרעמער ענגשאַפט. נאָר דער טעאַטער איז נאָענט, אונ זיי זיצנ אינגיכנ אינ די מיטלסטע רייענ אינ זייערע הויכע בופנ אונ ענגע קליידער (די הויזנ האָבנ זיי ניט אַראָפּגענומענ) אונ האַלטנ אינ איינ אויסרעכענענ, וויפל זײַנענ זיי שוינ ניט

געוועננ איננ אנ עמעסנ טעאטער. זיי איז זייער פרייִלעכ. נאָכ די לאַנגע כאַראָשימ אונ יאָרנ איננ די פּאַרוואָרפענע יִשוּוימ זעט זיי אַלצ אויס נײַ אונ פריש אונ וווּנדערשיינ: די געבײַדע, דער אוילעמ, די אַרטיסטנ... זיי נעמענ אופ די פאָרשטעלונג, „ווי דער ערשטער שנײַדער אפ דער וועלט" — זאָגט די מאַמע. איננ די אַנטראַקטנ היטנ זיי זיכ לאַנג אַרומגייג, מע זאָל ניט זענ די הויזנ. אונ זעצנ זיכ אוועק באַמ טישל אונ בעטנ זיכ דערלאַנגענ זיסע זאַכנ. עפּעס א שלאַק מיט לאַנגע וואָנצעס, אַפּאָנעמ אַנ אײַזנבאַנער, משעפּעט זיכ צו צו זיי, זעצט זיכ אַוועק באַמ זעלבנ טישל אונ האַקט א כאָכמע נאָכ א כאָכמע — אַפּאָנעמ א פּיק געטאָנ שוינ גאַנצ געשמאַק צומ נײַעמ יאָר... די צוויי פרויענ ווערט אַלצ פרייִלעכער אונ פרייִלעכער. איננ צווייטנ אַקט, ווו סע קומט צו א טראַגישער סיטואַציע, לאָזנ זיי א טרער, ווײַל זיי פילנ אַלצ טיפ אונ לעבעדיק. נאָר אינגיכנ לאָזט זיכ אויס די סיטואַציע אפ א גליקלעכסטנ אויפנ, אונ זיי לעבנ ווידער אופ. נאָר איינ זאַכ קימערט זיי. עפּעס גייט די האַנדלונג זייער שנעל. שוינ זשע פאַרמאָגט די פּיעסע נאָר דרײַ אַקטנ? וואָס זשע וועט זײַנ מיט דער באַגעגעניש פונעמ נײַ־יאָר? ס'איז דאָכ ניט מער ווי צענ אַזייגער — וועט מענ ענדיקנ פאַר צוועלפ? וווּהינ זשע וועט זיכ אַהינטאָנ דער אוילעמ, ווו וועט מענ באַגעגענענ דאָס נײַע יאָר?

ביימנ צווייטנ אַנטראַקט פאַרגייענ זיי טיפ איננ קאָרידאָר, קעדיי איבערלייענענ די אַפישע — עפשער איז דאָרט אָנגעשריבנ, אַז נאָכנ ספּעקטאַקל וועט זײַנ א „פאַרשיידנאַרטיקער דיווערטיסמענט", נאָר ניינ — אפ דער אַפישע איז גאָרנישט ניט אָנגעשריבנ.

צומ סאָפ פונ דריטנ אַקט ווערט די שטימונג בא די פרויענ א סאַכ ערגער, האַגאַמ איננ דער פּיעסע גייענ די געשעפטנ דאַפקע גוט. אונ ביימ דער אוילעמ באַגריסט מיט אַפּלאָדיסמענטנ דעמ גליקלעכנ סאָפ פונ דער פּיעסע אונ די שיינע שפּיל פונ די אַרטיסטנ, גיבנ זיי נאָר א פּאָר מאָל א פּאַטש מיט די רויטע פונ פראָסט אונ ווינט שאַרסטקע געוואָרענע הענט אונ בלײַבנ אומבאַוועגלעכ ישטיינ, ניט קוקנדיק איינע אפ דער צווייטער...

זיי גייענ אַרויס פונעמ טעאַטער האַלב צוועלפ אונ ווייסנ ניט וווּהינ גיינ ווײַטער. אפ די גאַסנ איז קאַלט אונ ליידיק. זעלטנ־ווענ לויפט דורכ א מענטש אָדער סע רוישט דורכ א פרייִלעכע פאַרשפּע-

טיקטע קאָמפּאַניע. זיי אײַלן זיך אין די הײַזער, וואָס שײַנען איצט מיט רויטע, ראָזע און געלע אַבאַזשורן. דאָרט איז ליכטיק און וואַרעם, פרײלעך און געמיטלעך. און אין גאַס איז קאַלט און אײַנזאַם, און סע שײַנען אין די סקווערן די קאַלטע, פאַרשלאָפענע, העל־באַלויכטענע „יאָלקעס". א פּראַסטיקער נעפּל ציט זיך איבער זיי. ווי זילבערן שפּינוועבס, און זיי וויגן זיך שטיל־שטיל און שלעפּערן אײַן אַף זייערע צווײַגן די קליינינקע ליאַלקעס און פּוּפּיקע העזעלעך. א קעלט שטעכט דורך די לײַבער פון ביידע פרויען, נאָר פּלוצעם דערהערן זיי א קאָל איבער זיך:

— א נײַ גליקלעך יאָר אײַך, אײַנוווינער פון אוראַל! מעטאַלורגן, מעטאַל־אַרבעטער, מאַשינבויער! אַרבעטער פון זאַוואָדן און בויונגען פון נײַע שטעט און דערפער! א ווונטש פאַר נײַער פּרוכטבאַרער אַרבעט! א גרוס פונעם גאַנצן לאַנד!

זיי קוקן איינע אַף דער אַנדערער און פאַרשטייען: דאָס באַגריסט זיי דורכן ראַדיאָ די רעגירונג. זי האָט אין זינען אַלע, וואָס געפינען זיך אַצינד אַף אוראַל: די, וואָס פאַרברענגען איצט אין א פרײלעכער קאָמפּאַניע, און די, וואָס שטייען בא א נייטיקער אַרבעט פון א צעך, און די, וואָס זײַנען אין גאַס, און די, וואָס זײַנען אין דער היים, און פונעם וואַרעמען פרײַנטלעכן קאָל דערפילן ביידע פרויען, ווי דינע פײַערדיקע שפּיזלעך הייבן אָן שטראַלן פון זייערע אויגן. די ליפּן און באַקן הייבן בא זיי אָן שטעכן, אין האַרצן ווערט ענג, און א קײַלעכדיקע טרער שטעלט זיך אָפּ אין איינעם גריבעלע פונעם אויג און שטייט, קײַקלט זיך ניט אַראָפּ, דערפאַר טאַקע שטראַלן אַזוי די אויגן, און פול מיט געפיל פון פרייד און דאַנקבאַרקײַט, דערלאַנגען זיי זיך ביידע די הענט און צעקושן זיך האַרציק אין מיטן גאַס.

— הוליען איז הוליען, — זאָגט דערמלט די מאַמע, — נאָך צו פרי גיין אַהיים. קומט, לאָמיר גיין צו די אַרכיטעקטאָרס.

— ווי איז דאָס מעגלעך, — צווייפלט די לערערקע, — אין אַזעלכע בופּן? און די הויזן?

נאָר די מאַמע וויל גאָרנישט ניט הערן:

— מירן פאַרקריכן אין א ווינקעלע, און קיינער וועט ניט זען. איבער דער גאַס פליט דורך א פורמאַן מיט א שליטעלע. דאָס לייזט די פראַגע.

— איי, איזוואַזשטשיק! — שרײַט די מאַמע איבער דער ווײַסער אָנגעפּרויירענער גאַס.

— יעסט, — ענטפערט פּרײַלעכ דער פּורמאַנ, — אַ גוט יאָר אײַכ, בירגערנס!

אונ זיי זעצנ זיכ אַרײַנ אינ שליטעלע אונ פּליִענ פאַרבײַ די שלאָפנדיקע, העל־באַלויכטענע „יאָלקעס", פאַרבײַ די הײַזער מיט דויטע, ראָזע אַבאַזשורנ, אונ אַ פּרעכטיק געפּיל פונ ערעוו־פרייד נעמט זיי אַרום, אַ געפּיל, וואָס איז נאָכ טײַערער ווי די פרייד אַלײנ...

---

קראָנבערג קומט צו זיכ. ער איז קימאַט אַנדערעמלט געוואָרנ אי־בער דעם בריוו, אונ ער מוז דאָכ אימ ענדיקנ. ניט מאָרגנ, ניט איבער־מאָרגנ וועט ער דערופ קײנ צײַט ניט האָבנ, אונ די מאַמע וועט אַרומגיינ דאָרט אומרויִק אונ וועט ניט קאָנענ אַרבעטנ. ער באַשליסט אַרויסגיינ אינ דרויסנ זיכ דערפרישנ. ער גייט אַרויס פאַרזיכטיק אונ שטיל, קעדיי ניט וועקנ מוסיענ. זי אָטעמט שטיל אונ רויִק. אינ עטלעכע טעג אַרום וועט זי אימ געבוירנ אַ קינד.

אינ דרויסנ איז אַ סאַכ וואַרעמער, ווי באַטאָג, אונ סע דאַכט זיכ, אַז די וואַרעמקײַט גייט פונ דער לעוואָנע. זי שטייט אינמיטנ הימל אַ קליינינקע, אַ זילבערנע, אַ היימישע, אָנ רעגנבויגנס, אָנ פאַלשע לעוואָנעס אַרום זיכ, זי איז ענלעכ אָפּ דער מעדאַל „פאַר געוואַגטקײַט". אונ טאַקע, ס'קומט איר אַ לויב פאַר אַזאַ העלער קי־מאַט באַטאָגעדיקער שײַנ, באַ אַזאַ קליינעם פאַרנעם אירנ, אונ פאַרנ געוואַגטנ פרירנ אָפּנ פראָסט. זי באַשײַנט טרײַ אונ איבערגעגעבנ דעם גאַנצנ שעטעכ פונ דער בויונג, אונ מענטשנ אַרבעטנ אומגע־שטערט אינ איר שײַנ, ווי באַטאָג. די באַנאַכטיקע וואַכטעס פּילנ אויס מיט דערפּאָלג זייערע גאָרמעס, די בליצנ פונ דער עלעקטראָ־שווייסונג שאַטנ ניט צו די אויגנ.

אַ מאַשיניסט רוקט זיכ אַרויס פונעם לאָקאָמאָטיוו פונ דעם ערשט אָנקומענדיקנ צוג אונ באַגריסט אַלעמענ. ער, דער מאַשיניסט, איז שוינ לאַנג ניט געווענ אינ דער היימ, אונ אַצינד דערקענט ער אינ דער הערלעכער שײַנ די ליבע אונ די טײַערע פּרצופּים זײַנע אונ טוט אויס מיט פרייד זײַנ היטל אָפּנ פראָסט. אָפּנ האָריזאָנט שײַנט מיט פונקענ דער מעכאַנישער זאַוואָד, וואָס קראָנבערג האָט

איניינעמ מיט אנדערע אויסגעבויט אונ וואס אציינד מאנטירט ער אימ שוינ. אינגיכנ וועט דער זאוואד אוועק אינ עקספלואטאציע, אינגיכנ וועט קראנבערג ווערנ א טאטע, אינגיכנ — וואס נאכ? אונ קראנבערגס הארצ ווערט פול מיטנ געפיל פונ ערעוו פרייד, וואס איז נאכ טייערער פונ דער פרייד אליינ...

ער גייט אריינ אינ שטוב אונ ענדיקט דעמ בריוו צו דער מאמענ:

„כ'האב אט ערשט געדרעמלט, אונ מיר האט זיכ געכאלעמט, אז דו האסט באגעגנט גנ־יאר אינ גאס. איכ ווייס, אז ווו דו זאלסט ניט באגעגענענ — אינ גאס, אינ קלוב, צי הי, צי אפנ הונדערטסטנ מערידיאנ, וועסטו אומעטומ זעהנ א ווילער יאט, נאר אויב סע וועט דיר אויספאלנ אמאל א מינוט פונ איינזאמקייט אונ אומעט — אינ לעבנ טרעפט זיכ אלצ, מיר זיינענ דערוויל נאכ ניט גאראנטירט — ווייס איכ אויכ, אז שטענדיק וועט זיכ דערהערנ לעבנ דיר א קאל פונ פריינטשאפט אונ פונ מוט, אונ פונ דער לייד וועט ווערנ א פרייד. דו פארשטייסט ניט אינגאנצנ מיינע ווערטער, ווילסט וויסנ גענויער זייער באטייט? איז קומ צו פארנ וואס גיכער, וועל איכ דיר דערציילנ, אגעוו וועסטו ווערנ א באבע, כ'האב שיר ניט געזאגט — א זיידע. וואס גייט דיר דענ אפ?..”

אונ מיט א צעהעלטנ שמייכלענדיקנ פאנעמ גייט קראנבערג שלאפנ.

# א מײַסע מיט א פארנײט הארצ

1

בײַם מע רעדט בא אונדז אפ דער בױונג װעגנ מורע קאהאנ, גיט מענ שטענדיק צו: „איר װײסט, — א יענע... װאָס האָט כאסענע געהאט דורכ דער ראדיאָ"... אונ אלע װײסנ, װעגנ װעמענ מע רעדט אונ װעגנ װאָס מע רעדט זיכ. ס'זײַנענ אָבער שטענדיק פאראנ מענטשנ, װאָס האָבנ ליב פארגעבנ קלאָץ־קאשעס, אונ אזעלכע פרעגנ באלד (צומײנסטנ, אױב זײ זײַנענ פונ די נײַ־אָנגעקומענע): „זאָגט מיר, איכ בעט אײַכ, װאָס זשע האָט צו טאָנ אײנ אָט דער גאנצער מײַסע אָט יענער... דער הױכער... דער װאסערלײטלער... פונ די כיסמאטוליגער ארצ־גרובנס? איר װײסט, װעגנ װעמענ איכ רײד!.."
אונ דעמלט װערט א שטילשװײַגעניש, װײַל קײנער קאָנ אפ דער פראגע קײנ ענטפער ניט געבנ. אונ דאָכ פילנ אלע, אז די מײַסע איז גאָר ניט אזױ גלאט, אונ די פראגע איז טאקע א פראגע. מע װאָלט אװאדע געװאָלט דערגײנ דעמ עמעס, נאָר אז מע זאָגט ניט, מאכט מענ זיכ הארצ — אונ אנ עק.

אונ מיר מעלדנ אָפיציעל, אז מיר קאָנענ דערצײלנ די דאָזיקע געשיכטע, אונ מיר האלטנ עס אפילע פאר אונדזער כױװ — אדרעבע, זאָל מענ זענ, װאָס עס איז אזױנס אונדזער קאנט אונ װער סע זײַנענ אונדזערע מענטשנ, ניט מער, מיר האָבנ מורע א ביסל פארציִענ די דערצײלונג, װײַל מע מוז זי אָנהײבנ פונ גאנצ װײַט. פונדעסטװעגנ װעלנ מיר זי דערצײלנ, אונ זאָל מענ אפ אונדז קײנ פאריבל ניט האָבנ, אױב זי װעט ערטערװײַז זײַנ ניט אזױ גלאט — דאָס װעט זײַנ טאקע מאכמעס אונדזער װילנ קירצנ דעמ אײסעק װי װײַט ס'איז מעגלעכ. מיר װאָרענענ אױכ, אז אָנהײבנ װעלנ מיר ניט פונעמ „װאסערלײטלער" אונ אפילע ניט פונ מורע קאהאנ, נאָר

ראַפּקע פונ מישע גרינבערג, וואָס שפּילט אינ דער דאָזיקער געשיכטע
א וויכטיקע ראָל. אזוי־ארומ הייבנ מיר אָנ, אונ מיר בעטנ גוט געדענ־
קענ דעמ טנײַ, וואָס מיר האָבנ אויסגענומענ.

מישע גרינבערג איז געווענ א לייטענאנט פונ יאַמ־אינפאנטעריע.
ער איז שוינ דאָס דריטע יאָר אפנ פראָנט. ער איז געווענ א ראָטע־
קאָמאנדיר. די מערהײַט פונ זײַנע שלאַכטלײַט האָט ניט געהאט ניט
קיינ ווײַבער, ניט קיינ קאַלעס, א סאַכ האָבנ אָנגעווווירנ זייערע על־
טערנ אונ זייערע נאָענטע אונ פלעגנ באַקומענ ווייניק בריוו. די קרי־
גערישע מי, האָט זיכ מישענ געדאַכט, איז זיי געווענ שווערער ווי
אינ די אַנדערע ראָטעס. האָט ער דעריבער זיכ געווענדט דורכ דער
ראַדיאָ צו דער גאַנצער באַפעלקערונג פונעמ לאַנד מיט א ביטע
שרײַבנ צו זײַנע שלאַכטלײַט. אינגיכנ האָבנ אָנגעהויבנ גיינ בריוו
פונ אַלע עקנ. ס'האָבנ געשריבנ מענער אונ פרויענ, אַרבעטער אונ
קאָלווירטניקעס, יונגע מיידלעכ אונ הויזווירטנס — מוטערס פונ
אַרמייער. מישע פלעגט באַקומענ די בריוו אַפ זײַנ נאָמענ אונ פלעגט
זיי צעגעבנ זײַנע שלאַכטלײַט, אונ יענע פלעגנ שוינ ענטפערנ אונ
שליסנ באַקאַנטשאַפט מיט די אַדרעסאַטנ. זיכ אַליינ האָט ער באַ־
שלאָסנ נעמענ דעמ פופציקסטנ בריוו.

ער איז מעקאַנע געווענ די דאָזיקע, וואָס האָבנ זיכ שוינ געהאַט
באַקענט דורכ די בריוו מיט אינטערעסאַנטע מיידלעכ, ווײַל ער האָט
אויכ ניט געהאַט ניט קיינ ווײַב, ניט קיינ קאַלע. סאָפסאָלסאָפ האָט
זיכ באַקומענ דער פופציקסטער בריוו. ער האָט אימ גענומענ זיכ, נאָר
עפענענ אימ האָט ער ניט געהאַט קיינ צײַט, ווײַל דער טאָג איז גע־
ווענ פול מיט מי אונ מיט געפאַרנ, וואָס האָבנ ניט אָפּגעלאָזט אַפ
קיינ מינוט. ער האָט אַרײַנגערוקט דעמ בריוו אינ בוזעמ־קעשענע,
עטלעכע מאָל פאַרגעסנ אָנ אימ אונ ווידער דערמאָנט זיכ, אונ אינ
אַזעלכע מינוטנ האָט זיכ אימ געדאַכט, אַז ער פילט די וואָג פונ דעמ
בריוו, אַלע זײַנע קנייטשנ אונ קאָנטורנ דורכנ גרינגנ צײַג פונ זײַנ
קיטעל אונ אַז זי העלפט אימ אפילע אינ שלאַכט. ווער — זי?

סאָפ טאָג האָט ער געפּאַקט א פרײַע מינוט אונ האָט געעפנט דעמ
בריוו. באַלד האָט ער אָבער דערפילט א מאָדנעמ מינ געפיל פונ
פאַרדראָס, באַפרידיקונג אונ איבערראַשונג צוזאַמענ: דער בריוו איז
געווענ ניט פונ קיינ מיידל אונ בכלל ניט פונ קיינ יאָכיד — ס'איז
געווענ א קאָלעקטיווער בריוו, אונ געשריבנ האָט אימ אַנ אַרטעל יע־

גער פון קאמטשאטקע, וואָס זײַנען איינציצײַטיק געווען אַ שייוועט פון אַ קימאט פארשווינדנ פאָלק — אזוי האָבן זיי וועגן זיך גע־שריבן — און געשיקט די בעסטע גרוסן מישען און זײַנע שלאכט־לײַט. זיי האָבן בײַגעלייגט זייער פאָטאָגראַפיע, ווו מע האָט זיי געזען שטיין אָפּ ליזשעס אין אַ האלב־קרײַז און זיי זײַנען געווען אזוי אָנגעפּעלצט, אַז מ'האָט ניט געקאָנט פאַנאַנדערקלײַבן, ווער פון זיי איז אַ מאַנצבל און ווער — אַ פרוי. בײַ זייערע פיס איז געלעגן זייער פּראָדוקציע — פעלן און פוטערם פון ווילדע בהמות, וואָס זיי האָבן געשאָסן אין די טײַגע־וועלדער.

מישע האָט די ערשטע מינוט גאָרנישט ניט פארשטאַנען, אַזוי איז ער געווען פארגליבט אינעם מיידל, וואָס האָט אים געדאַרפט שיקן דעם דאָזיקן בריוו. אים האָט שרעקלעך פאַרדראָסן, אַמײַ שרײַבט זי ניט אים, נאָר אַן אַנדערן — אין איר עקזיסטענץ האָט ער ניט געצווייפלט. און ערשט דערנאָך איז אים געקומען אין קאָפּ, אַז פאַר אים ליגט אַ פלאַמיקער באַווײַז פון ליבע, אַ פרעכטיקער ליבע־געשאַנק, וואָס מע דאַרף אים ארומטראָגן מיט יזרעם־האַקאָוועד אָפּן האַרצן. און ער האָט ווידער אוועקגעלייגט דעם בריוו אין זײַן בוזעם־קעשענע און האָט שוין ניט געפילט אזוי דעם „פאַראַט".

אָפּ מאָרגן האָט זיך געמאַכט אַ רויִקער טאָג, און ער האָט אָנגע־שריבן אַ ליבלעכן ענטפער צו די יעגער פון קאַמטשאַטקע. איינציצײַ־טיק האָט ער באַשלאָסן מאַכן נאָך אַ פּרוּוו און נעמען זיך דעם איינ־און־פופציקסטן בריוו. דער דאָזיקער בריוו איז געווען פון מורע קאַהאַן.

מורע האָט געשריבן, אַז זי אַרבעט אָפּ דאַרעמ־אַוראַל, אַ לערערין פון די אָנפאַנג־קלאַסן אין אַ שול בײַ אַ נאָוואָקאַמענסקער בויונג — דאָ בויט זיך אַ מעטאַלורגישער קאָמבינאַט — איר פאָטער איז דער ברייט באַוווּסטער מאָנטאַזשניק גאָוורזעל קאַהאַן, דער אינסטרוקטאָר פון סטאַכאַנאָווישע מעטאָדן. איר פעטער סאָלאָמאָן קאַהאַן איז אַ טעכרוק אין דער היגער זעג־מיל. ער איז אַ געבילדעטער מענטש — אַ וואַלד־בראַקער, און זי האָט צו אים גרויס אכטונג (ס'איז געווען פריער אָנגעשריבן „ליבע", נאָר דערנאָך פאַרמעקט און איבערגע־מאַכט — מורע האָט, אָפּנעם, געהאַלטן, אַז פאַר אַ דערוואַקסן מיידל פּאַסט ניט דער אויסדרוק „ליב האָבן" אַ פעטער). כוץ דעם האָט זי אַ מוטער און אַ ברודערל פון פינף יאָר. די אַלע יעדנס

אינגעמ האָבנ אָבער פארנומענ א קלייג אָרט אינ איר בריוו. דער הויפט־אינהאלט איז באשטאנענ פונ א לאנגער אָפהאנדלונג וועגנ העלדישקייט, וועגנ פריינטשאפט אונ וועגנ דער ליבע צומ היימלאנד, אונ אלצ איז געווענ באווארנט מיט ציטאטנ פונ מאיאקאָווסקינ, גאָרקינ אונ סימאָנאָווג. צומ סאָפ פונ בריוו האָט זי געבעטנ דעמ אומבאקאנטנ שלאכטמאנ איר ענטפערנ, ווי נאָר „ס'וועט איינשלאָפנ דאָס שלאכט־פעלד".

מישע איז פארשיקערט געוואָרנ, לייענענדיק דעמ דאָזיקנ בריוו. ער האָט אויכ ליב געהאט לייענענ ביכער, ארייגלאָזנ זיכ אינ טיפ־פילאָסאָפישע „אלגעמיינע" שמועסנ אונ אונטערהאלטנ זיינע געדאנקענ מיט ציטאטנ. ער האָט זיכ זייער לעבעדיק פאָרגעשטעלט דאָס טייערע מיידל, וואָס איז אימ שוינ געווענ נאָענט פונעמ ערשטנ טאָג, ווענ ער האָט אָנגעהויבנ טרוימענ וועגנ א בריוו פונ איר. פונ דער ערשטער שורע אינ איר בריוו האָט ער שוינ אָנגעהויבנ צוטראכטנ אנ ענטפער אפ אימ, אונ אזוי האָט ער געלייענט, טראכטנדיק אונ מאָמענטאל געפינענדיק אנ ענטפער אפ דער ערשטער שורע, אונ אפ דער צווייטער, אונ אפ דער דריטער. פרעכטיקע געדאנקענ זיינענ אימ געקומענ אינ קאָפ אריינ, אָריגינעלע פארגלייכונגענ, טרעפלעכע ציטאטנ. ביים ער האָט געענדיקט לייענענ דעמ בריוו, איז בא אימ אינ קאָפ שוינ פארטיק געווענ א זעלטנ־געלונגענער ענטפער. ס'איז געבליבנ אימ נאָר אופשרייבנ. נאָר אָנגעשריבנ האָט ער אימ ערשט אינ צענ טעג ארומ אונ גאָר אינ אנ אנדער פאָרמ. אפנ פראָנט איז דעמלט געווענ „היימ". אונ דער גאנצער צוגעגרייטער ענטפער איז בא אימ ארויס פונעמ קאָפ. ער האָט זיכ דערמאָנט די שווער־איבערגעקומענע טעג, וואָס האָבנ אימ געמאכט רייפער אפ א סאכ כאדאָשימ, אונ עפשער — יאָרנ, אונ אָנשטאָט די לאנגע פאטעטישע שורעס האָט ער אָנגעשריבנ מורענ א קורצ אונ הארציק בריוול, אזוי ווי מע שרייבט צו א נאָענטנ מענטשנ, אונ האָט ניט געבראכט קיינ שומ ציטאטנ, אפילע ניט אָנגעשריבנ לויטנ מינהעג פונ א סאכ פראָנטאָוויקעס: „ווארט אפ מיר, איכ וועל קומענ", אזוי אז זי האָט געקאָנט מיינענ, אז ער ווייסט אפילע ניט פונ סימאָנאָווג. נאָר אנדערש האָט ער ניט געקאָנט. איינ זאכ האָט ער יאָ געטאָנ: ער האָט אריינגעלייגט אינ קאָנווערטל אויסשניטנ פונ צייטונגענ, ווו ס'זיינענ געווענ באשריבנ זיינע העלדישע טאטנ אונ דער באפעל, וואָס האָט אימ געבראכט זיינ

צווייטנ אָרדענ. דערנאָכ האָט ער געבעטנ שיקנ אים איר פאָטאָגראַפיע.

אַז מורע האָט באַקומענ זײַנ בריוו, איז זי איבעראַשט געוואָרנ. ער האָט געשריבנ דעם בריוו אינ גרויסע שווערִיקײַטנ אונ זייער ערנסט, אונ ס׳האָט זיכ אינ אים געפילט „דאָס עמעסדיקע״ אַזוי בוילעט, אַז ניט נאָר מורע, נאָר אויכ אַלע לערערקעס פונ דער שול האָבנ עס דערפילט. זיי האָבנ אָנגעהויבנ קושנ מורקענ אונ אָפּגעבנ איר מאַזלטאָוו. מורקע איז געזעסנ צווישנ זיי א בלייכע, א גליקלעכ־צעטראָגענע מיט די געקרויזטע צעפּאַטלטע „הערנער״ אַפנ קאָפּ אונ האָט ניט געוווּסט וווּהינ אַהינצוטאָנ אירע לאַנגע פיס, ווײַל זי איז געווענ זייער הויכ אונ די „הערנער״, וואָס זי האָט געטראָגנ לויט דער מאָדע, האָבנ זי געמאַכט נאָכ העכער.

— מיידעלעכ, — האָט זי אופגערוימט געזאָגט, — מיר געפעלט, וואָס ער שרײַבט ניט קיינ ציטאַטנ. איכ פאַרשטיי, אַז ער איז פאַרטאָג אינ עמעס העלדישער מי. ס׳איז נאָר א שאָד, וואָס ער האָט ניט אָנגעשריבנ פונ סימאָנאָוונ: „וואַרט אַפ מיר, איכ וועל קומענ״.

— א קלייניקײַט, גאַוורילאָוונא, — האָבנ זי באַרוּיקט די מיידלעכ, — דו זע נאָר פאָטאָגראַפיר זיכ אַפּ וואָס געלינגענער. צענעם די „הערנער״ — דו ביסט מיט זיי לאַנג ביזנ הימל.

אינ שול האָבנ געאַרבעט פיר מיידלעכ מיטנ נאָמענ „מאַריא״. קעדיי ניט פּלאָנטערנ, פלעגט מענ זיי רופנ מיטנ פאָטער־נאָמענ, ווי ס׳איז ביכלאַל אָנגענומענ אינ היגנ קאַנט: פיאָדאָראָוונא, טערענטיעוונא, אַבראַמאָוונא, גאַוורילאָוונא.

— איכ וועל זיכ פאָטאָגראַפירנ ביז האַלב, — האָט געזאָגט מורקע, וואָס האָט ניט געוואָלט צענעמענ אירע שיינע בלאָנדע „הערנער״ — זיי האָבנ אַזוי גוט געפּאַסט צו אירע גרויסע גרוי־גרינבלעכע אייגנ.

אונ זי האָט זיכ אַראָפּגענומענ אינ דער פאָטאָגראַפיע „פראָגרעס״, וואָס האָט זיכ געעפנט מיט א האַלב יאָר צוריק בא אונדז אינ שטאָט.

די פאָטאָגראַפיע איז איר געווענ גוט באַקאַנט. מיט א האַלב יאָר צוריק פלעגט זי דאָ שאָענווײַז איבערשטיינ, באַגלײַכ מיט אונדז אַלע, אונ קוקנ אינ דער אָפענער טיר אַרײַנ. קיינער פונ אונדז האָט זיכ ניט פאָטאָגראַפירט — מיר האָבנ זיכ געדאַרפט פריִער זאַט אָנקוקנ אונ צוגעווינענ זיכ צומ געדאַנק, אַז מיר האָבנ בא זיכ אינ דער נײַ־אופגעקומענער שטאָט, וואָס איז נאָכ אַפּ האַלב באַשטאַנענ פונ

ערד־שטיבלעך, אזא ווונדערלעכע זאך, אזא פּרעכטיק שפּילעכל, ווי א פאָטאָגראפיע — ניט א באָד, ניט א שפּיטאָל, ניט אַן אפּטייק — דאָס האָבן מיר שוין פארמאָגט פון לאַנג, און דאָס איז געווען פאר־ שטענדלעך פון זיך, — נאָר א פאָטאָגראפיע! די מערהייט האָט ניט אראָפּגענומען די אויגן פון די ווונדערלעכע זאכן, וואָס האָבן זיך געפונען אינווייניק — לאַנג פארגעסענע כפּייצים, וואָס לאַנג־ לאַנג אמאָל, ד״ה. פאר דער מילכאָמע, האָבן מיר אַליין פארמאָגט אזעלכע: בענקלעך — ניט טאַבורעטן — נאָר עמעסע בענקלעך מיט ווענטלעך, אַן וועלכע מע קאָן אָנשפּארן דעם מידן רוקן, שפּיגלען, וואָס מע קאָן זיי ניט באהאלטן אין א פּויסט, און א טעפּיך, אַן עמע־ סער טעפּיך, וואָס אז מע גייט אָפ אים, הערט מען ניט די טריט. היינט די „דעקאָראַציע״! דאָס איז אויך געווען אַן עמעסע „דעקאָראַ־ ציע״ — א ווענעציאַנער פּאַלאַץ מיט פּרעכטיקע מאַרמאָר־טרעפּ ביז אין די שוימענדיקע וואַסערן אריין.

דעמלט האָט ניט אויסגעהאַלטן דער געאָרעזיסט מאַלינאָווסקי און האָט זיך דער ערשטער אָפּגעפאָטאָגראפירט. און באַלד נאָך אים איז אוועק א סעדרע — דער פאָטאָגראַף איז מאַמעש געבליבן אָן הענט — אַלע האָבן געוואָלט זיך אראָפּנעמען „מיטן פּאַלאַץ״, און מורקע אויך צווישן אַנדערע — זי מיט אירע כאַווערטעס.

אצינד איז אָבער מורקע אריינגעגאַנגען אין פאָטאָגראפיע גאָר אַן אַנדער מענטש. זי איז שוין ניט געווען דאָס נייגעריקע מיידעלע פון א האַלב יאָר צוריק. אירע פיין־אויפגעהאַלטענע באַוועגונגען, דער גראציעזער גאַנג און דער שטאָלץ־אָפּגעוואָרפענער קאָפּ, גלייך זי וואָלט געטראָגן אָפּ איר רעקל אַן אָרדען אָדער א מעדאַל, האָבן שוין דעם פאָטאָגראַף אַלץ געזאָגט — וויפל האָט ער שוין געזען בא זיך אין אַטעליע אַזעלכע פּרויען —שטאָלץ־אויפגעהאַלטענע, בלייכלעכע פון די טיף־באהאַלטענע געפילן!

און ביים מורקע האָט געזאָגט: „איך וויל מיך אָפּפאָטאָגראפירן״, האָט ער איר גלייך נאָכגעזאָגט: „פאָרן פראָנט, פאר א שלאַכטמאַן...״

און ער האָט צוגערוקט מורקען א טישל. אָפן טישל האָט ער אוועק־ געשטעלט א פּאַפּירענעם בוקעט און א קליילעכדיק שילדל מיט א קליילעכדיקער אויפשריפט: „א גרוס פון אוראַל״. אינמיטן שילדל איז געווען אָנגעמאָלט א פייגעלע מיט א בריוו אין מויל — א רעמעז, אז מע וואַרט אָפ און ענטפער פון עם אדרעסאַט. מורקע האָט זיך אוועק־

געזעצט באַם טישל אונ אָנגענומענ א שטאָלצע אונ סוירעספולע פּאָזע, וועלכע זי האָט נאָכ פריער צוגעטראַכט אונ וועלכע וואָלט זיכ אַלציינס פונ זיכ אַליינ באַקומענ, אַזוי האָט זי איצט אַנטשפּראָכנ איר אינערלעכנ צושטאַנד, נאָר דער פאָטאָגראַפ האָט קאַליע געמאַכט דעם גאַנצנ אייפעק. ער האָט געוואָלט מאַכנ דאָס בילד נאָכ שענער, אונ דעריבער האָט ער אונטערגערוקט הינטער מורקענ די דעקאָראַציע פונעם פּאַלאַצ. מורקע האָט פאַרשטאַנענ, ווי קאָמיש ס'וואָלט זיכ באַקומענ אַזאַ בילד, אונ האָט פּלוצעם פאַרלאָרנ איר פּייַנ־פאַרטראַכ־טע אונ אינערלעכ־באַרעכטיקטע פּאָזע. זי האָט שנעל זיכ אויסגע־קערעוועט אונ, זיצנדיק, געגעבנ א שלייַדער אָפ מיט א פוס די דעקאָ־ראַציע מיטנ גאַנצנ אימפּעט פונ א נאָוואָקאַמענסקער מיידל, וואָס האָט כאַראָשימוויַז געגראָבנ לֿיימ פאַר דער בויונג אונ איז געווענ געוווינט שלייַדערנ ברעטער אונ סטויפּעס אינ יענע כאַראָשימ אונ יאָרנ, ווענ אַלע מיר האָבנ געהאָרעוועט אָפ דער בויונג, א וועלכע ספּעציאַליטעט מיר זאָלנ ניט האָבנ.

דער פאָטאָגראַפ האָט געקאָנט שוינ די היגע זיטנ, דעריבער האָט ער ניט געזאָגט דאָס צווייטע וואָרט. ער האָט פאַרביסנ א ליפּ אונ האָט אָפּגיכ אָראָפּגענומענ מורקענ א בייזע מיט גרויסע פּרעכ־טיק־אויפגערעגטע אויגנ אונ מיט די צוויי „הערנער", וואָס זייַנענ געשטאַנענ דראָענדיקע איבער דער געדיכטער מאַסע גאָלדענע האָר.

אַז זי האָט באַקומענ דאָס בילד, האָט זי עס אָוועקגעטראָגנ ווייַזנ דעמ פּעטער סאָלאָמאָנ.

דער פּעטער האָט שוינ לאַנג געוווּסט וועגנ מישעס בריוו אונ האָט אימ שוינ באַוויזנ עטלעכע מאָל איבערלייענענ, כאַזערנדיק יעדער מאָל פאַר זיכ:

— א בראַפער מאַנ! א בראַפער מאַנ! — וואָס באַטייַט אָפּנ לאָשנ פונ וואַלד־ייִדנ די העכסטע שטופע פונ מוט אונ אָרנטלעכקייַט.

דאָס מאָל האָט מורקע געטראָפנ בא אימ אַלע אירע כאַווערטעס, וואָס זייַנענ געקומענ אהער זוכנ זי. זיי זייַנענ געווענ אויסגעזעצט ארומ דעמ טיש, אונ דער פּעטער איז געזעסנ אינ דער מיט אונ האָט געראַרשנט אָפ זייַנ שטייגער. ווי אַלע „הילצערנע ייִדנ", ווי מע רופט אָפּט די וואַלד־בראַקערס, איז ער געווענ פּייַנ אָנגעלייענט אונ האָט ליב געהאַט זיכ טיילנ מיטנ דורכגעלייענטנ מיט די ארומיקע — „צעבראַכנ די ביינער דער רוסישער גראַמאַטיקע" — פּלעגט שפּאַסנ



9*

מורעס טאטע. אצינד אָבער האָט ער געערדט ניט וועגן קיין בילד, נאָר וועגן מישען.

— אף דער וועלט זײַנען פאראַן צוויי מינים מענטשן, — האָט ער געזאָגט, גלאַנצנדיק מיט זײַנע בלויע בוילעטע אויגן, — מענטשן „וועליקאָדושנע" און מענטשן „מאַלאָדושנע". „וועליקאָדושנע" — דאָס באַטײַט מענטשן גוטע אָרגאַניזאַטאָרן, מיט א ברייטן שווונג, מיט א שטאַרקן ווילן, מיט א גרויס האַרץ, און „מאַלאָדושנע" — דאָס זײַנען שוואַכינקע מענטשעלעך, אָן א ווילן, אָן איניציאַטיוו, און נעשאָמעלעך האָבן זיי פּיצעלעך... — ער האָט ארויסגענומען פון דער כאַליעווע זײַן צונויפגעלייגטן מעטער, מיט וועלכן ער פלעגט מעסטן דאָס געהילץ, און האָט אָפּגעטיילט אף אים מיטן נאָגל א נע־בעכדיקן מילימעטער, — אַזוי־אָ די גרייס...

— מישע, — האָט ווײַטער געזאָגט דער פעטער, — איז פון די „וועליקאָדושנע", ווײַל ער איז א גרויסער מענטש. זײַן „יאָ", זײַן קלייניקער „איך", שפּילט בא אים קיין ראָליע ניט, און אויב איר ווילט, איז ער דער עמעסער אַלטרויִסט.

די מיידלעך האָבן געקוקט מיט אָפּשײַ אפן פעטער סאָלאָמאָן און מיט א טעמפּן עקל אפן מילימעטער, וואָס האָט געדאַרפט סימבאָ־ליזירן די „פּיצעלעכע נעשאָמעלעך". דאָס וואָרט „אַלטרויִסט" האָט קיינער ניט פאַרשטאַנען, נאָר אַלע האָבן זיך געשטויסן, אז ס'איז עפּעס גוטס און העלדיש. זיי האָבן דערפילט צו דער אָרײַנגעקומענער מורקען א לײַכטע קינע, אויסגעמישט מיט דער גרעסטער פּרײַנט־שאַפט און האָבן זי באַלד געפרעגט:

— נו, האָסט אָפּגענומען די פּאַטאָ? ווי־אַזוי האָסטו זיך באַ־קומען?

מורקע האָט דערלאַנגט זיי דאָס בילדל. זיי האָבן א קוק געטאָן און באַלד א שלײַדער געטאָן עס אפן טיש.

— פו, א מין זויערע! גלײַך מיט זויפ אָנגעגעסן זיך!

נאָר דער פעטער סאָלאָמאָן האָט א קוק געטאָן אפן בילדל און האָט אויסגעשריִען:

— מאַיעסטאַזאָ!

דאָס האָט באַטײַט בא אים די העכסטע שטופע פון אַנציקונג. ווי אַלע קימאַט „הילצערנע ייִדן" פלעגט ער שפּילן פידל און האָט

ליב געהאט זיך נוצן מיט דער מוזיק־טערמינאָלאָגיע: „מאַיעסטאָזאָ" האָט באַטײַט „גרויסאַרטיק".

מורקע האָט דאָך גענומען דאָס בילדל און האָט עס אַן ווערטער אַרײַנגעלייגט אין דעם קאָנווערט מיטן צוגעגרייטן בריוו. די מיידלעך האָט פאַרדראָסן, אָבער רעכנט זי זיך ניט מיט זייער מיינונג, און זיי האָבן געזאָגט:

— באַטראַכט זיך. באַשטעל אַן אַנדער בילד און צעלאָז די פּאַטלעס. און טאַטע־מאַמע ביסטו טאַקע לענגער פון אים!

מורקע האָט אַ ציטער געטאָן. זי האָט שוין ניט איין מאָל געטראַכט, אַז סע קאָן זיך אַזוי מאַכן, נאָר די יוגנט האָט ניט ליב טראַכטן וועגן שלעכטס און אָפּזאָגן זיך פונעם פאַרטראַכטן. דערי־בער האָט זי פון אויבן אַראָפּ אַ קוק געטאָן אויף די כאַווערטעס און האָט געזאָגט:

— פּעטער, בײַ אײַך איז ווידער שפּינוועבס אויפן פּאָרטרעט.

באַם פּעטער אויף דער וואַנט איז געהאַנגען פּערעצעס אַ פּאָרטרעט, וואָס ער האָט דאָ בײַ עמעצן אָפּגעקויפט. דאָס דאָזיקע בילד האָט ער אַרומגעפירט מיט זיך פון איין דירע אין דער אַנדערער: פונעם בוידעם אין אַן ערד־שטיבל, פון דעם ערד־שטיבל אין אַ באַראַק, פונעם באַראַק אינעם איצטיקן ליכטיקן הויז. נאָר די מומע האָט געאַרבעט באַגלײַכן מיט אים, און ס'איז ניט געווען, וועמען סע זאָל זיך גוט אומ־קוקן אויף דער ווירטשאַפט. דער פּעטער האָט אַראָפּגענומען דאָס שפּינוועבס פונעם פּאָרטרעט און האָט אַ פּײַקל געטאָן מיט די נעגל איבערן גלאָז:

— יאָל פּערעצ!

— יאָנ? — האָבן העפלעך פאַריכט די לערערנס.

— ניין, „יאָל" — האָט געענטפערט דער פּעטער: — דאָס איז אַ מין אַברעוויאַטורע אַזאַ — אויף רוסיש קאָן איך עס ניט דער־קלערן. נו, אַדיע, מיידעלעך, און דו, מורקע, געדענק — מאַיעסטאָזאָ!

און די מיידלעך זײַנען אַוועקגעגאַנגען.

2

דער בריוו איז לאַנג געגאַנגען צו מישען, געוואַנדערט איבער וועגן, אָנגעגריפן צוזאַמען מיט זײַן טייל, און אַז ער איז אָנגעקומען, האָט שוין מישע אויפגעהערט זיך ריכטן אויף אים. אים האָט זיך

געראכט, אז די גאנצע מײַסע מיטן מײדל האָט ער זיך אלײן אויס־געטראכט און אז דער ערשטער בריוו אירער איז געווען א גליק־לעכע צופעליקײַט.

דער צווײטער בריוו האָט אים טיף אופגערעגט. די הענט האָבן בא אים געציטערט, אז ער האָט געעפנט דעם קאָנווערט, און וויפל ער האָט ניט געלײענט דעם בריוו, האָט ער אים ניט געקאָנט פאר־שטײן. ער האָט געלײענט אים נאָכאמאָל און נאָכאמאָל, געטײַטשט זיך לאַגיש יעדעס וואָרט, פארשטאנען, דאכט זיך, אלץ און דאָך ניט פארשטאנען, און אזוי איז שוין בא אים פארבליבן אפ שטענדיק. קײנמאָל אין לעבן האָט ער שוין ניט געקאָנט באַנעמען דעם אינהאלט פון דעם דאָזיקן בריוו. דאָס זעלבע איז געווען מיטן בילד: ער האָט ניט געקאָנט פארשטײן, צי איז זי שײן צי ניט שײן, צי גײט איר עפּעס אָפּ, צי גײט איר ניט אָפּ — אים איז געווען אלצײנס — דאָס איז געווען זי, זי — זי, וואָס ער האָט אזוי ליב געהאט און וואָס האָט געשריבן אים אצינד בריוו.

ער האָט איר ווידער געענטפערט און ווידער באקומען פון איר א בריוו. דערנאָך איז ער נאָך א פארווונדונג געלעגן אין שפּיטאָל און ווידער זיך איבערגעשריבן מיט איר. דערנאָך איז זײַן טײל אוועק אין א טיפן רעיד, און אז ער האָט זיך אומגעקערט צוריק, האָט אים א כאווער דערלאנגט דרײַ בריוו פון איר — ער האָט געזען פון זײ, ווי אומרויִק זי איז געווען פון זײַן שווײַגן, און האָט באלד געטרײַ גע־ענטפערט איר. אינגיכן איז ער ווידער פארווונדעט געוואָרן, נאָר דאָס מאָל זײער שווער. מע האָט זיך שוין ניט גערעכט אפ זײַן לעבן, און אז ער איז געזונט געוואָרן, האָט מען אים געגעבן אפ צוויי באַ־דאָשים אורלויב. ער איז אָפּגעווען א כוידעש בא דער מוטער און איז געקומען צוגאסט צו מורקען באקענען זיך מיט איר און מיט אירע נאָענטע.

די גאנצע בויונג איז זיך צונויפגעלאָפן זונטיק אין אָוונט אין קלוב ארײַן א קוק טאָן אפן ראדיאָ־כאָסן. און אז מורקע איז ארײַן מיט אים אונטער דער האנט, איז אונדז אלעמען געוואָרן א לאָך אין הארצן. דער באָכער איז געווען שײן און וווּקסיק, מיט בלויע מײדלשע אויגן און מיט לאנגע־לאנגע וויִעס, נאָר... ער איז געווען מיט אָנ־דערהאלבן קעפּ נידעריקער פון מורקען, און מורקע איז אָט דעם אָוונט געווען שײן, די אויגן ניט אראָפּצונעמען — הויך און צעבליט

און שטראַלנדיק — נאָר צופיל הויך און צופיל שטראַלנדיק. זי האָט אָנגעטאָן אירע שענסטע שיך מיט אָפּצאַסן 72 מילימעטער, און די פּרעכטיקע קרוין פון אירע גאָלדענע האָר האָט זיך פאַרענדיקט מיט צוויי „הערנער", ווי צוויי הויכע גינגאָלדענע טורעמס. זי איז, אייגנט־לעך, געווען קוים־קוים העכער פון מישען, נאָר אז מע פאַרשלייערט זיך אַזוי — איז וואָס ווילט איר?

בא אונדז אין קלוב איז געווען אַ צימערל, וואָס מ'האָט דאָס גע־רופן „אַלגאַמבראַ". ווער און פאַרוואָס מ'האָט עס אַזוי אָנגערופן—איז שווער אצינד צו זאָגן, נאָר געשאַפן זיך האָט עס אָט ווי־אַזוי.

אָנשטאָט דעם גראַנדיעז־פאַרפּראָיעקטירטן בויער־קלוב, וואָס האָט געפאָדערט אַסאַך צייט אָפּ אויסגעבויט צו ווערן, האָט מען דערווייל איינגעאָרדנט אַ צייטווייליקן. מע האָט גענומען אַ האַלב־אויסגעבויטן באַראַק און מע האָט צו אים צוגעשטעלט אַ צווייטע העלפט. אַז די נייע געביידע איז פאַרטיק געוואָרן, האָט מען פּלוצעם באַמערקט, אַז זי איז „סטיל קאָרסאָ", ווי סע ווינצלען זיך ביז איצט אונדזערע לייצאָנים. פאַרוואָס עפּעס „קאָרסאָ"? ווייל אין קיעוו איז געווען ביז דער מילכאָמע אַ קינאָ־טעאַטער „קאָרסאָ", וואָס האָט געהאַט פונקט אַזעלכע קאָנטורן, און אַז די וואָקזירטע קיעווער איי־זשעניערן האָבן דערזען די דאָזיקע ענלעכקייט, האָט אַ שרעקלעכע בענקעניש נאָך זייער היים־שטאָט פאַרקלעמט זייערע הערצער און זיי האָבן באַשלאָסן אויסהאַלטן אין אַלע דעטאַלן די אינערלעכע פּלאַנירונג פונעם קלוב אינעם „סטיל קאָרסאָ". לויט דער פּלאַני־רונג איז אָבער איין צימערל (באַלד לעבן דעם גאַרדעראָב־צימער) געבליבן אָן אַ פונקציע, ווייל דאָס איז דאָך ניט געווען קיין קינאָ־טעאַטער. האָט מען אַהין אריינגעשטעלט אַן אָפּגעריבענעם שפּיגל מיט צוויי קאַנאַפּקעלעך און מע האָט דאָרט געמאַכט אַ פּרויען־בודו־אַר. באַלד האָבן אָנגעהויבן באַזוכן דאָס צימערל די פּיערלעשערנס (מילכאָמע־צייט האָבן בא אונדז אין די פּיערלעשער־קאָמאַנדעס גע־אַרבעט נאָר פרויען), און ס'איז אַ סוואָרע, אַז לעקאָוועד זיי האָט מען אָנגערופן דאָס צימערל „אַלגאַמבראַ", ווייל אַזוי, זאָגט מען, רופט זיך די מאַרקע פון זייער אווטאָמאָביל אָדער פון אַן אַפּאַראַט זייערן. די פּיערלעשערנס זיינען געווען אַלע שיינע, בראַווע פרויען, זייערע פאַרערער פלעגן זיך אָפּט דערקלערן זיי אין ליבע, דעריבער האָבן זיי שטענדיק געהאַט וואָס צו פאַרטרויען איינע דער אַנדערער — אַזוי־

אַרום איז די „אַלגאַמבראַ" געוואָרן אײַנצײַטיק אַ צימער פון געטרײַלעכע שמועסן, פון ליבע־דערקלערונגען און פון פאַמיליענסצענעס.

אַט אין דעם דאָזיקן צימערל האָבן מיר באַשלאָסן פאַרופן מורקען און איבערריידן מיט איר, ווי מיט אַן אייגן קינד: וואָס איז דאָס פאַר אַ מעשׂהטאָס — פאַרדרייען דעם קאָפּ אַ יונגנמאַן און מאַכן פון אים לײַטיש געלעכטער. איינס פון די ביידע: אָדער טו זיך אַנדערש אָן אָדער שלעפּ אים ניט אין קלוב אַרײַן, ער איז דאָך אויך ניט פון אײַזן און האָט דאָך אויך אויגן... — מיט איין וואָרט, מיר האָבן געקליבן זיך געבן מורקען די עמעסע פאַרציע, נאָר צוליב דעם האָט מען זי געדאַרפט פאַרנאַרן אין צימערל אַרײַן, און זי האָט ניט געוואָלט אין ערגעץ גיין, זי האָט געוואָלט נאָר טאַנצן מיט מישען, האַלטן זיך מיט אים פאַר די הענט און ניט אַראָפּלאָזן פון אים די אויגן. און ער? — ער האָט געוואָלט פונקט דאָס אייגענע.

אַט אַזוי האָבן זיי געטאַנצט איינס מיטן צווייטן אַ האַלבן אָוונט, און מישען איז ניט געווען מיִעס צו קוקן, ווי מורקע שפּאַרט אונטער מיט אירע לאָקן די סטעליע, וואָס איז געמאָלט ווי אין קיִעווער קינאָטעאַטער „קאַרסאָ". מיר, פון דער אַנדערער זײַט, זײַנען אויך געווען צופרידן: מאָנעשעך, אַז אים איז ליב, איז אונדז ניכע. מיר האָבן שטאַרק ליב געהאַט אונדזער יונגוואַרג, וואָס מיר האָבן זי געבראַכט אַהער קימאַט קינדער, געראַטעוועט זיי פון די דײַטשן, פון באַמבאַרדירונגען, פון הונגער, גרייט געווען זיי אָפּגעבן דעם לעצטן ביסן און דאָס לעצטע קלייד אָפּ די פאַרטונקלטע פרירנדיקע סטאַנציעס, ווען דער עשעלאָן האָט זיך געטרייסלט מיט זײַן שווערער וואָג און געבוקסעוועט אָפּ די גליטשיקע רעלסן. מיר האָבן זיך געפרייט, זעענדיק, ווי פריילעך סע טאַנצט דאָס פּאָרל און ווי מישע קאָן אָפּ אַ מינוט ניט אָפּלאָזן פון זיך מורקען: אָדער ער האַלט זי פאַר דער האַנט, אָדער פאַרן ברייטן אַרבל, אָדער פאַרן גאַרטעלע פון איר קלייד.

מיר האָבן געהאַלטן, אַז אַלץ גייט קעשורע, און זײַנען שוין געווען אײַנגאַנצן רויִק פאַר מורקען, ווען פּלוצעם איז פאָרגעקומען אַ זאַך, וואָס מיר האָבן זיך אָפּ איר ניט געריכט: מורקען איז געוואָרן ניט אָנגענעם פאַר די כאַווערטעס, און זי האָט געזאָגט מישען, ער זאָל אײַנלאַדן עמעצן פון זיי אָפּ אַ טאַנץ. מישע האָט זיך אַ קנייטש גע־

טאָנ און האָט אײַנגעלאַדנ די שוואַרצוויגיקע טערענטיעוונא מיט די גלאַט־פאַרקעמטע אַש־קאָלירענע האָר. זיי האָבנ אָנגעהויבנ טאַנצנ. דעמלט האָבנ אַלע פאַרשטאַנענ, וואָס פאַר א פרוי וואָלט געפּאַסט פאַר מישענ. זיי זײַנענ געווענ ווי באַשאַפנ אײנס פאַרנ צווייטנ לויט דעמ וווּקס, לויטנ ריטמ פונ די באַוועגונגענ און לויט נאָכ עפּעס, וואָס אָנרופנ האָט עס קײנער ניט געקאָנט, נאָר אַלע האָבנ עס געפילט. ווי געווײנלעכ אינ אַזעלכע פאַלנ, איז דער גאַנצער עולמ טאַנצנדיקע געבליבנ שטײנ, דערנאָכ צעקראָכנ זיכ אינ אַלע זײַטנ, און נאָר דאָס אײנע פּאָרל האָט זיכ געדרײט אונטער די פּרעכטיקע לאָמפּנ סטיל „קאָרסאָ”. מע האָט שוינ אָבער ניט געקוקט אפנ פּאָרל — אַלע האָבנ געקוקט אפ מורענ, וואָס וועט זי טאָנ. מורע האָט אויכ געקוקט. זי האָט געקוקט אינ מישעס בלויע אויגנ, און ער האָט געקוקט אינ אירע. זי האָט געלאָזט דאָס פּאָרל נאָכ א ביסל טאַנצנ, דערנאָכ האָט זי צוגערופנ מישענ, וואָס האָט קוימ באַוויזנ באַדאַנקענ זײַנ דאַמע, ווי ער האָט שוינ זיכ אָנגעכאַפּט פאַר מורעס אַרבל. מורע האָט זיכ געלאָזט גײנ, און ער — נאָכ איר. וווּהינ? — אינ „אַלגאַמבראַ”. מיר זײַנענ געשטאַנענ אַלע געפּלעפטע מיט א שווערנ פאַרגעפיל אינ האַרצנ. דאָס שוואַרצוויגיקע מײדל איז געזעסנ א רויטע, מיט א שולדיקנ פּאָ־נעמ און האָט ניט געוווּסט, אינ וואָס פאַר א זײַט זאָל זי קוקנ. ס'איז דורכגעגאַנגענ א שטיקל צײַט. נײַגעריקע האָבנ זיכ דורכגעשפּאַצירט לעבנ דער „אַלגאַמבראַ” און האָבנ געמאַכט אַנ אַנטדעקונג, אַז דאָרט איז קײנער ניטאָ. דאָס פאַרליבטע פּאָרל איז אַפּאָנעמ אַוועקגעגאַנגענ אַהײמ.

מע האָט געהאַלטנ, אַז ס'איז פאָרגעקומענ א גרויסער סקאַנדאַל, נאָר אפ מאָרגנ האָט מענ דערזענ דעמ כאָסנ לעבנ מורקעס הויז. ער איז געווענ אָנגעטאָנ אינ גאַווריִעל קאַהאַנס לאַנגנ פּעלץ און האָט געשלעפּט אפ א שליטעלע מורקעס ברודערל. דערנאָכ איז אַרויסגע־גאַנגענ מורקעס מוטער מיט א פּאָר גראָבע שנײַטלעכ האַלץ און מיט א האַק, און מישע האָט איר אָנגעהאַקט האָלץ. ס'האָט זיכ באַוויזנ בײמ־מײַסע מורע. זי איז געגאַנגענ פונ דער אַרבעט מיטנ פּאָרטפעל אונטערנ אָרעמ, אַרויסגעשטעלט פאַר זיכ צוויי פויסטנ, פונ וועלכע ס'האָבנ אַפ האַלב אַראָפּגעהאַנגענ די הענטשקעס. אַפ אירע באַקנ האָבנ געפלאַקערט צוויי בלויע פונ לאַנג צוגעפרוירענע פלעקנ. אינעמ שאַלעכל און וואָליקעס איז זי געווענ קימאַט אײנ וווּקס מיט מישענ.

מישע איז געגאנגענ איר אנטקעגנ, אראָפּגעשלעפּט די הענטשקעס פונ אירע פויסטנ אונ ארײַנגערוקט אירע הענט צו זיכ אינ די ארבל ארײַנ. דאָס האָט ער געטאָנ פאר אלע דורכגייער אינ די אויגנ, אונ אלע האָבנ פארשטאַנענ, אז זיי זײַנענ אָפיציעל פארקנאַסט.

מישע איז אָפּגעוועזנ נאָכ צוויי וואָכנ אינ נאָוואָקאמענסק, אונ די גאנצע צײַט האָט ער זיכ ניט געשיידט מיט מורענ. נעכטיקנ פלעגט ער באם פעטער סאָלאָמאָנ אינ איינ צימער מיט זײַנע צוויי יינגלעכ. באנאכט פלעגט ער שלעכט שלאָפנ, ווײַל מע פלעגט רײַסנ די גאנצע צײַט דעם מאנגאנ־ארצ אפ די נוראבאיעווער ארצ־גרובנס אונ די ערד פלעגט זיכ מוירעדיק וויגנ. די היגע באפעלקערונג איז געווענ דערצו געוווינט, אונ קיינער פלעגט באנאכט זיכ ניט אופכאפנ, נאָר מישע פלעגט אופשפרינגענ אינמיטנ דרעמל — אים פלעגט זיכ כאָלעמענ אנ אָנגריפ פונעמ סוינע, אונ ער פלעגט שרײַענ:

— פארטיק! ער איז שוינ ווידער דאָ! מוטיק, כאווײרימ!

אונ סאָלאָמאָנ קאהאנ פלעגט זיכ אופכאפנ פונעמ געשריי אונ מורמלענ פאר זיכ:

— א בראפער מאנ! א בראפער מאנ!

אינדערפרי פלעגט מישע זיכ אנטשולדיקנ, אונ דער פעטער פלעגט ענטפערנ צעשטרייט, אײַלנדיק זיכ אפ דער ארבעט:

— באָג פראָסטיט!

אויב ער פלעגט האָבנ מער צײַט, פלעגט ער נאָכ פארבײַגייענדיק א פײַקל טאָנ מיט די נעגל איבערנ שרײַבערס פאָרטרעט אונ פלעגט זאָגנ:

— יאל פערעצ!

מישע פלעגט איבערפרעגנ:

— יאנ?

דער פעטער פלעגט זיכ בייזערנ:

— יאל, אמהאָרעצ! זאָגסט, אז דו האָסט זיכ געלערנט אינ א יידישער שול אונ ווייסט ניט, ווי פערעצ הייסט.

מישע פלעגט זיכ פאָרענטפערנ:

— בא אונדז האָט מענ אים גערופנ אנדערש.

סאָפ כוידעש איז מישע אוועקגעפאָרנ. באגלייט אפנ וואָקזאל האָבנ אים מורע אונ גאווריעל קאהאנ, וואָס איז פריער מיט א פאָר טעג אָנגעקומענ פונ א קאָמאנדירונג, געקומענ אונ ניט דערקענט

זײַנע הײמישע: בא מורען האָט זיך באַוויזן אין די אויגן א נײַער אויסדרוק — א שפּיל פון גרינע דורכזיכטיקע וואַסערן, וואָס רינען, רינען אַלץ אין איין ריכטונג, און קיין שום קראַפט אין דער וועלט קאָן זיי ניט אָפּקערעווען אין אַן אַנדער זײַט. זײַן ווײַב, די פריילעכע ראָזע קאַטשענאָווסקע, וואָס פלעגט אונדז אַלעמען באַזאָרגן מיט בעט־געוואַנט און לײַלעכער אין קאָמונאַפּטייל, איז געווען נאָך פריילע־כער ווי שטענדיק און פלעגט זיך קאַטשען פאַר געלעכטער, קוקנדיק, ווי מישע האַלט זיך פאַר מורעס אַרבל:

— אוי, כ'וועל ניט אויסהאַלטן — קוקט נאָר אָן, ווי ער האַלט זיך פאַר איר, ווי א קליין קינד פאַר דער מאַמען.

און פלעגט פאַרענדיקן קימאַט ערנסט אין איר געמישט יִדיש־רוסיש, ווענדנדיק זיך צו גאַוורי־עלן אָדער צום פעטער סאַלאָמאָנען:

— א פּאַרליאַפּעניש, קינדער, ליובאָוו ניע קאַרטאָשקאַ! אָט אַזוי איז עס.

אפֿן וועג צום וואָקזאַל האָט גאַווריִעל געזאָגט צו מישען:

— פאָרעט זיך איין מיטן דײַטש און קומט צו פאָרן. אַזעלכע דאַרפן מיר האָבן.

ער האָט געוווּסט, אַז מישע האָט קימאַט פאַרענדיקט א בוי־אינ־סטיטוט, נאָר ניט באַוויזן נאָך פאַרטיידיקן די דיפּלאָם־אַרבעט. אים איז ביכלאַל געפעלן דער ליבער בעגימעסער באָכער, און ער האָט צו־גענומען בא אים פון די הענט דעם טשעמאָדאַן, קעדיי ניט שטער־אים גיין אונטער דער האַנט מיט מורען.

אפֿ דער סטאַנציע איז שוין געשטאַנען דער צוג, וואָס פלעגט גיין פונעם באַן־צווײַגל צו דער מאַגיסטראַל. ארום איז געווען שטיל און ליידיק — אַפּאַנעם, אַז דער אוילעם האָט זיך שוין אַרײַנגעזעצט אין די וואַגאָנעס. זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט לעבן א וואַגאָן און האָבן זיך גענומען געזעגענען. אין טיר איז געשטאַנען א הויכער יונ־גערמאַן, מיליטעריש געקליידט, מיט א רענצל אין די הענט. פון זײַן פּנים איז געווען צו זען, אַז ניט ער פאָרט אָפּ, נאָר פאַרקערט — ער איז אָט ערשט געקומען און פאַרהאַלטן האָט ער זיך אין טיר, ווײַל פונדאַנען קען מען גוט זען דעם אַרומיקן פּייזאַזש, פון וועלכן ער האָט ניט אַראָפּגענומען די אויגן. ער האָט געהאַט א לאַנג ווײַס־בלייך פּנים מיט צוויי נאָענט שטייענדיקע טיפֿ־פאַרגראָבענע אויגן און מיט דינע פעסט־צונויפגעדריקטע ליפּן. אַז ער האָט געגעבן זיך א

דיר, האָבנ זיי דערזענ עטלעכע קאָלירטע סטענגעלעכ פונ באַלוינונגענ, וואָס זײַנענ געווענ פאַרשטעלט מיט א קנייטש פונ זײַנ שינעל. ער האָט פונ צײַט צו צײַט געביטנ די פּאָזע טיפּ אופגערעגט, אפּאַנעמ, פונעמ בילד, וואָס האָט זיכ געשפּרייט פאַר זײַנע אויגנ — א גאַנצ געוויינלעכ בילד פאַר אַנ אײַנוווינער פונ נאָוואָקאַמענסק: א גלאַטע ליניע פונ האָריזאָנט, אויפגעהויבנ ערטערווײַז מאַכמעס די פּילצאַליקע בערגלעכ, אונ א פּאַנאָראַמע פונ א גרויסער בויונג, וואָס איז גוט באַקאַנט יעדנ פונ פיל פּלאַקאַטנ אונ געמעל: אפ געלט, אפ אָבליגאַציעס אונ אפ פּאָסט־קאַרטלענ.

כאָסנ־קאַלע האָבנ אָנגעהויבנ זיכ געזעגנענ. זיי האָבנ שוינ צענומענ די הענט, א שנעלנ קוק געטאָנ איינס אפ דאָס אַנדערע, אונ ווידער האָט מישע א צי געטאָנ זיכ צו מורענ. ער האָט א כאַפּ געטאָנ מיט דער האַנט דאָס רימענדל פונ איר רידיקולעכל אונ איז אַזוי געבליבנ שטײנ לעבנ איר, ווי א קינד, וואָס קאָנ זיכ ניט צעשיידנ מיט דער מוטער. אַזוי האָט געדויערט א מינוט צוויי, אַלע אָנטיילנעמער פונעמ בילד זײַנענ געשטאַנענ אומבאַוועגלעכ: די כאָסנ־קאַלע — פאַרטרונקענ די בליקנ איינס אינעמ צווייטנ, דער אומבאַקאַנטער בא דער טיר — מיט די אויגנ אינעמ ארומיקנ פּייזאַזש, דער פאָטער — ווי דרעמלענדיק מיטנ טשעמאָדאַנ אינ די הענט. פלוצעמ האָט א פּײַפּ געטאָנ א לאָקאָמאָטיוו. דאָס איז געווענ ניט זייער „ס", דאָס איז געווענ א קלייניקע „קוקושקע", וואָס פירט ארום זאַמד איבער דער בויונג, נאָר זיי האָבנ אַלע א ציטער געטאָנ אונ ארויס פונ הינערפּלעט: מישע האָט זיכ אָפּגעריסנ פונ מורעס רימענדל אונ האָט א נעמ געטאָנ באַמ פאָטער דעמ טשעמאָדאַנ. דער הויכער יונגערמאַנ האָט געמאַכט א באַוועגונג אפ אַראָפּשפּרינגענ, מורע האָט א שטילנ געשריי געטאָנ, דער פאָטער האָט זי אונטערגעכאַפּט אונטער דער האַנט. פלוצעמ האָט דער הויכער יונגערמאַנ זיכ באַגעגנט מיט מורעס אויגנ אונ איז מיטאַמאָל געבליבנ שטײנ, גלײַכ ווי ער זאָל זיכ אינ עפּעס אָנשטויסנ, אונ אָנגעשטויסנ האָט ער זיכ טאַקע אָנ אַנ אויפגערעגטער שפּיל פונ גרינע פרישע וואַסערנ, וואָס רינענ, רינענ אַלצ אינ איינ ריכטונג אונ אָפּווענדנ זיי אינ א זײַט איז אומעגלעכ. א טיפער פאָרגעפיל האָט פלוצעמ פאַרקלעמט דעמ יונגנמאַנס האַרצ. ער האָט זיכ א ריס געטאָנ אונ א טראָט געטאָנ פונעמ אייבערשטנ טרעפּל, נאָר דאָ איז שוינ געשטאַנענ מישע. א סעקונדע

זײַנענ זיי אזוי געשטאנענ איינס אנטקעגנ צווייטנ — ביז פלוצעמ האט דער הויכער א שפרונג געטאנ אינ א זײַט אונ איז אוועק מיטנ שנייִיקנ וועג. אז ער האט זיכ אומגעקוקט, האט זיכ מורע שוינ גע־הויבנ אפ די טרעפ פונעמ וואגאנ, אונ דער פאטער איז איר נאכגע־גאנגענ פונ הינטנ.

3

דער הויכער יונגערמאנ האט זיכ דעמ זעלבנ טאג געמאָלדנ אינעמ קאדרענ־אפטייל פונ דער בויונג. ער איז א שטיקל צײַט געזעסנ אינעמ קאבינעט פונעמ פארוואלטער אונ דערנאכ אויסגעפילט אנ אנקעטע. אז ער איז אוועקגעגאנגענ, האבנ זיכ די פרויענ פונעמ קאד־רענ־אפטייל גיריק ארופגעווארפנ אפ דער אנקעטע, ווײַל דעמ אומ־באקאנטנס אויסזענ, זײַנ בלייכ־ווײַס פאנעמ מיט די נאענט־שטייענ־דיקע אויגנ אונ די סטענגעלעכ אפ זײַנ ברוסט האבנ אופגעוועקט זייער נײַגיריקײַט. זיי האבנ אבער געלייענט צוערשט גאנצ געוויינ־לעכע זאכנ: פאמיליע, נאמענ, פאטער־נאמענ — שארפשטיינ יאקאוו סאוויטש, יאר פונ געבוירנ — 1918, געבורטס־שטאט — ארענ־בורג. ספעציאליטעט — שלאסער־וואסערלייטלער. פארטיײַשקײַט — מיטגליד פונ אלקפ(ב), בילדונג — זיבנ קלאסנ, קורסנ פונ מײַס־טערס וואסערלייטלער. מיליטער־דינסט — ארײַנגעטראטנ אינ אר־מיי אווגוסט 1941 י., דעמאביליזירט מיט א כוידעש צוריק צוליב געזונט־צושטאנד.

די וונדער האבנ זיכ אנגעהויבנ דערנאכ: דער פארוואלטער, א שטענדיק פארדולטער, פארכמורעטער מענטש האט אנגעהויבנ זיכ בייזערנ, וואס דערלאנגט מענ אימ ניט די נייטיקע פאפירנ, וואס שטייט די ארבעט. נאר פלוצעמ, דערזעענדיק די אנקעטע, איז ער ארויסגעגאנגענ פונעמ קאבינעט אונ האט געפרעגט:

— אנו, ווייסט איר שוינ, ווער דאס איז?

מע האט צוערשט ניט געוווסט אונ דערנאכ געוווּנדערט זיכ, ווענ מע האט זיכ דערוווּסט, אז דאס איז א זונ פונ א רויטגוואר־דייער. סאווע שארפשטיינ, דער טאטע זײַנער, איז געווענ איינער פונ די ערשטע, וואס האבנ זיכ פארשריבנ אינ די אטריאדנ פונעמ בארימטנ סאמויל צווילינג, דעמ ערשטנ פארזיצער פונ ארענבורגער רעווקאמ. שארפשטיינ האט זיכ דרייסט געשלאגנ קעגנ דוטאוו באנ־

דעס, שיר ניט אומגעקומענ צוזאמענ מיט צווילינגנ, בא דער סטאַ־ניצע איזאַבילנאיא, באַוויזנ דערנאָכ אַליינ גרויס העלדישקייט אינ די שלאַכטנ באַמ טייכ יאנגיז אונ אומגעקומענ בא דער סטאַניצע סאָליאַנאיאַ, ווו א שוועדר פונ א ווייסקאַזאַק האָט געמאַכט אַנ עק צו זיינע בליִענדיקע יאָרנ. ער האָט איבערגעלאָזט אַ פּיצעלע קינד, אונ דאָס איז דער יאַקאָוו שאַרפשטיינ, וואָס איז אָט ערשט גע־זעסנ דאָ אונ האָט פאַרפילט די אַנקעטע.

— אזוי, אזוי? א מייסע, א מייסע...

— נאָר פאַרוואָס זשע איז ער אזוי בלייכ?

— כ'וויים? א געשעפט מיט א מילכאָמע, ס'א סוואַרע, אז ס'האָט ארויסגעריסנ פונ אימ אַלע געדערימ.

— קיינ שומ געדערימ, — האָט זיכ אַריינגעמישט די סעקרע־טאַרנ,—ער איז געווענ פאַרוואונדעט אינ האַרצנ, אונ מ'האָט אימ פאַר־נייט דאָס האַרצ. כ'האָב געזענ א צייגעניש, ביים איכ האָב דורכגע־קוקט זיינע דאָקומענטנ.

איז זי געווענ איבערצייגט דערינ? האָט זי גוט פאַרשטאַנענ דעמ טעקסט פונעמ דאָקומענט? אזעלכע אָפּעראַציעס פלעגנ טרעפנ די לעצטע יאָרנ, אונ מעגלעכ, אז זי איז געווענ איבערצייגט טאַקע. נאָר אזוי אָדער אַנדערש האָט זיכ באַלד אַפ דער בהוונג פאַרשפּרייט א קלאַנג, אז דער ניי־אָנגעקומענער בלייכער יונגערמאַנ גייט ארומ מיט א פאַרנייט האַרצ.

לייטנ האָבנ געפרעגט:

— וויאַזוי איז דאָס מעגלעכ? ס'איז א שטיוול, וואָס מע קאָנ אימ פאַרנייענ?

אונ באַהאַוונטע מענטשנ האָבנ דערקלערט:

— יאָ, ס'איז ווי א שטיוול. אָט שטעלט אייכ פאָר, אז איר זייט געקומענ אַפנ סקלאַד פונ „טעכסנאַב” נאָכ אייל־פאַרב צי נאָכ צווע־קעס אונ איר האָט זיכ פאַרטשעפּעט מיטנ גומענעמ שטיוול אינעמ שטעכיקנ דראָט. וואָס וועט איר טאָנ ווייטער? איר וועט ארומגייִנ מיט דער לאָכ? נייִנ, איר וועט אוועקגיינ אינ אַרטעל, אונ קוואַשקינ וועט אייכ צונויפצוניִענ די לאָכ.

— אזוי, אזוי. יאָ, ס'איז פאַרשטענדלעכ. נאָר פאַרוואָס זשע איז ער געקומענ אַרבעטנ פונקט אַפ אונדזער בהוונג אונ ניט אַפ קיינ אַנדערער?

— הערסט א מײַסע! ווײַל ער האָט שוינ געאַרבעט אפ אונדזער בויונג איינער פונ די ערשטע. נאָכ פאַר דער מילכאָמע.

— פאַר דער מילכאָמע? אונדזער בויונג האָט זיכ אָנגעהויבנ נאָכ פאַר דער מילכאָמע? אונ מיר האָבנ געהאַלטנ, אז זי האָט זיכ אָנגעהויבנ ערשט מילכאָמע־צײַט...

— ס'איז ווײַל איר זײַט נײַ־אָנגעקומענע. מיר, די ערשטע עוואַקויִרטע, האָבנ דאָ שוינ עפּעס געטראָפנ. עמעס, דעם סאַמע אָנהייב...

פונקט וועגנ דעם זעלבנ האָט געטראַכט יאַקאָוו שאַרפשטיינ, גייענדיק איבער די גאַסנ פונ נאָוואָקאַמענסק. ער האָט זיכ ניט אופגעהערט וווּנדערנ אפ די זאַוואָדנ, אפ די הײַזער, אפ די גאַסנ — פונוואַנענ האָט זיכ דאָס אַלצ גענומענ? ער איז אָנגעקומענ אַהער אַרבעטנ נאָכ פאַר דער מילכאָמע אינ צאָל פונ די 500 קאָמיוגיסטנ, מאָביליזירטע אינ טשקאַלאָווער געגנט. די בויונג איז דעמאָלט באַשטאַנענ פונ א קליינ געמויערט קאָנטאָרל אינמיטנ ראַכוועסדיקנ אויסגעברענטנ סטעפּ אונ פונ צוויי לאַנגע פליגלענ אינ ביידע זײַטנ פונעמ קאָנטאָרל. אינ די פליגלענ האָבנ געוווינט עטלעכע אינזשעניערנ אונ געאָדעזיסטנ אונ צוויי אַרבעטער־בריגאַדעס פונ אײַזנבאַנער אונ וואַסערלייטלער. זיי האָבנ ערשט אָנגעהויבנ אַרבעטנ באַמ דורכלייגנ דאָס באַנ־צווײַגל.

באַמ ברעג אוראַל איז געשטאַנענ א קליינער קאָלווירט פונ צוועלפ הויפנ, וואָס האָט זיכ אַלע יאָר געקליבנ איבערטראָגנ די הײַזער העכער, ווײַטער פונעמ טײַכ, אונ צונויפגיסנ זיכ מיט א גרעסערנ קאָלווירט, ווו די ערד איז געווענ בעסער. דער קלייני׳נקער קאָלווירט האָט געהייסנ „דער רויטער שטערנ“, נאָר מע פלעגט אימ אָפט רופנ דער „נאָוואָקאַמענסקער“, ווײַל זײַנ באַפעלקערונג איז אַמייסטנ אַרויסגעקומענ פונ א גרויסנ היגנ דאָרפ קאַמענקאַ. דערפונ האָט זיכ אָפּאַנעמ גענומענ דאָס וואָרט „נאָוואָקאַמענסק“. די מילכאָמע אונ די עוואַקואַציע האָבנ געגעבנ א מעכטיקנ שטויס דער בויונג, ברענגענדיק אַהער א סאַכ נײַע קאַדרענ — אונ דאָכ, ווער האָט זיכ געקאָנט ריכטנ אפ אזא שנעלנ וווּקס?

— „וואָליקוליִרטע“[1]! — האָט געטראַכט מיט ליבע אונ אײַפערזוכט שאַרפשטיינ. יעדער מאָל, ביימ ער האָט נאָכאַמאָל אונ נאָכ־

[1] עוואַקויִרטע (אפנ לאָשנ פונ די אָרטיקע אָפּגעשטאַנענע שיכטנ).

אַמאָל באטראכט די נײַע געבײַדעס, האָט אים אָנגעכאפּט איבערסנײַ דאָס זעלבע געמישטע געפיל פונ קינע, אײפערזוכט אונ אנציקונג.

ער איז געגאנגענ פארבײַ א זאוואָד, וואָס האָט זיכ געבויט באַמ וועג. אפ א וואגאָנעטקע האָט א גרופּע ארבעטער געפירט ציגל. די וואגאָנעטקע איז אראָפּ פונ די רעלסנ. די ארבעטער האָבנ געפּרוווט אופשטעלנ די וואגאָנעטקע, געבעריעט זיכ מיט איר, דערנאָכ איז אײנער אוועקגעלאָפנ נאָכ א דאָמקראט. פונ ערגעצ האָט זיכ באוויזנ דער בריגאדיר באָיטשענקאָ, א ריז מיט בלויע אויגנ אונ מיט קרומ־לעכע „בערישע" פיס. ער איז געשטאנענ א מינוט, קוקנדיק אפ די פּרוווּנ פונ די ארבעטער, געקרימט זיכ פונ אומגעדולד אונ סאָפקאָל־סאָפּ אויסגערופנ מיט א קאָל פונ א טאדלענדיקער מוטער:

— וואָס זשע זײַט איר קלײנע קינדער, וואָס?

אונ הווידענדיק זיכ אפ די קרומע פיס, איז ער צוגעגאנגענ צו דער וואגאָנעטקע, האָט זיכ א בײג געטאָנ אונ האָט זי אוועקגע־שטעלט ווידער אפ די רעלסנ. א מיג גזוורע! די וואגאָנעטקע האָט געוווינג צוזאמענ מיט די ציגל געווויס א האלבע טאָנע, אונ כוצ א געווײנלעכנ הײבער האָט ער גאָרנישט ניט גענוצט.

„ביסט א גוואר אונ א מאָלאָדיעצ! — האָט געטראכט שארפּ־שטײנ, — נאָר זעסטו, אָט דאָס טוסטו שוינ ניט גלײַכ".

דערמיט האָט ער געמײנט די קורצע באוועגונג, וואָס ס׳האָט געמאכט אינ דעמ דאָזיקנ מאָמענט דער בריגאדיר. אפ א פריש־אוועקגעשטעלטער פערמע האָט זיכ אַנידערגעזעצט א סאָראָקע — קימאט דער אײנציקער פויגל אינ נאָוואָקאמענסקער סטעפּעס. דער בריגאדיר האָט זיכ פּלוצעמ אָנגעבויגנ, אופגעהויבנ א הרודקע לײמ אונ ייִנגלש־ווײַסכעווריש א שלײַדער געטאָנ אינעמ פויגל. ער האָט זיכ דערבײַ אפילע א ביסעלע צוגעזעצט אונ שעלמיש א זשמורע גע־טאָנ דאָס אויג. די סאָראָקע איז אונטערגעשפּרונגענ אונ איז ארי־בערגעפלויגנ אפ א העכערער פערמע. אפ דער זונ האָט איר שוואר־צער עק אָפּגעגלאנצט גרינ. שטײענדיק אינדערלופטנ, האָט זי זיכ גענומענ קריגנ מיטנ מענטשנ אונ פארשיטנ אימ מיט רײד, מינאס־טאמ זײער גיפטיקע אפ איר פויגלש לאָשנ. שארפשטײנ האָט גע־קוקט אפ איר מיט א באהאלטענעמ מיטגעפיל: וואָס האָט געקאָנט פארשטײנ א נײַ־אָנגעפאָרענער מענטש אינ א נאָוואָקאמענסקער סאָראָקע?

פלוצעם האָט זיך דערהערט פון א רעשטאָווקע א קאָל פון א רוּ־פּאַר: א טעלעפאָן האָט גערופן.

— קוזנעצאָוו! פּראַראַב קוזנעצאָוו!

א מענטש האָט ארויסגענומען פון א שאַפּקעלע א טרײַבל און האָט געענטפערט:

— איך בין באַם טעלעפאָן — קוזנעצאָוו.

— איר האָט שוין באַקומען די פּאָקאָווקעס? — האָט געפרעגט דער רופאַר.

— האַלב האָבן מיר שוין באַקומען, און די איבעריקע ליגן נאָך אין שמיד־צעך.

„אָ, דער שמיד־צעך ארבעט שוין, און ביים איך בין פונדאַנען אָפּגעפאָרן, האָט מען אים ערשט פּראָיעקטירט" — האָט א טראַכט געטאָן שאַרפּשטיין.

— נו, און ציגל האָט מען אײַך געבראַכט? — האָט ווײַטער גע־פרעגט דער רופאַר.

— ניין. דעם ראַדניטשיכער בריק רעמאָנטירט מען, קאָן מען הײַנט דאָרט ניט דורכפאָרן...

„דער ראַדניטשיכער בריק איז שוין אויך אויסגעבויט..." — האָט זיך געוווּנדערט שאַרפשטיין.

— און עטערניט?

קוזנעצאָוו האָט געענטפערט:

— עטערניט האָבן מיר. מיר האָבן געוווּסט, אז הײַנט וועט מען דעם בריק רעמאָנטירן, איז באַיטשענקאָ (קוזנעצאָוו האָט דערבײַ פריילעך א ווונק געטאָן דעם בריגאַדיר) ארויסגעפאָרן באַנאַכט און האָט געבראַכט מיטן באַנאַכטיקן טראַנספּאָרט עטערניט. און מיט ציגל וועלן מיר אויסקומען.

און נאָך א סאַך האָט זיך דערוווּסט פון דעם שמועס שאַרפשטיין. דעם קאָקסאָכים־זאַוואָד — אָט דעם ווײַטן טרוים — האָט מען שוין מאָנטירט. דער מעכאַנאָזאַוואָד האָט שוין געאַרבעט, און די עלעקט־טראָ־צענטראַל האָט זיך שנעל געבויט. לינקס ווײַט האָט געווימלט א במאַרע מענטשן — דאָס האָט מען געבויט די ערשטע דאָמנע... און דאָס אַלץ האָבן געטאָן די נײַ־אָנגעפאָרענע מענטשן, וואָס האָבן גע־קאָנט וואַרפן א שטיין אין א נאָוואָקאָמענסקער סאָראָקע... און ווי־

דער האָט שאַרפשטיינענ אָנגענומענ דאָס געמישטע געפיל פונ איי־פערזוכט, קינע אונ אַנציקונג.

שאַרפשטיינ איז געגאַנגענ איבער א צווייטער גאַס. אייגנטלעכ, איז דאָס געווענ א פלאַצ, וואָס האַלט אינ סאַמע בויענ זיכ. אַצינד איז שווער געווענ פעסטשטעלנ זיינע גרענעצנ, ווייל ער איז אַפ זיינ גאַנצנ שטעטעכ פאַרנומענ געווענ מיט מענטשנ. זיי זיינענ געשטאַנענ אונ געזעסנ אַפנ שנײ, אייניקע אַפ זייערע פעקלעכ אונ וועג־קעסטלעכ. מאָדנע מענטשנ זיינענ דאָס געווענ, שטאַרק טונקעלע אַפנ פּאָנעמ אינ מוירעדיקע שוואַרצע פאַפאַכעס אונ אייניקע אינ מינימ טשאַל־מעס. זיי זיינענ געווענ געקליידט אינ געפאַסקעוועט־בונטע וואַרעמע בגאָדימ, אונ אַנדערע — אינ לאַנגע שיינ־אויסגעאַרבעטע פעלצנ, באַנייטע מיט קאָלירטע טאַשמעס. ער האָט פאַרשטאַנענ, אַז דאָס זיינענ מענטשנ פונ מיטל־אַזיע.

אַפנ גאַנעק פונ א ניי־אויסגעבויט מויערל איז געשטאַנענ א מענטש אינ א בושלאַט אונ האָט אויסגערופנ:

— זשולדוסבאַיעוו!

— אָ! — האָט זיכ אָנגערופנ איינער, וואָס איז געזעסנ אַפ א קעסטל.

— מאַט־ניאַזאָוו!

— אָ! — האָט געענטפערט א צווייטער אינ אַנ אַנדער זייט.

— אַבדוראַכמאַנאָוו!

— אָ!

פלוצעמ האָט דער מענטש אינעמ בושלאַט זיכ פאַרטשעפעט. ער האָט אָנגעטראָפנ אַפ צו א גרינגער פאַמיליע. ער האָט זיכ שוינ צוגעוווינט צו די שווערע פאַמיליעס, אונ אַצינד האָט ער זיכ שיר ניט אויסגעגליטשט אַפ דער געווינלעכער פאַמיליע:

— ליוושיצ!

— יאַ, — האָט געענטפערט אַפ רוסיש א קוטשעראַווער באָכער.

דער מענטש אינעמ בושלאַט האָט וויַטער אויסגעשריענ:

— טאַרזשיבבייעוו!

— אָ!

דער קוטשעראַווער איז געזעסנ באַמ סאַמע וועג. שאַרפשטיינ איז צוגעגאַנגענ נאָענט אונ האָט שטילערהייט געפרעגט:

— פונוואַנענ?

— אורגענטש, אוזבעקיסטאנ, כאָרעזמער געגנט...

— א סאַך מענטשנ?

— טויזנט אכט הונדערט. בוימוואָלער זײַנענ מיר... מיר ארבעטנ בא בוימוואָל... אהער געקומענ צײַטווײַליק...

„אורגענטש!.. אָט פונוואַנענ ס'זײַנענ געקומענ מענטשנ בויענ זײַנ ליבנ קאַנט!..״

אפ מאָרגנ האָט שאַרפשטיינ באַקומענ א באַשטימונג אפ די כיסמאטולינער ארצ־גרובנס: מע האָט געדאַרפט דאָרט צוגרייטנ דעם ארויסבאַקום פונ אײַזנ־ארצ. אימ האָט מענ געשיקט פאַר א פראָראַב פונ די וואַסערלייטונג־ארבעטנ.

4

— ווײַאזוי זעט אויס א באַר?

פערציק פאָר אויגנ האָבנ געקוקט אפ מורענ. די איינ־אונ־פערציקסטע פאָר האָט געהערט דעם אַלטנ אינספעקטאָר, וואָס איז געזעסנ אפ א הינטערשטער באַנק אונ האָט אויכ געוואַרט אפ מורקעס ענטפער.

מורע האָט א ציטער געטאָנ אונ האָט אפ א מאָמענט זיכ פאַרטראַכט. דאָ אינ קאַנט זײַנענ ניט געוואַקסנ קיינ פרוכט־ביימער. זומער, אינ די גרויסע היצנ, וואָלטנ זיי גוט געקאָנט וואַקסנ, נאָר דעם ווינטער מיט די מוירעדיקע פרעסט וואָלט קיינ איינ בוים ניט איבערגעטראָגנ. עפל אונ מאַנדארינענ פלעגט מענ נאָכ ברענגענ ווענ אמאָל אפ א „יאָלקע״, נאָר קיינ באַר האָבנ די קליינינקע קיינמאָל ניט געזענ, ווײַל פונ זייערע ווײַטע היימענ האָט מענ זיי אוועקגעפירט פיצעלעכ קינדער. מורע האָט זיכ אפ דער פראַגע ניט געריכט, דאָכ האָט זי זיכ ניט פאַרלאָרנ. זי האָט א קלער געטאָנ, אונ א טרעפלעכער געדאַנק איז איר געקומענ אינ קאָפּ ארײַנ. זי האָט געזאָגט:

— א באַר זעט אויס, ווי אנ עלעקטריש לעמפל.

די פערציק פאָר אויגנ האָבנ זיכ פאַרקוקט אפנ לעמפל. ס'האָבנ זיכ אופגעהויבנ הענט:

— אונ פונ וואָס פאַר א קאָליר איז זי?

— וואָס פאַר א טאַמ האָט זי?

מורקע האָט ווידער א קורצנ טראַכט געטאָנ אונ האָט געענטפערט:



10*

— א קאָליר האָט זי אזא, ווי אנ עפּל, אונ א טאמ האָט זי ווי קומאקער דיניעס.

קומאקער דיניעס! בא די קינדערלעכ האבנ פרייִלעכ א פינקל געטאָנ די אייגעלעכ.

דער אינספּעקטאָר האָט דערנאָכ געזאָגט, ווי עס זאָגנ אָפּט אינספּעקטאָרנ:

— מעטאָדיש האָט איר ניט ריכטיק געטאָנ, נאָר ביכלאל איז מיר געפעלנ, ווי איר פירט א לימעד. עפשער וואָלט איר גענומענ א פּאָר שאָ געאָגראפיִע אינ אָוונט־שול? אויב איַיכ וועט זיַינ שווער, וועל איכ איַיכ העלפנ. איכ בינ אליינ א געאָגראפ.

מורקע האָט גענומענ די עטלעכע שאָ אונ האָט זיכ דערמיט פארשאפנ א סאכ ארבעט. ס'איז איר אויסגעקומענ אָפט אָנקומענ צומ אינספּעקטאָרס הילפ, וויַיל די דערוואקסענע זיַינענ געווענ זייער וויסנדאָרשטיק אונ פלעגנ פארגעבנ אומדערווארטע פראגנ:

— ווו האלט מענ בעהיימעס אינ ווענעציע? איר האָט דאָכ געזאָגט, אז דאָרטנ איז אָנשטאָט גאסנ — וואסער.

— ווו געפינט זיכ דער וועלט־מארק? איר האָט דאָכ געזאָגט, אז פונ אלע לענדער פירט מענ אהינ עפּעס ארויס. ווו זשע איז ער אונ וויאזוי איז ער איַינגעאָרדנט?

— אפ וואָס דארפ מענ גאָלד אונ פארוואָס איז עס אזוי טיַיער? צירונג פונ גאָלד איז ניט שיינ, אונדזערע נאָוואָקאמענסקער יאשמעס זיַינענ א סאכ שענער.

צוערשט פלעגט זי זיכ בייזערנ אונ ענטפערנ קורצ:

— אינ קיינ גרויסע שטעט האלט מענ ניט קיינ בעהיימעס. מע ברענגט אהינ מילכ פונ דער אומגעגנט.

אָדער:

— איר שטעלט זיכ אפּאָנעמ פאָר דעמ וועלט־מארק ווי נאָוואָקאמענסקער „באזאר”: אינ איינ זיַיט פארקויפט מענ שטשאווּעל אונ אינ דער צווייטער — צעשטויסענע זאלצ פונ סאָל־אילעצק. ניינ, דער וועלט־מארק איז גאָר עפּעס אנדערש...

אונ זי פלעגט דערקלערנ, וואָס איז אזוינס דער וועלט־מארק.

אפ דער פראגע וועגנ דער ווערט פונ גאָלד האָט זי ניט געקאָנט גליַיכ ענטפערנ אונ האָט אויסגעהערט א גאנצע אינסטרוקציע פונעמ אינספּעקטאָר. אימ איז געפעלנ איר ערנסטע באציִונג צו אירע

פליכטנ, אונ ער האט מיט איר גערנ געטיילט זיכ מיט זײַנע קענטענישנ. איינמאל האט ער איר געזאגט:

— מע פאדערט פונ אונדז לערערס פאר אגיטאטארס. נעמט אפ זיכ די פליכטנ — איר האט שוינ א דערפארונג אינ אופקלערארבעט.

זי האט אנגעהויבנ ארבעטנ אינ צוויי צוזאמענווינונגענ: איינע אינ א נײַעם שיינעם הויז, די צווייטע נאכ אינ אנ ערד־שטיבל. אינ ביידע פלעגט זי דורכפירנ פארלעזונגענ, שמועסנ וועגנ פארשיידענע קאמפאניעס, אונ יעדנ זונטיק — פארטראגנ וועגנ דער צווישנפעלקערלעכער לאגע. אינ דעמ ערד־שטיבל איז געווענ א ביסל צו טונקל, אונ דעריבער פלעגט זי בעסער לייענענ אינ דרויסנ. ס'איז שוינ געווענ פרילינג־צײַט, אונ די ערד האט שוינ דורכגעטריקנט. מורע פלעגט אופהענגענ א גרויסע מאפע באמ שפיצ דאכ, איבער דער ארויסגאנג־טיר פונ דעמ ערד־שטיבל אונ מיט א גרויסנ טײַטל אינ די הענט פלעגט זי דערקלערנ דעמ גאנג פונ די געשעענישנ אפ די פראנטנ. די אײַנוווינער פונ דעמ ערד־שטיבל פלעגנ זיכ אויסזעצנ אפ דער ערד, אונ ארומ זיי פלעגנ זיכ ארומשטעלנ מענטשנ פונ אנדערע ערד־שטיבלעכ, פארבײַגייער אונ אפילע אזעלכע, וואס פלעגנ קומענ אהער פונ דער ווײַט ספּעציעל, קעדיי זײַנ אפ אירע פארטראגנ, וועלכע האבנ שוינ אנגעהויבנ קריגנ א נאמענ בא דער באפעלקערונג. איינמאל איז אפילע געקומענ דער פעטער סאלאמאנ אונ האט נאכ דער לעקציע געזאגט:

— „קרוינ!" כאטש, אייגנטלעכ, איז דאס ניט קיינ פארטראג, נאר א פאליט־אינפארמאציע, דערפאר אבער זייער א קלארע.

זי האט זיכ פארויטלט פונ פארגעניגנ, ווײַל זי האט געוווסט, אז אפ בראקערש לאשנ באטײַט „קרוינ" דער בעסטער סארט קלעפּקע אונ דעריבער ביכלאל „אויסגעצייכנט", אונ האט געענטפערט אפנ זעלבנ לאשנ:

— אונ איכ האב געמיינט, אז איר וועט זאגנ „אנקער־באדנ" (אנ ערגערער מינ קלעפקע).

איינמאל האט זי באמערקט אפ זיכ עמעצנס א שארפנ בליק. זי האט זיכ צוגעקוקט. דאס איז געווענ דער הויכער יונגערמאנ, וואס זי האט באמ ארויסבאלייטנ מישענ באגעגנט אפנ וואקזאל. ער איז געשטאנענ אנגעשפארט אנ א וואנט אונ האט ניט ארא‍פּגענומענ פונ

איר זײַנע טיף־פֿאַרגראָבענע, נאָענט־שטייענדיקע אויגן. אין נאָוואָ־קאַמענסק האָט מען אַלע געקאָנט אַ ביסל אײנס דאָס צווייטע. מורע האָט געוווסט, אַז דאָס איז דער יונגערמאַן „מיטן פֿאַרנייטן האַרצן". פּערזענלעך באַקאַנט איז זי מיט אים ניט געווען, ווײַל געוווינט האָט ער ניט הי, נאָר אױף די ארץ־גרובנס. איר איז געוואָרן ניט אָנגענעם פֿון זײַן אָנגעשטרענגטן בליק, און זי האָט זיך אָפּגעקערעוועט. דער יונגערמאַן איז געשטאַנען נאָך אַ ביסל אין אַוועקגעגאַנגען. באַלד אָבער האָט ער זיך צוריק אומגעקערט און האָט זיך אַוועק־געשטעלט אין אַ שאָטן. ער האָט געקוקט אויף איר פֿון זײַן באַהעל־טעניש און האָט ניט געקאָנט פֿאַרשטיין, וואָס קומט אין אים פֿאָר.

ער האָט זי געזען דאָס ערשטע מאָל, און אַלעמאָל פֿלעגט זיך אים דערמאָנען אן אַלט־פֿאַרגעסן בילד. ס'איז געווען נאָך אין דער קינדהייט, אין אָרענבורג. בײַם די קאַניקולן פֿלעגט ער אַרומלויפֿן מיט די כאָווייריִם, באָדן זיך אין אוראַל, כאַפּן פֿיש און ווידער זיך באָדן. איינמאָל האָט ער געפֿרעגט, ווו איז דאָס וואָלאָדיע — זײַן שול־כאַווער פֿונעם זיבעטן קלאַס, און האָט באַקומען אַ מאָדנעם ענטפֿער: וואָלאָדיע איז פֿאַרליבט און באָדט זיך מער ניט און לויפֿט שוין מער ניט אַרום נאָך פֿיש. ווו זשע איז ער, וואָלאָדיע? מע האָט אים גע־ענטפֿערט, אַז ער איז אין די באַשטאַנעס: ליגט אין שאָטן פֿון אַ ברעזענעם בײַדל און „טרוימט"! וויאַזוי „טרוימט" מען עס? ס'האָבן זיך געפֿונען נײַגיריקע אַ קוק טאָן, וויאַזוי וואָלאָדיע טרוימט. זיי זײַנען אַלע געגאַנגען דורך פֿרעמדע גערטנער, פֿאַרבײַ פֿעלדער און קאַריערן, ביז זיי זײַנען אָנגעקומען אין די באַשטאַנעס און האָבן דערזען וואָלאָדיען. ער איז טאַקע געלעגן אין שאָטן און האָט גע־קוקט אויף זיי מיט ווייכע, פֿרעמדלעכע אויגן. זיי האָבן געפֿרעגט:

— וואָלאָדיע, ביסט פֿאַרליבט?

און ער האָט געענטפֿערט:

— יאָ.

— אין אַליפֿאַרא ניגמאַטולינע?

— יאָ.

— זי איז דאָך עלטער פֿון דיר און איז אין צענטן קלאַס...

וואָלאָדיע האָט געענטפֿערט:

— דאָס האָט קיין באַדײַטונג ניט.

— וואָס זשע פֿילסטו, וואָלאָדיע?

וואַלאַדיע האָט זיך אופגעזעצט און האָט ווידער אָנגעקוקט זיי אַלע מיט פרעמדלעכע פאַרוואונדערטע אויגן. ער האָט זיך ווי געוווּנדערט אַפ זיך אַליין, וואָס אין אים האָבן זיך ארויסגעוויזן אַזעלכע אומגעוויינלעכע קרעפטן און געפילן.

ער האָט געזאָגט:

— איך פיל, ווי אַ ווייכער וואַרעמער שטיין זאָל ליגן בא מיר אַפן האַרצן און דריקן, דריקן...

— און ס'איז דיר גוט אַזוי?

— אָ!

וואַלאַדיעס אויגן זיינען געוואָרן זייער טיף און ברייט, און ער האָט זיי געמוזט מאַכן גאָר ברייטער, קעדיי סע זאָל זיך ניט אָפּזעצן אין זיי אַ טרער.

שאַרפשטייג איז איצט אַלט געווען דאָס זיבן־און־צוואַנציקסטע יאָר. ער איז געווען רייף מיט דער רייפקייט פון שלאַכטן און פאַרשיידנאַרטיקן לעבנס־קאַמפּ, גאָר יעדער מאָל, ביים ער פלעגט קוקן אַפ מורקען, פלעגט זיך אים פאָרשטעלן, ווי דעם פערצניאָריקן וואַלאַדיען, אַז אַ ווייכער וואַרעמער שטיין ליגט בא אים אַפן האַרצן און דריקט, דריקט... און אַלץ די שפּיל פון גרינע פרעמדע וואַסערן, וואָס רינען, רינען אַלץ אין איין ריכטונג און אָפּקערעווען זיי אין אַ זייט איז אומעגלעך...

דאָס מאָל אָבער האָבן די גרינע אויגן געקוקט אַפן אוילעם שטרענג און ערנסט. דאָס טייטל האָט זיך געגליטשט איבער מינרעך־פּרייסן און האָט זיך פאַרהאַלטן אַפ אַ בלויען פינטל.

— אָט דאָ, — האָט זי געזאָגט, — אין דעם דאָזיקן פונקט האָבן מיר אַן אָפּעראַציע זייער ענלעך אַפן מאַגיר בא בערעזינעגאָוואַטאָיע. געדענקט איר, כאַווייירים, די געשיכטע מיטן „קעסל" אַפ דאַרעמ־אוקראַאינע?

ער האָט גוט געדענקט: אין דער אָפּעראַציע בא בערעזינעגאָוואַטאָיע איז ער שווער פאַרווונדעט געוואָרן. דעם פּיינטלעכן „קעסל" האָט מען געקאָנט שווין דורכשיסן אין אַלע ריכטונגען, און דער סוינע איז געווען פאַרצווייפלט און ווילד. „טייערע! איך בין לעבן געבליבן, און איך קאָן דיר העלפן, צוגעבן אַ שטיק לעבעדיקע געשיכטע צו דיין פאָרטראָג, דערציילן דיר און זיי אַלעמען געשעעניש, וואָס דו מיט דיינע קינדערשע אויגן האָסט, צום גליק, ניט געזען.

צוליב דעם טאקע האָב איך איינגעשטעלט דאָס לעבן, קעדיי דו און אנדערע זאָלן עס קיינמאָל ניט זען״...

פלוצעם האָט זיך דערהערט א הודאָק. דאָס האָט אים גערופן די מאשין, וואָס האָט אים צוזאמען מיט אייניקע מיטארבעטער גע־בראַכט אהער פון די ארץ־גרובנס. יעדן זונטיק פלעגט גיין אהער די מאשין, און ער פלעגט זי קיינמאָל ניט דורכלאָזן. ער האָט זיך אָבער אצינד פארהאלטן אף א מינוט. אים איז שווער געווען דער געדאנק, אז ער וועט זיך אופהייבן און אוועקפאָרן, ביים זי וועט נאָך דאָ בלייבן, אז ער וועט פרייוויליק אפנעמען בא זיך די מעג־לעכקייט זען זי נאָך עטלעכע מינוט — און ער איז געבליבן שטיין. די מאשין מיט די עטלעכע מענטשן איז אויך געבליבן, זי האָט גע־וואַרט אף אים. די כאוויירים זיינען געווויינט געווען צו אָפשיי פאר זיינע ערנסטע טיפפאַרגראָבענע אויגן, פאר זיין זויבער־ריינעם בלויען קיטעל מיט א ווייסן קאנטיקל באַם קאָלנער, פאר זיין שלאנקן קערפער אין די ציכטיקע, ווי פריש־געפרעסטע, קליידער און מער פאר אלעמען פאר זיינע ענג־צונויפגעפרעסטע ליפן, ליפן פון א קלוגן און געוואגטן מענטשן, וואָס האָבן און ווייסן וואָס צו דער־קלערן דער וועלט. נאָר האלטן זיך דערוויל אָפ ביז אַן עמעס נייטי־קער געלעגנהייט. אויב ער פלעגט ניט ענטפערן עמעצן, פלעגט מען זיך ניט באליידיקן — מע האָט פארשטאנען, אז די פראגע איז גע־ווען ניט קיין וויכטיקע אָדער גאָר א פוסטע. ביים דער שאָפער האָט זיך דערלויבט נאָכאמאָל דערמאָנען, אז מע וואַרט אף אים, האָבן אלע אָפפאָרנדיקע מיט א פאָרוואורף א קוק געטאָן אפן שאָפער, נאָר שארפשטיין האָט זיך מיט געוואלט א ריס געטאָן פון אָרט און זיך אריינגעזעצט אין מאשין.

מורקע איז אין א האלבער שאָ ארום אויך אוועקגעגאנגען אהיים און האָט זיך געזעצט שרייבן א בריוו צו מישען. זי פלעגט אים שרייבן אצינד יעדן טאָג און אָפטמאָל אפילע צוויי מאָל א טאָג. איר גאנצע לעבן איז געווען אין אָט די בריוו און אין מישעס זעל־טענע ענטפערן. פריער פלעגט ער פרווון איר נאָכטאָן און שרייבן יעדן טאָג, נאָר ס׳איז געווען פאר אים אומעגלעך, און זי האָט פאר־שטאנען, אז עס דארף אים קאָסטן א סאך געזונט. דעמלט האָט זי אים געבעטן שרייבן איר נאָר דאן, ווען ער וועט האָבן א מעגלעכ־קייט. ער האָט פארשטאנען, אז זי שרייבט אים אזוי ניט דערפאַר,

ווײַל זי האָט אים ווייניק ליב אָדער זי שאַצט ווייניק זײַנע בריוו, נאָר מאַכמעס גרויס איידלקײַט אונ איבערגעגעבנקײַט צו אים אונ האָט זי נאָכ מער ליב געקראָגנ. סע פלעגט זיכ טרעפנ אָבער, אַז זי פלעגט זיכ שטאַרק פאַרבענקענ נאָכ אים אונ פלעגט אים בעטנ אָנשרײַבנ אַנ איבעריק מאָל אונ דערנאָכ פלעגט זי זיכ שעמענ פאַר איר ווײַבערשער שוואַכקײַט. דעמלט פלעגט זי אים שרײַבנ בריוו פול מיט דער אופריכטיקסטער כאַראָטע, אונ ער פלעגט זי טרייסטנ אונ, קעדיי פאַרשאַפנ איר פאַרגעניגנ, שרײַבנ צוויי מאָל אונ אַפילע דרײַ מאָל א טאָג. אינ שטוב פלעגט מענ זיכ פרייענ אינ אַזעלכע טעג אונ באַגעגענענ דעמ בריוונ־טרעגער מיט אַפּלאָדיסמענטנ. מע האָט געזענ, אַז די בריוו ווירקנ זייער גוט אַפ מורענ אונ ענדערנ איר כאַראַקטער צו גוטנ, אונ מע האָט זיכ באַלד אָנגעשטויסנ — ווײַל אינ יעדער קלייניקײַט פלעגט זי אָפּגעבנ א באַריכט מישענ, פלעגט זי זיכ סטאַרענ, יעדער קלייניקײַט זאָל זיכ באַקומענ בא איר וואָס בעסער.

5

די מאַשינ איז אַרויסגעפאָרנ פונ נאָוואָקאַמענסק אונ האָט זיכ געלאָזט אַפנ וועג צו די גרובנס. א באַקאַנט בילד: גלאַטע פליינענ, באַוואַקסנ מיט שיטערע, פרישע גרעזער. באַלד אונטערנ באָדנ פילט זיכ שטיינ. ערטערווײַז שטעקט ער אַרויס — גרוי־גרינבלעכער אוראַלער סערפּענטיניט. ערטערווײַז הייבט ער זיכ ווי פעלדזנ — שאַרפּע ציינ, וואָס דער ווינט וועט זיי מיט דער צײַט צעמאָלנ, אויסגלײַכנ מיטנ אויבערפלאַכ. דער וועג גייט אַרופ, הייבט זיכ אַפ א פּלאַטשיקנ בערגל, אונ פונ זײַנ שפּיצ זעט מענ א גאַנצ לאַנד פּונקט אַזעלכע קײַלעכדיקע פּלאַטשיקע בערגלעכ. צווישנ זיי באַווײַזנ זיכ לײַמ־באָדנס — זאַפּטיק־געלע; עפּשער — נאָכ די פרילינג־וואַסערנ. א שטיקל באַאַרבעט גרינ־שפּראָצנדיק פעלד זעט אויס ווי געמאָלט מיט אייל־פאַרב, די ווײַטע קוסטעס — נעפּלדיק־בלוי. די מאַשינ פאָרט אַרומ א יאַר, נאָכ אים שפּרייט זיכ א צווייטער, וואָס ציט זיכ אַוועק אינ סטעפּ אַרײַנ מיט זײַנע לאַנגע „אַרבל“. סע שווימט פונ ערגעצ אַרויס א קליינ בלוילעכ טורעמל, ווי א פינגער די גרייס, אונ שוועבט איבערנ האָריזאָנט באַנאַנד מיט דער מאַשינ, באַגלייט זי ביזנ סאָפּ פונ איר וועג. דאָס איז דער וואַסערלייטונג־טורעמ פונ די גרובנס.

שארפשטיינ האָט געקוקט אפנ בלויענ זײַלעכל אונ האָט זיכ דערמאָנט זײַנ ארבעט אפ די גרובנס אינ מעשעכ פונ די פיר כאַדאָשימ. די וואסערלייטונג־ארבעטנ האָבנ אינ אָט דעמ פעריאָד געדארפט שפילנ די וויכטיקסטע ראָליע אפ די גרובנס, ווײַל וואסער איז דאָ געווענ דאָס נייטיקסטע אצינד. קעדייִ אופדעקנ דעמ שיכט אײַזנארצ, האָבנ עטלעכע עקסקאוואטאָרנ געדארפט ארויפנעמענ פונ אויבנ א גראָבנ שיכט לייִמ־ אונ זאמד־באָדנס, אונ די עקסקאוואטאָרנ האָבנ געפאָדערט וואסער פאר זייערע דאמפ־קעסלענ. נאָכ מער וואסער האָבנ געפאָדערט די לאָקאָמאָטיוונ, וואָס האָבנ געדארפט אָפפירנ די פילצאָליקע צוגנ, אָנגעלאָדנ מיטנ אָפגעגראָבענעמ גרונט. וואסער פלעגט מענ דערווײַל קריגנ פאר עטלעכע סטאנציעס פונדאנענ. אונ דאָס פלעגט שטארק פארלאנגזאמענ די ארבעט. מע האָט געמוזט דרינגענד שאפנ אנ אייגענע וואסערלייטונג־נעצ — דאָס איז געווענ קלאָר. ס'איז געווענ אָבער פול מיט שוועריקײַטנ, אונ דאָס בלויע טורעמל האָט דערמאָנט וועגנ א סאכ מי, געדולד אונ דערפינדערישקײַט.

— ליוושיצ! — האָט פלוצעמ א רופ געטאָנ איינער פונ די, וואָס זײַנענ געפאָרנ אינ דער מאשינ, — טו נאָר א קוק, ווו ס'האלט דער זייגער.

ליוושיצ, דער באָכער פונ אורגענטש, וואָס האָט אצינד געארבעט אפ די גרובנס, האָט א קוק געטאָנ אפ זײַנ פירעקעכדיק זייגערל אונ האָט געזאָגט:

— דרײַ.

אונ באלד צוגעגעבנ:

— פיר מינוט אפ פיר.

אלע האָבנ זיכ צעלאכט. מע האָט שוינ געקאָנט ליוושיצעס טעווע עגטפערנ, ווו ס'האלט דער זייגער: צוערשט פלעגט ער זאָגנ א קײַלעכדיקע צאָל, דערנאָכ פלעגט ער זי פארפינקטלעכנ. א צווייטע טעווע האָט ער געהאט: באגרינדנ אפ א געגויסטנ אויפנ יעדנ זײַנ געדאנק, האגאָמ יעדער איינער האָט געקאָנט ברענגענ אליינ פונקט אזעלכע ראַיעס. אצינד האָט ער געזאָגט:

— מײַ־כוידעש אינ היגנ קאנט דארפ מענ ארויספאָרנ אינ א דעמיסעזאָנ־מאנטל, נאָר ניט אינ קיינ זומערדיקנ, ווײַל די פרימאָרגנס אונ די אָוונטנ זײַנענ דאָ זייער קאלטע. אינ א ווינטערדיקנ

איז ווידער אומעגלעך, ווײַל באַטאָג איז צו היים. אויב נעמען אין אכט, אז אינמיטן דער היץ בלאָזן קאַלטע ווינטן...

אַלע האָבן זיך ווידער צעלאַכט. נאָר שאַרפּשטיין האָט ניט געלאַכט. ער האָט שוין אַמאָל געהאַט אַ גאַנץ געניטעם שמועס מיט ליוושיצן. דער באָכער איז געווען פון בעסאַראַביע און האָט געאַרבעט זײַן גאַנץ לעבן פאַר אַ מעשאָרעס בײַ רויכוואַרג. אז דאָס לאַנד איז געוואָרן סאָוועטיש, איז ער אַוועק אַרבעטן אין אַ שלאָסער־אַרטעל. ער האָט זיך שוין געהאַט אַ ביסל צוגעלערנט די מעלאָכע, און אַז די עוואַקואַציע האָט אים פאַרוואָרפן קיין אוזבעקיסטאַן, האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אין אַ מטס. דאָ הי האָט מען אים געשיקט פאַר אַ שלאָסער אָפּ די גרובנס, וווהין שאַרפּשטיין האָט אַרויסגעפאָדערט אַ שטאַט אַרבעטער. דער ליבער מונטערער באָכער איז געפעלן שאַרפּשטיינען, און איינמאָל האָט ער אים געפרעגט, פאַרוואָס האָט ער אַזעלכע מאָדנע געווינשאָפטן. ליוושיץ איז רויט געוואָרן ביז איבער די אויערן — ווי אַלע האָט ער געהאַט גרויס אָפּשײַ פאַר שאַרפּשטיינען. ער האָט אַ קלער געטאָן און געענטפערט:

— זעט איר, איך האָב קיינמאָל זיך ניט פאַרטראַכט איבער דער פראַגע, נאָר איך ווייס, אז איינע געפיל פירט מיט מיר שטענדיק אָן. איך וויל קיינמאָל, אפילו אין אַ קלייניקייט, ניט זאָגן קיין ליגן. איר ווייסט ניט, וואָס מײַן לעבן איז געווען, ווײַל אײַך איז אומבאַקאַנט די לאַגע פון אַ מעשאָרעס אין אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד... שטענדיק ליגנס, פון קינדווײַז אויף ליגנס... איך האָב ניט געקאָנט, ס'איז מיר געווען איבער דער טעווע... איך ווייס ניט, וואָס וואָלט מיט מיר געווען, ווען ניט די איבערקערעניש... און אַצינד היט איך מיך פון אַ ליגן זאָגן אפילו ניט בעקיוון. יעדער זאַך גלוסט זיך מיר פאַרפינקטלעכן, באַגרינדן, און אויב צײַטנווײַז זעט עס אויס קאָמיש און די כאַווײרים לאַכן, האָב איך דאָך אָפּ קיינעם קיין פאַריבל ניט...

ליוושיץ איז געווען אַן אָנגעלייענטער באָכער און האָט זיך אויסגעדריקט גאַנץ דײַטלעך, און דאָך האָט ער ניט ווייניק געשטאַמלט אַצינד.

ער האָט ניט ווייניק געהאָלפן שאַרפּשטיינען אין זײַנע אונטערנעמונגען. שאַרפּשטיין האָט שוין לאַנג פאַרגעסן דאָס געפיל פון קינע און אײַפערזוכט, וואָס עס האָבן אין אים געוועקט צום אָנ-

הייב די נײַע בויער פונעמ קאנט. אצינד, ביימ ער איז אליינ געווענ ארײַנגעצויגנ אינ דער בויונג און איז געשטאנענ אינ איינ ריי מיט זיי, האָט אינ אימ געלעבט דאָס געפיל פונ אכדעס, וואָס שאפט זיכ צווישנ מענטשנ באמ ארויסברענגענ אפ דער וועלט איינע און די זעלבע ווערטנ. ער האָט געהאט ניט קיינ גרינגע ארבעט — ניט אלצ איז געגאנגענ קעשורע: די „שאכטעס" (די ברונעמס פונ דער וואסערלייטונג) זײַנענ געווענ שוינ אויסגעגראָבנ, נאָר די פאָמפעס אינ זיי האָט מענ נאָכ ניט געקאָנט ארײַנשטעלנ, ווײַל ס'האָבנ געפעלט אייניקע דעטאלנ. די גרויסע טרויבנ האָט מענ געדארפט פרעגנ מיט צעמענט און בלײַ, און קיינ בלײַ איז ניט געווענ; אינ אייניקע ערטער, ווו די עקסקאוואטאָרס האָבנ ניט געקאָנט דורכגיינ, האָט מענ געדארפט ארויסרופנ בריגאדעס ערדגרעבער. ער האָט זיכ צו ביסלעכ אײַנגעפאָרעט מיט אלצ, נאָר ווייניק וואָלט זיכ אימ דאָס אײַנגעגעבנ, ווענ ער וואָלט ניט געהאט צו הילפ דעמ ווילנ קוטשעראוונ באָכער, וואָס הוידעט זיכ אצינד לעבנ אימ, שטייענדיק אינ פראכט־מאשינ, אָנגעשפארט אינעמ הינטער־ווענטל פונ דער קאבינע.

דער בלויער טורעמ אפנ האָריזאָנט איז געוואָרנ געלבלעכ־ווײַס און האָט זיכ צוגערוקט נאָענט. די פלאטשיקע בערגלעכ האָבנ באוויזנ זייער גרינעמ שטיינ. אפ זייערע קײַלעכדיקע זײַטנ זײַנענ געווענ ווי אײַנגעשניטנ שמאָלע קורצע שפאלטנ. אלע האָבנ געוווּסט: דאָס זײַנענ שוצגריבער, אויסגעהאקטע בייסנ בירגער־קריג.

— ניט גרינג איז זיי אָנגעקומענ, — האָט מענ געשמועסט צווישנ אוילעמ אפנ אווטאָ, — אזא הארטער שטיינ...

— א גודנער אייסעק ארומטראָגנ מיט זיכ אינ די שלאכטנ א קירקע...

— און קוקט אָנ, אלצ שוינ פארוואקסנ מיט פאָלינ...

ווי געוויינלעכ, האָט זיכ געפונענ צווישנ די מיטפאָרער אנ אָנטיילנעמער פונ יענע שלאכטנ, און ער האָט זיכ גענומענ דערקלערנ:

— אָט זעט איר יענעמ בארג, לינקס פונעמ טורעמ, אָט דאָרט, ווו די ליימ... דרײַ טעג זײַנענ מיר דאָרט געשטאנענ, דער 277־טער אָרסקער שיסער־פאָלק. מיר שטייענ פונ אונטנ, און די ווײַסע זײַנענ פונ אויבנ... א באפעל האָבנ מיר — דעמ אָנגריפ אָנהייבנ באנאכט... נאָר אז „בראטווא" רײַסט זיכ אינ שלאכט... און ס'איז טאקע געווענ געפערלעכ — ווארטנ ווײַטער. מע גיט אונדז א בא־

פעל: „אינ אטאקע!‟ אונ מיר פליִענ בארג־ארופ: „פאר די סאָוועטנ!.. פאר לענינענ!‟... דער ווינט רײַסט די היטלענ, פאטלט די האָר, אונ מיר זעענ שוינ נאָענט די ווײַסע, זייערע בלויע רייפלעכ אפ די קאזאקישע היטלענ...

שארפשטיינ האָט א סאכ מאָל אינ זײַנ לעבנ געהערט אזעלכע דערינערונגענ. פריִער זײַנענ די אָנטיילנעמער געווענ יִונגער, אצינד זײַנענ זיי געוואָרנ עלטער, נאָר אלציינס, סײַ פריִער סײַ אצינד, האָט געקלאפט זײַנ הארצ, אונ א שטומער רופ פלעגט זיכ רײַסנ פונ זײַנ ברוסט: „סאווע, סאווע, טײַערער, וווּ ביסטו? צי הערסטו מיכ, סאווע?‟.

ביים ער איז אלט געווענ אכט יאָר, האָט אים די מאמע דאָס ערשטע מאָל אוועקגעפירט אפנ פאָטערס קייווער לעבנ דער סטאנ־יצע פאָליאָנאיא. דער פאָטער איז דאָרט געלעגנ ניט אליינ — עטלעכע צענדליק שטארקע אונ געוואגטע האָבנ געטיילט מיט אים דאָס הארטע געלעגער אינ די זאלצ־באָדנס. א שטארקער ווינט האָט דעמלט געבלאָזנ גלײַכ אינ פּאָנעם ארײַנ אונ געריסנ מיט אימפּעט א הארטנ סטעפּ־געוויקס מיט שטעכיקע רויטע בלימעלעכ, געריסנ, געפּאטשט מיט די אנטבלויזטע צווײַגלעכ אונ פארשאָטנ דעם באָדנ מיט העלרויטע בלעטעלעכ, ווי טראָפּנס פריש בלוט. די מאמע, א פּראָסטע פרוי, האָט געוויינט: „סאווע, וווּ ביסטו, סאווע? צי הערסטו מיכ, סאווע?‟ אונ דאָס אכטיאָריקע יִנגל האָט געוויינט מיט איר צוזאמענ: „סאווע, סאווע, טײַערער סאווע!‟ דאָס דאָזיקע בילד איז אים געבליבנ אפנ גאנצנ לעבנ, אונ ער איז געוווינט געוואָרנ אינ אלע יאָרנ פונ זײַנ קינדהײַט אונ זײַנ יוגנט פירנ אינ הארצנ הייסע שמועסנ מיט זײַנ טאטנ. וויפל מאָל האָט געשטארקט אים אינ לעבנ זײַנ פאָטערס בײַשפּיל! וויפל מאָל האָט געשטיצט אים אינ שלאכטנ זײַנ פאָטערס קראפט! דער פאָטער איז געלעגנ א טויטער — א ווײַסקאזאקישע שאשקע האָט צעשפּאָלטנ מיט איינ פּאָכ אפצווייענ זײַנ קאָפּ, נאָר דער גײַסט איז געבליבנ א פעסטער אונ א שטארקער, א גײַסט פונ א מאנ אונ פונ א קריגער, אונ דער גײַסט האָט געמאָנט, ער האָט געוואָלט זענ לעבנ זיכ זײַנ גלײַכנ. אינ גרויסע ברידער־קוואָרימ, אונטער פּרעכטיקע דענקמעלער, אפ די שענסטע גאסנ פונ אָרענבורג, אָרסק, בוגורוסלאנ, סאָל־אילעצק, הינטער דערפער אונ סטאניצעס זײַנענ געלעגנ דעמ טאטנס כאווײרימ, אונ זייער געביינ האָט

אויך געמאָנט... און העכער פאַר אַלעמען, שענער פון אַלעמען, צאַרטער און ווײַטער פון אַלץ אין דער וועלט האָבן געקלונגען די גלעקעלעך פון דזשאַנגילדינס קאַראַוואַן... דרײַ הונדערט קעמלען און דרײַ הונדערט פערד, געלאָדן מיט פּאַטראָנעס און סנאַריאַדן, האָט געפירט מיט זיך דער קאָמיסאַר אַליבײַ דזשאַנגילדין איבער דער מידבר אוסט־אורט, איבער די אויסגעטריקנטע ווייסטעס, וווּ קיין שאָטן גליטשט זיך קיינמאָל ניט איבער די געלע שטעכיקע גרעזער און פליכעס ווײַסע זאַלץ. קיין טײַכל, קיין ברונעם... נאָר אין די פאַרטריקנטע טאָלן — פאַרצײַטיקע טײַך־בעטן — ווײַטער, ווײַטער פונעם קאַספּי, בײַ די געלע שרעקלעכע שיפּונים — אַ קורצער זאַלפּ, אַ געשריי, אַ קרעכץ, אַן אויגנבליקלעכע שלאַכט מיטן סוינע, וואָס גאַנוועט זיך ווי אַ שאַקאַל — אַ שלאַכט פאַר אַ טרונק מוטנע לײַמיק וואַסער... און ווײַטער, ווײַטער פאָרויס — קיין אַקטיובינסק! דאָרט שלאָגט זיך שוין דרײַ כאָדאָשים די רויטע גוואַרדיע, וואָס האָט אָפּגעטראָטן פון אָרענבורג — אַהין די אָנדערהאַלבן מיליאָן פּאַטראָנעס! צוויי הונדערט גרײַז־גרויע אַקסאַקאַלן פירן צוזאַמען מיט דזשאַנגילדינען דעם קאַראַוואַן איבער דער מידבר — היטן זיך פון בלאָנדזשען, סטאַרען זיך ניט פאַרזאַמען... ניט גרינג זײַנען אָנגעקומען די קריגס־מאַטעריאַלן אַליבײַען, — נאָך די שלאַכטן אין אַסטראַכאַן האָט ער זיי געפירט מיטן יאַם ביז דער מידבר... נאָר זיי פאַרזאַמען ניט — דאָס געווער לעבט ווידער אויף אין די הענט פון די אָרענבורגער רויטגוואַרדייער, און אַ רויטע ליניע פון שלאַכטן, אַ פּונקטיר פון העל־שפּריצנדיק בלוט ווײַזט אָן זייער ווײַטערדיקן מאַרש: סאַגאַרטשין, אַק־בולאַק, טשאַשקאַן, סאָל־אילעצק, דאָנגוז און סאָפּקאָלסאָפּ — ווידער אָרענבורג! „אָ, סאַווע, סאַווע! גרויס איז געווען דײַן דאָר, נאָר מײַנע כאַווײַרים האָבן ניט פאַרשעמט דײַנע, און איך בין דײַן זון!“.

אין אַ האַלבער שאָ ארום האָט זיך שאַרפשטיין אַראָפּגעלאָזט צוזאַמען מיט ליוושיצן אין אַ טיפער טראַנשייע. דאָ האָבן געדאַרפט אויסגעבויט ווערן, אָפּ אַ געוויסן מעהאַלעך איינער פונעם צווייטן, אַכט און דרײַסיק געמויערטע ברונעמס מיט ווענטילן.

## 6

דעם אכטנ מייַ האָט שאַרפשטיינ ווידער פאַרבראַכט אינ נאָוואָ־קאַמענסק. ער איז א גאַנצנ טאָג אַרומגעלאָפנ נאָכ בלייַ אונ אַנדערע מאַטעריאַלנ אונ סאָפקאָלסאָפ פאַרשפעטיקט די מאַשינ אָפ די גרובנס. אינ די האָטעלנ איז ניט געווענ קיינ פרייַע ערטער, אונ ער איז אַוועק־געגאַנגענ נעכטיקנ צו באָיטשענקאָנ. ער איז אַצינד שוינ געווענ גוט באַקאַנט אונ באַפרייַנדעט מיטנ בלוי־אויגיקנ בריגאַדיר אונ פלעגט אָפט פאַרברענגענ מיט אימ אונ מיט זייַנע נאָענטע אינ זייערע צוויי געמיטלעכע צימערלעכ פונ א נייַעמ הויז מיט א מענגע דירעס אינ ביידע זייַטנ פונ א לאַנגנ קאָרידאָר. שאַרפשטיינ איז געווענ מיד אונ איז גיכ אנשלאָפנ געוואָרנ, נאָר באַנאַכט האָט ער זיכ אופגע־כאַפט פונ א שטאַרקנ קלאַפ אינ טיר. די באַלעבאַטימ האָבנ זיכ אויכ אופגעכאַפט. אינ דרויסנ האָט קוימ־קוימ געגרויט. א גרויסער האַמוינ האָט געטומלט הינטער דער טיר אונ געקלאַפט אָנ אופהער. מע האָט געשריענ: „ניצאָכנ! ניצאָכנ! שטייט אופ!".

שאַרפשטיינ איז שוינ געשטאַנענ אָנגעטאָנענער. די באַלע־באַטימ זייַנענ שוינ אויכ געווענ פאַרטיק. מע האָט געעפנט די טיר אונ אייַנגעשלאָסנ די שייַנ. א מענגע מענטשנ האָט זיכ אַרייַנגעגאָסנ אינ צימער, מאָדנע מינימ האַלב־געקליידטע מענטשנ — פרויענ אינ מענערשע פידזשאַקעס, מענער „אינ ווייַסע אַרבל", אַלטע באָבעשעס מיט לאַנגע פאַרפלאָכטענע צעפ, וואָס זייַנענ אַרויסגעהאַנגענ פונ אונטער די טיכלעכ. איבער די קעפ פונעמ האַמוינ זייַנענ געשווומענ צוויי בידאָנעס בראָנפנ. אַלע האָבנ זיכ געקושט, געוויינט, געלאַכט, געטומלט...

שאַרפשטיינ איז אַרויסגעגאַנגענ אינ דרויסנ. די זונ איז נאָכ ניט רעכט אופגעגאַנגענ, נאָר אינ גאַס איז געווענ שוינ העל. ס'זייַנענ אַרומגעגאַנגענ פריילעכע מענטשנ, געקושט זיכ אונ געגריסט. אָפ די גאַנעקעס זייַנענ געשטאַנענ פרויענ מיט פלעשלעכ בראָנפנ אינ די הענט אונ האָבנ אָנגעגאָסנ יעדנ דורכגייער. אינ אַלע הייַזער זייַנענ געווענ די טירנ אונ פענצטער אָפנ. אונ דער עולם איז געגאַנגענ פונ הויז צו הויז.

שאַרפשטיינענ האָט זיכ פאַרגלוסט זיכ דורכשפאַצירנ. הינטער אימ האָט א קלאַפ געטאָנ די טיר. פונ שטוב איז אַרויסגעגאַנגענ א

מענטש, וואס אלע האבנ אימ גערופנ סאלאמאנ איסאקאוויטש, אונ האט זיכ געלאזט ערגעצ גײנ. ניט טראכטנדיק, האט זיכ שארפשטײנ געלאזט נאכ אימ. דער אלטער איז דורכגעגאנגענ אײנ גאס, די צווײטע, די דריטע, אונ פלוצעמ איז ער פארשוווּנדנ געווארנ אינ עפעס א טיר. שארפשטײנ האט א קוק געטאנ אפנ גאנעק פונעמ הויז, אונ איז ווי פארשטארבנ געווארנ. דארט איז געשטאנענ מורע קאהאנ. זי האט געהאלטנ אינ די הענט א פלעשל אונ א ראזעווע ווײנגלעזל. אנ אלטע שכײנע איז געשטאנענ לעבנ איר אונ האט געהאלטנ אפ א טעלער אנגעשניטענעמ וווּרשט מיט ברויט. בא דער אלטער זײנענ גערונענ טרערנ פונ די אויגנ, אפאנעמ פארלארנ עמעצנ אינ דער מילכאמע. זי האט די ערשטע באמערקט שארפשטײנענ:

— גאווריִלאוונע, גיס אנ, — האט זי געזאגט, צײענדיק דאס מײדל פאר דער האנט. דאס מײדל האט זיכ אופגעכאפט, ווי פונ א זיסנ כאלעמ:

— טרינקט אויס פאר אונדזער ניצאכנ, — האט זי געזאגט.

אימ האט זיכ געדאכט, אז אט־אט וועט זי צוגעבנ „בא בערעזנעגאוואטאיע”. ער האט זיס אונ לאנג געטרונקענ פונעמ קאס אונ אימ האט זיכ אויסגעגעבנ, אז זי פירט מיט אימ דערבײ א לאנגנ אונ א געטרײַענ שמועס... ער איז צוגעזאטנ געווארנ צומ קאס, ער האט אימ קוימ אפגעריסנ פונ די ליפנ. ער האט אופגעהויבנ די אויגנ אונ האט דערזענ: דאס בלאנדע מײדל איז געשטאנענ בלאס אונ דערשראקנ. ערשט איצט האט זי זיכ געכאפט, וואס זי האט אפגעטאנ. „א פארנײט הארצ... סע וועט אימ נאכ פארשאטנ”... נאר זי האט גארנישט ניט געזאגט.

ער האט אומגעקערט איר דעמ לײדיקנ קאס. ער האט זיכ געקליבנ אוועקגײנ, נאר ער האט גיט געקאנט. זײ זײַנענ געשטאנענ א ווײַלע אזוי, דערנאכ האט זי געזאגט:

— קומ, פיליפאוונע, דו זעסט, קײנער איז שוינ ניטא אינ גאס...

אונ זײ זײַנענ בײדע ארײַנ צוריק אינ שטוב.

שארפשטײנ איז געבליבנ שטײנ א געפלעפטער — וואס האט געוואלט באטײַטנ איר אומרויִקער בליק? ער האט זיכ א לאז געטאנ נאכ איר, אונ איז דאכ געבליבנ שטײנ. ער האט ארײַנגערוקט די הענט אינ די קעשענעס אינ האט גענומענ שטילערהײט פײַפנ — אפנ לאשנ פונ דער גאנצער וועלט באטײַט עס: סע פידלט ניט...

ביים ער איז געקומען צוריק צו באַיטשענקאָן, איז אין שטוב שוין געווען ליידיק. דער באַלעבאָס איז געשלאָפֿן, און די באַלעבאָסטע האָט געקנאָטן טייג.

— לייגט זיך צו, יאַקאָוו סאַוויטש, — האָט זי געזאָגט: — ביז צוועלף וועלן אַלע שלאָפֿן, דערנאָך וועלן מיר ווידער הוליען.

ער האָט זי געפֿאָלגט און איז אַוועקגעגאַנגען אין צווייטן צימער, וווּ ס׳איז געשטאַנען זיין בעט.

## 7

אַזייגער צוועלף איז שאַרפשטיין געגאַנגען איבער די אויפֿגעלעבטע גאַסן פֿון נאָוואָקאַמענסק. ס׳איז ניט לאַנג דורכגעגאַנגען א רעגנדל, און די זון האָט ווייך געוואַרעמט. אומעטום זיינען געשטאַנען מאַשינעס מיט געסט, וואָס זיינען געקומען פֿון די ווייטסטע באַצירקן אָפּ דער בויונג, פֿון די ארץ־גרובנס און קאָלווירטן. אפֿן גרויסן פּלאַץ פֿאַרן קלוב האָט מען געטאַנצט. וואָס פֿאַר א קראַפֿט האָט געבראַכט שאַרפּ־שטיינען צו מורע קאַהאַנס טיר? די טיר איז געווען פֿאַרשלאָסן. א שכנטע האָט געזאָגט: „זיי זיינען אַוועקגעפֿאָרן אַלע אָפּ „ברוס־ניטשקי״.

דאָס איז געווען אַן אַלט־נייער קוואַרטאַל פֿון דער בויונג, עטלעכע קילאָמעטער פֿונדאַנען. פֿאַר דער מילכאָמע האָט מען דאָרט אָנגע־הויבן בויען די שטאָט. דערנאָך האָט מען זי איבערגעטראָגן אַהער קיין נאָוואָקאַמענסק. געבליבן איז נאָר א גאַס אַלטמאָדיש־גרויסע פֿירהדירעדיקע קאָטעדזשן, און די לעצטע צייט האָט מען צוגעבויט א גאַנצן קוואַרטאַל ראַזעווע געמיטלעכע אינדיווידועלע הייזער, וואָס די דירעקציע האָט זיי געבויט אָפּ אויסצאָלן.

שאַרפשטיין איז לאַנג געגאַנגען צופֿוס, ביז ס׳האָט אים אָנגע־יאָגט א מאַשין. אָפּ „ברוסניטשקי״ איז געווען פֿריילעך. פֿון די קאָ־טעדזשן האָט זיך געטראָגן א פֿריילעכע מוזיק.

— קאַהאַנס זון־אָרקעסטער! — האָט דערקלערט דער שאָפֿער.

ער איז צוגעפֿאָרן נעענטער. אָפּ א וועראַנדע פֿון א גרויסן קאָ־טעדזש איז געזעסן דער אָרקעסטער: צוויי פֿידלען, א פּויק און זעקס מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן צווישן די קני גרויסע שטאָלענע זעגן, אַזעלכע ווי מע נוצט באַם שניידן ברוסן, אין די הענט האָבן זיי גע־האַלטן אַמזוערנע שטעקלעך אָדער גלאַט גרויסע טשוועקעס. קלאַפּנדיק

מיט זיי איז די זעגנ, האָבנ זיי געשאפנ א פרעכטיקנ העכסט־מעלאָדישנ אַקאָמפאנעמענט. אינ איינעם פונ די פידלער האָט שארפשטיינ דערקענט סאָלאָמאָנ קאהאנענ (פונ די באַיטשענקאָס האָט ער שוינ געוווּסט די גאנצע גענעאלאָגיע פונ דער מישפּאָכע קאהאנ). ער האָט פארשטאנענ, אז ער האָט געטראָפנ, וווּהינ ער האָט געדארפט. איינעם קאָטעדזש האָט געוווּינט איינער פונ די פאראנטוואָרט־לעכע טוער פונ דער בויונג. שארפשטיינ איז דאָרט געווענ באקאנט, נאָר היינט האָט דאָס גאָרנישט ניט אויסגעמאכט. ער איז אריינגעגאנגענ אינ א גרויסנ צימער, ווו ס'זיינענ ענג געזעסנ א סאך באקאנטע אונ נאָך מער אומבאקאנטע מענטשנ. מע האָט געטרונקענ אונ פארביסנ. מורע איז דאָ ניט געווענ. ער איז אריינ אינ צווייטנ צימער. דאָ זיינענ געשטאנענ צוויי קאנאפּקעלעך מיט א סאך אָנגעוואָרפענע נאסע פאלטעס. די געסט זיינענ געפאָרנ אהער מינאסטאמ בייסנ רעגנ. אפ איינ קאנאפּקעלע זיינענ די קליידער גע־ווענ אָפּגערוקט א ביסל אינ א זייט, אונ ס'איז געשלאָפנ א באקאנ־טער אינזשעניער. אינ דריטנ צימער זיינענ געשטאנענ שאפעס אונ ציכטיק פארבעטע בעטנ. אינ איינ בעט, גלייך אפ דער העלער קאפּע, זיינענ געזעסנ צוויי אומבאקאנטע פארפּוצטע יונגעלייט אונ האָבנ עפּעס צוטרוילעך גערעדט צווישנ זיך. באמ פענצטער איז געשטא־נענ א פרוי אונ האָט געלייענט א ביכל. אינ א זייטיקנ צימערל זיינענ געזעסנ ארומ א טיש באקאנטע שאָפערנ אונ האָבנ געשפּילט אינ קאָרטנ. ער האָט געקוקט א פּאָר מינוט אפ זייער שפּיל אונ האָט גע־עפנט ווידער א טיר. זי האָט געפירט צוריק אינ עסצימער. אלע זיינענ דאָ איצינד געשטאנענ אונ האָבנ זיך געהאלטנ פאר די בענקלעך. מורע איז אויך דאָ געווענ.

— איך האָל! איך האָל! — האָט זי געשריגנ, אונטערטרייבנדיק דעמ אוילעמ.

עטלעכע יאָר פאר דער מילכאָמע איז געווענ א מאָדע בויענ אינ די גרויסע קאָטעדזשנ פונ עטלעכע דירעס — ספּעציעלע אזעלכע צימערנ „האָלנ” פאר קאָלעקטיווע פארוויילונגענ. די „האָלנ” האָבנ זיך ניט בארעכטיקט, זיי האָבנ אָפּגענומענ צופיל וווינ־פּלאץ, נאָר דאָרט, ווו זיי זיינענ געבליבנ, פלעגט מענ זיי אויסנוצנ צומ טאנצנ.

מורע איז די ערשטע צוגעגאנגענ צו שארפשטיינענ אונ פריינטלעך געגריסט זיך מיט אימ:

— נו, ווי פילט איר זיך נאָכן פרימאָרגנדיקן „לעכאַים"?

זי האָט פריינטלעך דערלאַנגט אים א פינגער, אַפ איר האַנט איז געהאַנגען א פּאָכער. ער האָט א גליקלעכער א כאַפּ געטאָן איר האַנט און האָט געזאָגט:

— א דאַנק! אויסגעצייכנט! פאַרוואָס דאַרף איך זיך פילן שלעכט?

זי איז רויט געוואָרן און האָט אים דערציילט, וואָס עס האָט זי באַאומרויקט.

ער האָט זיך צעוואָרשט צעבייזערט:

— וואָס פאַרא ווייבערישע אויסטראַכטעכצן! ווען האָט מען מיר פאַרנייט דאָס האַרץ? איך האָב איבערגעטראָגן א שווערע אָפּעראַציע, נאָר גאָר אַן אַנדערע...

דערנאָך איז אים געקומען אין קאָפּ אַרײַן, אַז מע קאָן דערפון מאַכן א שיינעם, אַן אויסגעצייכנטן שפּאַס. ער האָט געזאָגט:

— אויב איר ווילט וויסן, איז בא מיר מיטן האַרצן טאַקע ניט קעשורע... יאָ, יאָ...

און ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַרן האַרץ.

נאָר זי האָט פאַרשטאַנען דעם שפּאַס און האָט געלאַכט:

— אין אָוונט וועט איר קומען „צום בוים" שפּאַצירן?

אין נאָוואָקאַמענסק איז געווען נאָר איין בוים, מער איז ניט געוואַקסן אינעם אַרום. מע האָט דעם בוים אַרומגעזעצט מיט קוסטעס און בלומען, אַוועקגעשטעלט א פּאָר בענק און געמאַכט אַן אָרט צום שפּאַצירן.

ער האָט איר צוגעזאָגט קומען „צום בוים", דערנאָך געטאַנצט מיט איר אין האָל. די זעגן האָבן געשפּילט שאַרף־מעלאָדיש, ווי דער באַלטישער אינסטרומענט „קאַנטעלע". אין אָוונט איז ער געזעסן מיט איר און מיט אירע באַוואָרטעס אין „אַלגאַמבראַ", דערנאָך האָבן אַלע ווידער געטאַנצט אינעם זאַל „סטיל קאָרסאָ", און אַלע האָבן זיך געוווּנדערט, ווי זיי ביידע פּאַסן איינס צום אַנדערן לויטן וווּקס, לויטן ריטם פון די באַוועגונגען און לויט נאָך עפּעס, וואָס קיינער וואָלט עס ניט געקאָנט באַשטימען, נאָר וואָס סע ווערט קלאָר באַם טאַנצן.

אין א וואָך אַרום איז ער ווידער געקומען און איז געזעסן מיט איר ווידער אין „אַלגאַמבראַ" און גערעדט וועגן פאַרשיידענע זאַכן.

ער האָט טאָמיד געפּונענ מיט איר אינטערעסאַנטע טעמעס אפ שמועסנ, ווײַל זי איז געווענ קימאט א היגע: זי האָט דאָ געוווינט שוינ פינפ יאָר אונ געוווינט ניט בליינד — אלצ דאָ גענוי געוווסט, אלצ אונ יעדנ געקענט אונ ליב געהאט דאָס נײַע היימ־אָרט — גאָר גיט צו פאַרגלײַכנ זי מיט אנדערע.

ער פלעגט קומענ אלצ אָפטער אונ אָפטער, די שמועסנ פלעגנ ווערנ אלצ פרײַנטלעכער, נאָר אז ער פלעגט זיכ טיפ ארײַנקוקנ אינ אירע אויגנ, האָט ער אלצ געזענ דאָס זעלבע: די שפּיל פונ דורכזיכטיקע וואסערנ, וואָס ווייסנ נאָר איינ וועג, נאָר איינ ריכטונג אונ אָפּוועגנדיג זיי פונ אָט דער ריכטונג איז אומעגלעכ. וועגנ מישענ פלעגנ זיי קיינמאָל ניט ריידנ.

איינמאָל באגעגנט זי אימ א גליקלעכע, אנ אופגערעגטע, קימאט אנ אומבאקאנטע:

— מישע האָט זיכ דעמאָביליזירט אונ וועט אינגיכנ קומענ...

ער האָט ניט מיטאמאָל פאַרשטאַנענ אירע ווערטער, ווײַל אפנ הארצנ איז בא אימ געלעגנ א ווייכער וואַרעמער שטיינ אונ פול איז געווענ דאָס הארצ מיט אומקלאָרע פאָרגעפילנ פונ גליק, נאָר זי האָט נאָכאמאָל איבערגעכאַזערט די זעלבע ווערטער. דאָס מאָל זײַנענ זיי אָנגעקומענ צו זײַנ פאַרשטאנד, אונ ער האָט מיטאמאָל דערפילט א באדערפעניש ניט זײַנ דאָ מער, זײַנ ערגעצ אנדערש אונ אליינ, אונ ס'זאָל אימ ניט שטיקנ אזוי די היצ פונ סאָפ טאָג. ער האָט זיכ אויסגעקערעוועט אונ איז אוועקגעאנגענ. דאָ אינ שטאָט האָט ער ניט געהאט וואָס צו טאָנ — דאָ זײַנענ געווענ אומפאַרשטענדלעכע מענטשנ, פרעמדע, אַנגעפּאָרענע, אונ זי איז געווענ איינע פונ זיי. ער איז אוועק צו די גרובנס. די היצ האָט געשטיקט. ער האָט געוווסט, וווהינ סע ציט אימ — צו דער שאכטע, וואָס גיט וואסער פארנ גרויסנ טורעמ. דאָרט איז קיל אונ פריש, דאָרט איז קיינער ניטאָ, דאָרט וועט אימ גרינגער ווערנ.

אינמיטנ וועג האָט ער געמוזט אָפּרוענ. ער האָט דערפילט א מאָדנע שוואכקײַט אונ האָט זיכ אוועקגעלייגט אפ א בערגל באמ וועג. ער האָט אײַנגעגראָבנ דאָס פּאָנעמ אינ די הייסע אָפּגעברענטע גרעזער אונ האָט ארײַנגעאָטעמט דעמ אלטבאקאנטנ גערוכ, דעמ גערוכ פונ היימ־אָרט, וואָס באטײַט שטענדיק א ריי גליקלעכע דערינערונגענ: א זייכער פונ גליקלעכער קינדהײַט, פונ גליקלעכער יוגנט, ווײַל פאר

יערנ איז דאָס היימ־אָרט פול מיט זײַנ פאַרגאַנגענהײַט און זי איז אימ טאָמיד זיס — דער מענטש איז אויסגעשטאַנענ אַלע אירע פּרוּוונ און איז ארויס געזונט און מונטער — ער האָט געזיגט.

אינ א שאָ ארום איז ער צוגעגאַנגענ צו דער שאַכטע. דער קורצער אָפּרו אינ וועג האָט אימ דערמונטערט, נאָר ניט באַרויִקט. אנ עמעסער אָפּרו איז געוועננ דאָ אינ דער נידעריקער קײַלעכדיקער געבײַדע. סע עפנט זיכ די מאַסיווע טיר, און די פינצטערניש טוט א שמעק מיט קילער ערד און מיט פרישקײַט. דאָס אויג ווערט קוימ געוווינט צומ איינציקנ לעמפּל, וואָס ברענט פונדערווײַטנ אינ דער טיפ פונעמ ברונעמ. די הענט כאַפּנ זיכ אינסטינקטיוו פאַר דער שטאָלענער פאָרענטשע און דער אויער כאַפּט שוינ דעמ ריטמ פונעמ שטילרוישנדיקנ מאָטאָר בא דער פּאָמפּע. אָט דער קלאַנג אַליינ, דער קלאַנג פונ גלײַכמעסיקער אַרבעט באַרויִקט שוינ דעמ מענטשנ. ווענ סע קלינגט נאָכ דערצו א העמערל אינ עמעצנס האַנט, ווערט אפנ האַרצנ נאָכ גרינגער און ליבער. אצינד האָבנ געקלונגענ העמערלעכ, האַגאַמ ס'איז שוינ געווענ נאָכנ אַרבעטס־טאָג: פונ אונטנ האָבנ זיכ געפּאָרעט צוויי שלאָסערס: ליוושיצ און וואָראָנאָוו. זיי האָבנ לאַנג שוינ באַמערקט שאַרפשטיינענ, נאָר ניט איבערגעריסנ זייער אַרבעט. און ער? — ער איז גיט געווענ אומצופרידנ, וואָס זיי זײַנענ דאָ.

אינ א שטיקל צײַט ארום האָבנ זיי זיכ אופגעהויבנ מיטנ שטאָלענעמ לייטערל ארופ. וואָראָנאָוו האָט געלאַכט פונ ליוושיצנ — דער בעסאַראַבער איז געבליבנ איינער אַליינ אינעמ ערד־שטיבל אפ „בורלאַטשיכע” — אַלע פונ דער צוזאַמענווױנונג האָבנ זיכ שוינ ארויסגעקליבנ פונעמ אַלטנ נאַסנ קוואַרטאַל:

— אפ דער „בורלאַטשיכע” זײַנענ די טאַראַקאַנעס ווי טאַנקעטקעס — גרויסע און רירעוודיקע.

ליוושיצ האָט זיכ פאַרענטפערט:

— איכ קאָנ ניט ארומגיינ שטאַדלענ וועגנ אנ אנדער וווינונג, ווײַל אויב איכ וועל זיכ ארײַנלאָזנ אינ אזעלכע זאַכנ, וועט לײַדנ די אַרבעט, און אויב איכ וועל...

שאַרפשטיינ האָט א שמוכ געטאָנ און האָט אומדערוואַרט פאַר זיכ געזאָגט:

— קלײַבט זיכ איבער צו מיר, ליוושיצ. בא מיר איז א גרויסער צימער.

ער האָט שפּעטער קיינמאָל קיין כּאראָטע ניט געהאַט אָפּ זיינע ווערטער — אים איז געווען אָנגענומען דער געדאַנק, אַז אַצינד, ביים ס׳איז אים שווער אָפּגעהאַרצן, וועט ער זיין ניט אַליין — מיט אים אינייינעם וועט זיין דער ווילער שעמעוודיקער באָכער. ליוושיץ האָט זיך געהאַלטן טאַקע זייער באַשיידן, און אויב ער פּלעגט דאַקוטשען אַמאָל מיט זיינע פאַרפינקטלעכן און באַגרינדן זיינע יעדן געדאַנק, האָט שאַרפשטיין שוין געוווּסט די סיבה דערפון און פלעגט אים מוחל זיין פונעם גאַנצן האַרצן. ליוושיצן האָבן אַלע ליב געהאַט, און דערפון האָט זיך גענומען טאַקע דאָס, וואָס ער פלעגט זיין שטענדיק אינפאָר־מירט וועגן אַלע נייסן אָפּ די גרובנס. ליט האָבן אים אַלץ פאַרטרויט און פלעגן זיך אפילו אָפּט מיט אים אָנ אייצע האַלטן.

איינמאָל האָט ער געזאָגט שאַרפשטיינען:

— מע זאָגט, אַז מע מערקט אָן פּאָר אונגדז אַ נייעם שעכּ...

שאַרפשטיין האָט געפרעגט:

— נו, און דער?

— דער וועט גיין שטורעמען קיין נײַ־אַלכּאַוויקע, — האָט גע־ענטפערט ליוושיץ, — גענוג פון־זײַנעטוועגן.

## 8

איינמאָל אין אַ גליִיקן מיטן־זומעריקן טאָג איז שאַרפשטיין אַרויסגעגאַנגען פון דער שאַכטע. ס׳איז געווען מיטיק־צײַט, נאָך עסן האָט זיך אים ניט געגלוסט. שלאָפן האָט ער אויך ניט געוואָלט, כאָטש ער פלעגט ווייניק שלאָפן די לעצטע נעכט: סע פלעגט אויסקומען פאַרהאַלטן זיך שפּעט אָפּ דער אַרבעט, אופשטיין פרי און אָפּט אפילו אינמיטן דער נאַכט — מע פלעגט אים וועקן, ווען מע האָט באַ־דאַרפט, און ער האָט עס אַליין געפאָדערט. ער איז איצט אָבער געווען זייער מיד — אַזוי מיד, אַז ס׳האָט זיך אפילו שלאָפן ניט געוואָלט — ניט איבער דער שווערער מי און ניט איבער די פילמאָל איבער־גע־שטיִיגטע נאָרמעס — נאָר איבער עפּעס אַ מאָדנער פּריטשעפּע, אַ מין גײַסטלעכער פּײַן, וואָס האָט געמאַטערט אים די לעצטע צײַט ביז ניט אויסצוהאַלטן. עפּעס איז ער שטענדיק געווען ווי אין אַ סיכ־סעכ, אין אַ מין אומענדלעכן שמועס, ווו ער האָט שטענדיק געדראַפּט זיך פאַרענטפערן און ניט שטענדיק איז ער אַרויס בישליימעס.

אין קאָפּ פּלעגט זיך באַ אים פּלאָנטערן: „וואָס ווילט איר, כאַוויי־רים, — אַזוי איז עס! איך זאָג דען, אַז איך בין גערעכט? נאָר ס'איז מיר שווער — וואָס זאָל איך טאָן? איך האָב אַלץ אויסגעפּילט — איך קלאָגט זיך דען אָפּ מיר? נאָר וואָס דען? ס'איז מיר שווער. עפּעס איז מיר ניט גוט אינעווייניק, ס'איז מיר ניט גוט, פֿרײַנט טײַערע! יאָ, יאָ, ס'מעג זײַן בעסער. איר האָט אויסגעטראַכט, אַז באַ מיר איז דאָס האַרץ פֿאַרנייט — האַלעוויַ וואָלט עס געווען פֿאַרנייט, נאָר נײַן, מע דאַרף עס ערשט פֿאַרנייען, מע דאַרף, מע דאַרף, איך זאָג דען נײַן? איך זאָג דען ניין?"

אָפּט פּלעגט אַזאַ וואָרט אַרויסרײַסן זיך פֿון זײַן מויל און פּלעגט זיך צו זײַן גרויס וווּנדער אַרײַנפֿלעכטן אין אַ לעבעדיקן שמועס און קריגן אַן ענטפֿער פֿון אַ כאַווער, לעמאָשל:

— מיר זאָגן טאַקע ניט נײַן! זיי מעגן זיך אַליין מאַטריעך זײַן מיט זייער נײַ־מאָדנעם צעמענט — זיי מעגן אים רופֿן צעמיאַנ־קע, — מיר וועלן זיך אַפֿילע קיין האָר ניט פֿאַרקרימען. אַדרעאַבע!..

און דעמלט פּלעגט ער קומען צו זיך, ווי פֿון אַ שווערן קאָשמאַר, און אין אַ פּערטל שאָ אַרום אַרײַנפֿאַלן אין אים ווידער.

אַצינד איז ער געשטאַנען באַ דער טיר פֿון דער שאַכטע און האָט זיך געקוויקט מיט דער צעגליטער לופֿט, וואָס האָט מעכײַעדיק געוואַ־רעמט זײַן לײַב נאָך דער קעלט און נעץ פֿון דער שאַכטע. ער האָט גענומען אינסטינקטיוו זוכן זיך אַן אָרט אָפּ זיך אַנידערלייגן אָפּרוען. יעדער פֿאַרווונדעטע באַשעפֿעניש זוכט אַן אָרט, ווו עס זאָל קאָנען זײַן ווונד אוועקלייגן בעהאַרכאָווע און אָפּגעבן איר, כאָטש אָפּ אַ קורצער צײַט, די גאַנצע ליבע זײַנע, וואָס זאָל זי קאָנען געזונט מאַכן. נאָר דער סטעפּ אַרום איז געווען אויסגעברענט — ברוין, צעריבן קימאַט אָפּ אַש. איין ווינקל האָט נאָך געגרינט: אָפּ אַ בערגל אונטער אַ דעכל אָפּ פֿיר סטויפּעס, ווו פֿאַראיאָרן פּלעגט נעכטיקן דער עקסקאַוואַטאָר. האַיאָר האָט ער געאַרבעט אין אַן אַנדער אָרט, און אונטערן לעכטעריקן דעכל האָט דער באָדן זייער גוט זיך צע־שפּראָצט, באַשיצט פֿון דער פֿלאַמענדיקער זון און דאָך באַגאָסן פֿון די זעלטענע רעגנס. דאָ זײַנען הויך געוואַקסן און געפֿלאָכטן זיך געוויקסן, און ס'האָט זיך געדאַכט, אַז זיי אייגנע קוקן אַרויס אָפּ די ווינטן, וואָס פֿאַרמאַטערן דאָ יעדער לעבעדיק וועזן. די ווינטן וועלן

רײַסנ, רײַסנ, שאָקלענ די מעכטיקע אינ דער ערד אײַנגעװױגענע שטענגלעכ אונ ארױסרײַסנ, אינ דער װעלט אװעקטראָגנ נאָכ אײנ גרינעמ קוראײַ־קנױל, אונ ס׳װעט פארנ געװיקס קומענ א נײַע װעלט, א נײַ לעבנ.

שארפשטײנ איז צוגעגאנגענ צומ דעכל אונ האָט זיכ אײַנגעלײגט אינ די גרעזער, פארזונקענ אינ זײ ביז די סאמע אױגנ. דער סטעפ האָט א שמעק געטאָנ אפ אימ מיט הײמ־אָרט, מיט קינדהײַט, מיט גליקלעכער פארגאנגענהײַט, אונ ס׳איז אימ מיטאמאָל געװאָרנ גרינגער אפנ הארצנ...

די געװיקסנ האָבנ זיכ געהױדעט פאר זײַנע אױגנ, אונ ס׳האָט זיכ אָנגעהױבנ דער אלטער גוט באקאנטער קישעפ. אָט ליגט ער מיט די אױגנ בא די װאָרצלענ פונ די געװיקסנ — װי שטײט עס געשריבנ, אז דאָס זײַנענ גרעזער אונ ניט קײנ בײמער. יאָ, יאָ. דאָס זײַנענ בײמער. אָט שטײט דער גרױ־זילבערנער פאָלינ — פארװאָס איז דאָס א גראָז אונ ניט קײנ בױמ, ניט קײנ הױכער צעצװײַגטער דעמב? ער איז העכער פונ מײַנע אױגנ, פונ מײַנ שטערנ. ער װיגט זיכ איבער מיר, באמ װאָרצל איז זײַנ קאָרע רױטלעכ־הארט. ער שאָקלט זיכ אונטערנ װינט אונ הודזשעט. די ברױנ־פארסמאליעטע „קאשקע" שפרײט איר שירעמ װי א פרעכטיקע פיניע, דער „פאָדאָראָזשניק" בליט שלאנק װי א טאָפאָל, קײנ שומ צװײַגנ צעלאָזט ער ניט אינ די זײַטנ, אונ די װיקע איז ענלעכ אפ אנ אקאציע, אונ זײ רױשנ אלע, װי געדיכטע װעלדער, זײ שאָקלענ זיכ אונ בײגנ זיכ אונ צערוקנ זיכ, קעדײ שפרײטנ א װעג — פאר װעמענ? פאר איר.

אונ אָט באװײַזט זיכ איר ליכטיק פאָנעמ אינ דער ראמ פונעמ קישעפ־װאלד. צװײ גינגאָלדענע טורעמלעכ הײבנ זיכ איבער דער פראכט פונ אירע גרינע אױגנ. זי הײבט זיכ שטאָלצ איבערנ װאלד, אונ דער װאלד װערט איר ביז די קני. זי גײט איבער אימ מיט לײַכטע טריט. איר שטאלטנער קערפער איז קױמ צוגעדעקט מיט די לײַכטע צעבלימלטע קלײדער, אירע פיס זײַנענ װי שלאנקע זײַלנ, אונ די הענט, װאָס זי ציט צו אימ, זײַנענ פול מיט גענאָד. „טײַערע, טײַערע, איכ ליג בא דײַנע פיס, װי גליקלעכ בינ איכ, דערלױב מיר אופהײבנ אפ דיר די אױגנ — װי גליקלעכ, װי גליקלעכ בינ איכ."

„יאָ, יאָ, ענטפערט זי, איכ בינ אױכ זײער צופרידנ..."

„װי שײנ איז דײַנ אנטבלױזט לײַב, ליבע מײַנע..."

— יאַקאָוו סאַוויטש, — ענטפערט מורע, — וואָס איז מיט אײַכ? איר שלאָפט נאָכ אַלץ צי וואָס?..

און זי רויטלט זיכ און וואַרפט אַרופ אפנ סאַראַפאַנ די פּעלערינקע, וואָס זי האַלט אינ די הענט.

ער קומט צו זיכ און ווערט אויכ רויט. ער זאָגט צעמישט:

— געכאַפּט אַ דרעמל...

אינ אַ פערטל שעה אַרומ רייִדנ זיי שוינ איינפאַכ און פרײַנטלעכ, ווי שטענדיק.

— יאַקאָוו סאַוויטש, — זאָגט צוטרויִלעכ מורע, — איר דאַרפט מיר קומענ צו הילפ. ניט מיר אייגנטלעכ... נאָר אפ אײַכ איינעמ קאָנ איכ זיכ פאַרלאָזנ. צוליב דעמ בינ איכ געקומענ אינ אַזאַ היצ אַהער צו אײַכ אפ די גרובנס.

און זי דערציילט:

„מישע איז שוינ דעמאָביליזירט, ער איז דאָ, און מע האָט אימ שוינ אַפילע באַשטימט פאַרנ שעפ פונ דער אַרבעט אפ די אַרצ־גרובנס, נאָר ער צווייפלט נאָכ אַלץ, צי זאָל ער גיינ אַהער. אָבער זי, מורע, וויל, אַז ער זאָל זיכ אײַנאָרדענענ דאָ אפ די גרובנס, ווײַל שאַרפשטיינ איז איר אַ גוטער פרײַנט, וועט ער מאַכנ מישענ גרינגער דאָס לעבנ דאָ אינעמ נײַעמ קאַנט. און שאַרפשטיינענ וועט אויכ זײַנ בעסער, ווײַל מישע האָט זייער אַ גוטנ כאַראַקטער און וועט זײַנ אַ ווילער נאַטשאַלניק...”

יאַקאָוו טוט אַ ציטער און קוקט זיכ אַרײַנ אינ אירע אויגנ — וואָס איז דאָס — אומשולד, נאַיִווקײַט צי אַנ אויסגערעכנטער גאַנג? נאָר אינ אירע אויגנ זעט ער דעמ געוויינלעכנ — אָ, געוויינלעכנ! — אויסדרוק, די שפּיל פונ גרינע דורכזיכטיקע וואַסערנ, וואָס רינענ נאָר אינ איינ ריכטונג און קיינ אַנדער וועג ווייסנ זיי ניט, און ער זאָגט:

— איכ ווייס ניט, וואָס זאָל איכ אײַכ זאָגנ... אונדזער איצטיקנ שעפ קאָנט איר?

— דעמ טומלער?

— יאָ. ער האָט שטאַרק פאַרפּלאָנטערט די אַרבעט. אַצינד וועט זײַנ שווער אויסגלײַכנ די ליניע.

— יאָ, — זאָגט מורע, — דאָס האָט מענ מיר שוינ געזאָגט, נאָר איכ האָב דאָ אַזאַ איבערגעגעבענעמ פרײַנט, ווי איר, און איכ בינ

איבערצײַגט, אז איר וועט העלפֿן מישען. אײַער ארבעט איז אצינד די וויכטיקסטע... מיט אײַך וועט אים זײַן גוט...

„אזוי, אזוי, אזוי... איז ווילסטו, הייסט עס, טײַערע, איך זאָל אליין פֿארנייען מײַן צעריסן הארץ?..״

— נו, וואָס קאָן איך זאָגן? איך וועל פּרוּוון, אף קיין גרויסע דערפֿאָלגן ריכט איך זיך ניט.

## 9

דאָס ווײַטערדיקע איז געשען צי ניט געשען? אין די דאָזיקע צעגליטע פֿארפֿאַרעטע טעג, ווען די היץ פּאַשוּעט אין דרויסן, ווען די היץ שלאָגט פֿונעם פֿארהאָרעוועטן קערפּער, קאָן מען דען פּינקט־לעך אײַנשטעלן די וואָר?

שארפֿשטיין דערמאָנט זיך, ווי ער שטייט אין איינעם אן אָוונט אין דער „אלגאמבּרא״. אלץ איז ווי שטענדיק: אף א ברייטן קאַ־נאפּקעלע לעבּן די אָפּגעריבּענע שפּיגלען זיצן די פֿײַער־לעשערנס און הינטער זיי שטייען זייערע פֿארערעס — די שאַמאָטניקעס, צומייסטן ייִדישע באַכערים פֿון פּוילן, וואָס מע האָט טכילעס־בּויונג געשיקט זיי קיין ניזשני־טאגיל, זיי זאָלן זיך אויסלערנען די מעלאָכע — א מעטאלורגישער קאָמבּינאט דארף אליין מאכן פֿאר זיך שאַמאָט־ציגל אף אויסלייגן די דאָמנעס. די ציגל־ברענער שעמען פֿאר גוטע פֿאר־דינער און געטרײַע כאסאנים, דעריבּער זײַנען די פֿײַער־לעשערנס זייער גנעדיק צו זיי, האָגאם די באָכערים ריידן ביז איצט ארוים אָנשטאָט „זשעלעזני״ — „זאלעזשני״. אין פֿאָדער־צימער בּא דער טיר אין „אלגאמבּרא״ שטייט סאָלאָמאָן קאהאן מיט א קאָפּטע „הילצערנע״ כאווירים זײַנע און הערט ניט אוף זיך צו בייזערן: אים געפֿעלט ניט די פֿרײַנטשאפֿט צווישן די פּוילישע באָכערים און די אָזעסדיקע פֿײַער־לעשערנס. ער רעדט אין דער הייך און ספּעציעל אף ייִדיש, קעדיי די באָכערים זאָלן גוט פֿארשטיין אים:

— שנוויצן־פּרעסער, הולטײַעס! ווי לאַנג האָבּן זיי ניט גע־קאָנט עסן קיין כאזער! זיי פֿלעגן ארומטראָגן זיך מיטן פּאַיאָק און דאַקוטשען אלעמען: „וואָס טוט מען מיטן הײַטל? — איך קאָן ניט קוקן אף די האָר...״ און אצינד ווילן זיי, אז דער כאזער זאָל זיי רינען איבּער דער באָרד...

אפּאַנעם, אַז דאָס איז א מיִעסער רעמעז אַפ די באַציִונגען פונ די ציגל־ברענער צו די פייער־לעשערנס, ווייל באלד טרעט איינער פונ זיי ארוים, ציט הרייסט אַפ זיך ארום דעם בונטן וואָלענעם דזשעמפּער אונ טוט א כאָרכל מיט גאָלע „כאַפּנ" גלייך אינ טיר אריינ:

— מיכ־כ־כ לאכנ זיך אוים פונ אייך...

מיט איינ וואָרט, אַלץ איז דאָ ווי שטענדיק: איך זאָל זיצנ די טענצער בא די ווענט, אונ אינ דער מיט שפּאַצירנ ווי געוויינלעך צוויי מיידלעך, א פּאָר יונגלעך גייענ זיי נאָך פוס־טריט אונ כאָכמענען זיך ווי דער שטייגער איז:

— וועלכע פונ זיי געפעלט דיר בעסער?

— די, וואָס איז באַם עק.

לאָזנ אַדעראַבע די מיידלעך דרייענ זיך די קעפּ אונ טראַכטנ, וועלכע פונ זיי געפעלט בעסער.

אַלץ איז געווענ, דאַכט זיך, ווי געוויינלעך, נאָר פּלוצעם באַמערקט שאַרפשטיינ, אַז אַלע פּענעמער זייַנענ געווענדעט אינ איינ זייט, אַלע אויגנ קוקנ אינ איינ פונקט, אַלע בליקנ באָדנ זיך אינ איינ בליק, אינ א בליק פונ בלויע ווארעמע אויגנ מיט לאַנגע מיידלשע וויִעס. אַפ דער שוועל פונ דער „אַלגאַמבראַ" שטייט מישע גרינבערג, אינ אַלע זייַנע אָרדענס אונ מעדאַלנ, אונ אַלע ארום — די פייער־לעשערנס, די שאַמאָטניקעס, די האַלץ־ארבעטער נעמענ ניט אראָפּ פונ אים די אויגנ, שפּיגלענ זיך אינ אים אונ בענטשנ זיך אינ אים, אונ ער נעמט אויך ניט אראָפּ פונ זיי די אויגנ. ער שמוכט צו זיי מיט זייַנע רויטע יונגלשע ליפּנ, אונ מאָדנע מינים פעדעם וועבנ זיך צווישנ אים אונ זיי — פעדעם פונ גרויסער קרויווּעשאַפט, פונ עמעסער ליבע אונ געטרייַשאַפט, אונ וואָס קרעפטיקער סע ווערנ די דאָזיקע פעדעם, אַלץ שוואַכער, דאַכט זיך שאַרפשטיינען, ווערנ די פעדעם, וואָס פאַרבינדנ אים אַליינ מיט דער דאָזיקער געזעלשאַפט. אים איז אומדערטרעגלעך שווער, ער פילט זיך איינזאַם אונ פאַרשטויסנ, אונ אים דאַכט זיך, אַז פונקט אַזוי באַליידיקט אונ פאַרשטויסנ איז זייַנ טייַערער סטעפּ, וואָס „פרעמדע" הענט פאַרבויענ אים. א שוואַרצע כוואַליע פונ אייפערזוכט טוט אים א זעץ אינ קאָפּ אַרייַנ אונ אים דאַכט זיך, אַז ער שרייַט מיט א דונערדיקער שטימ:

— „וווּליקולירטע"! געקומענ אינ אונדזערע סטעפּעס! אינ אונדזער קאַנט! אונ פּילנ זיך מייַסע באַלעבאָס!

נאָר איבערערמעסנ שרײַבט ער ניט, — זײַנ מויל וועט אזא וואָרט קיינמאָל ניט ארויסברענגענ. ער ווערט נאָר מעסוקנ בלאָס אונ מוז זיכ אפ א מינוט צוזעצנ. צווישנ אוילעמ ווערט א באוועגונג. ער טוט א קלער: מע קער דאָרט אוואדע זיכ איבערײדנ:

— א פארנייט הארצ...

דעריבער הייבט ער זיכ אופ שטאָלצ אונ הויכ אינ זײַנ גאנצער וווקס אונ גייט שווײַגנדיק ארויס פונעמ קלוב.

אינ דער היימ זאָגט ער באלד:

— ליוושיצ!

— יאָ, ביטע...

ער וויל פרעגנ:

— גרינבערגנ האָט מענ שוינ באשטימט פאר א נאטשאלניק צו אונדז?

נאָר אנשטאָט דעמ פרעגט ער:

— ווי האלט דער זייגער?

אונ ליוושיצ ענטפערט:

— עלפ אזייגער.

אונ גיט באלד צו:

— אָנ צוויי מינוט.

---

אינ א כוידעש ארומ איז שארפשטיינ געשטאנענ אפ א פלאטשיק לײמיק בערגל אינמיטנ דעמ ברוינעמ אויסגעברענטנ סטעפ. לעבנ אימ האָבנ געארבעט די מויערער — זיי האָבנ פארענדיקט דעמ ברונעמ נומער 24, דעמ העכסטנ פונקט פונעמ וואסערלייטער. די טראנשייע האָט זיכ געצויגנ ווי א גלײַכע ליניע ביזנ האָריזאָנט. פונ אינווייניק האָט זיכ געהערט א קלאנג פונ קלאפנדיקע העמערלעכ: די ארבעטער האָבנ באהעפט די טרויבנ מיט צעמענט. שארפשטיינ האָט זיכ אראָפגעלאָזט אראָפ. אינעמ קלאנג האָט ער דערפילט, אז דער שלאָסער ארבעט ניט ווי מע באדארפ. ער האָט גענומענ בא אימ פונ די הענט דאָס העמערל אונ דאָס פרעג־אײַזנ אונ האָט אָנגעהויבנ פארקלאפנ דעמ צעמענט אינעמ פאז צווישנ צוויי טרויבנ. די האלבטרוקענע מאסע האָט זיכ ניט גרינג אונטערגעגעבנ, אונ ער האָט אָנגעהויבנ זוכנ אײַנײנעמ מיט די ארבעטער די סיבע דערפונ. פלו־

צעמ האָט ער דערהערט, ווי מע רופט אימ. דאָס איז געווענ ליוושיצ. ער האָט געזאָגט:

— גייט. ד ע ר  נ ײַ ע ר  ווארט אפ אײַכ! עפּעס א ראפּאָרט צי וואָס... ס'איז געקומענ א קוריער, נאָר איר זײַט ניט געווענ בייסנ אבערײַם...

שארפשטיינ האָט א קוק געטאָנ אפ אימ, גלײַכ ווי ער זאָל אימ זענ דאָס ערשטע מאָל, אונ האָט טרוקנ געזאָגט:

— א דאנק, איכ האָב שוינ צוגעשטעלט א ראפּאָרט. גיט איבער דעמ קוריער.

ווענ ליוושיצ איז אוועקגעגאנגענ, איז ער צוגעגאנגענ צו דער וואנט פונ דער טראנשייע אונ האָט אפ א מינוט אָנגעשפּארט אפ איר דעמ קאָפּ. ער איז געווענ גערעכט נאָר אפ א האלב. פרײַער מיט א פּאָר טעג האָט דער נײַער שעפ געשיקט אימ רופנ אפ צו באקענענ זיכ. דער פּערסאָנאל אפ דער בויונג פונ די גרובנס איז געווענ ניט גרויס, אונ דער פּראָראב פונ די וואסערלייטונג־ארבעטנ איז אצינד געווענ דאָ די אָנגעזעענסטע פיגור. שארפשטיינ האָט פארשטאנענ, אז באלד וועט ער זיכ דארפנ באגעגענענ מיט גרינבערגנ. ער האָט אפ א מינוט ווי פארלאָרנ דעמ מוט. ס'האָט זיכ אימ פארגלוסט אויס־שרײַענ: „סאווע, סאווע, העלפ מיר!'' נאָר ער וואָלט אפילע פאר א לעבעדיקנ טאטנ זיכ געשעמט אצינד עפענענ זײַנ הארצ. ער האָט זיכ גענומענ אינ די הענט, א רייניק געטאָנ די קליידער, איבערגע־טאָנ דעמ קראגנ אונ איז אוועק אינ קאָנטאָר.

זיי האָבנ באלד דערקענט איינער דעמ צווייטנ. אינ מישעס בלויע אויגנ האָט זיכ באוויזנ אנ אָנהייב פונ א שמייכל, נאָר שארפ־שטיינ האָט זיכ געהאלטנ, ווי שטענדיק, העפלעכ־קיל, אונ דער שמועס האָט זיכ באקומענ א קורצער — א קליינער ראפּאָרט וועגנ דער אלגעמיינער לאגע מיט דער וואסערלייטונג, א פּאָר קורצע אינ־סטרוקציעס פונעמ שעפ אונ אנ אָפיציעלער „פּאָקא''. אצינד האָט גרינבערג געוואָלט וויסנ אלצ גענויער.

די ארבעט אינ טראנשייע איז אלצ געגאנגענ ניט קעשורע. עפּעס איז געשענ מיטנ צעמענט. שארפשטיינ איז אָפּגעגאנגענ פונ דער וואנט, ווידער גענומענ באמ ארבעטער די אינסטרומענטנ אונ זיכ אָנגעבויגנ איבערנ פאז. פּלוצעמ האָט ער דערפילט, ווי עמעצנס הענט נעמענ אימ פאר די עלנבויגנס. ער האָט זיכ מיטאמאָל אופגע־

הויבנ אינ זײַנ גאנצער הייכ — ער האָט פײַנט געהאַט פאַמיליאַריש-קײַט. א פּאָר בלויע, ווי מיידלשע, אויגנ האָבנ אימ גלײַכ א קוק געטאָנ אינ די אויגנ ארײַנ, גרינבערגס רויטע ליפּנ האָבנ געשמוכט:

— אז איר ווילט ניט גיינ צו מיר, בינ איכ געקומענ צו אײַכ. ווײַזט מיר אײַער ארבעט.

שארפשטיינ האָט אָנגענומענ זײַנ געווײנלעכע העפלעכע פּאָזע אונ האָט אָנגעהויבנ אימ באווײַזנ די איינצלהייטנ פונ דער ארבעט מיטנ טאָנ פונ א גיד, וואָס פירט ארומ איבער א מוזיי. מישע האָט געהערט זייער ערנסט, נאָר אז זיי זײַנענ אָפּגעגאנגענ אפ א שטיקל מעהאַלעכ פונ די ארבעטער, איז ער א ביסל בלייכ געוואָרנ אונ האָט זיכ פּלוצעמ אָנגעכאַפּט אינ שארפשטיינס האנט.

— אנטשולדיקט, — האָט ער געזאָגט, ווערנדיק נאָכ בלייכער.— איכ האָב ניט געדאַרפט הײַנט בעריענ זיכ אונ קריכנ אינ טראַנשייע. ערשט ניט לאנג האָט זיכ פארהיילט בא מיר א גרויסע וואונד אפ דער פוס. יאָ, יאָ, — האָט ער געענטפערט אפ שארפשטיינס א שטומער פראגע, — ק יי נ ע ר האָט ניט געוווּסט דערפונ... נאָר מע האָט מיר געהייסנ רוענ נאָכ א וואָכנ-צוויי. איכ האָב זיכ אפּאָגעמ עפּעס קאַליע געמאַכט...

ער איז געשטאנענ א בלייכער מיט בלויע לײַדנדיקע אויגנ אונ לאנגע וויִעס. ער איז געווענ ענלעכ אפ א מיידל, ער איז מיט עפּעס געווענ ענלעכ אויכ אפנ ווילנ ליוושיצנ, נאָר מער פאַר אלצ איז ער געווענ ענלעכ אפ דעמ, וואָס ער איז געווענ — אפ א פארווונדעטנ יונגנ שלאַכטמאַנ. ער איז געשטאנענ אנגעשפּארט אָנ דער ליימע-נער וואַנט, אונ א גרויסע היצ האָט זיכ געהויבנ ארומ אימ—פונעמ הייסנ טאָג — אונ אינ אימ — פונ דער אופגערודערטער וואונד אפ זײַנ לײַב.

בײַמ שארפשטיינ האָט אינ א האַלבער שאָ ארומ ארײַנגעטראָגנ מישענ אינ נאָוואָקאָמענסקער שפּיטאָל, האָט זיכ אימ געגלוסט אליינ אימ אויסטאָנ אונ אײַנדעקנ מיטנ לײַלעכ. ער האָט זיכ געפילט שולדיק: ווענ ער זאָל געווענ צו דער צײַט קומענ אינ קאָנטאָר ארײַנ, וואָלט מישע אימ ניט געקומענ זוכנ אינ טראַנשייע.

דעמ קראַנקנס גימנאַסטיאָרקע איז געלעגנ אפ א בענקל. פונ דער בוזעמ-קעשענע איז ארויסגעפאַלנ א פּאָטאָ-קאַרטל. אפנ קאַרטל זײַ-נענ פאָרגעשטעלט געווענ מאָדנע מינימ אָנגעפּעלצטע מענטשנ. זיי

זײַנען געשטאַנען אױף ליזשעס אין אַ האַלבּ־קרײַז, און בײַ זײערע פֿיס זײַנען געלעגן פֿעלן און פֿוטערס פֿון געשאָסענע חיות. שאַרפֿשטײן האָט אױפֿגעהױבן דאָס קאַרטל און האָט עס דערלאַנגט מישען.

אַצינד האָט ער געדאַרפֿט אַװעקגײן, נאָר ס'האָט אים געהאַלטן די ליבע פֿון אַן אַרמײער, װאָס ברענגט אַ קאַװער אין שפּיטאָל. עפּעס האָט זיך אים געגלוסט צום געזעגענען זאָגן מישען אַזױנס, אַז אַלע זײַנע געפֿילן זאָלן זיך אױסגיסן אין די װערטער, נאָר דאָס איז ניט געװען אין זײַן כאַראַקטער. ער האָט אַ קוק געטאָן אױפֿן בלײכן פּנים מיט די פֿאַרביסענע ליפּן און צאַרטער װי שטענדיק געזאָגט:

— פּאָקאַ!

10

אָנהײב יול האָט מען פֿאַרענדיקט די װאַסערלײטונג־נעץ. מישע איז דאָס ערשטע מאָל אַרױסגעפֿאָרן נאָך דער קרענק און איז געקומען אין שאַכטע אַ קוק טאָן, װי סע גײט די אַרבעט.

אין דרױסן איז געשטאַנען װאָראָנאָװ.

— מיר טרעטן שױן צו צום אױספּרוּװן די נעץ, — האָט ער פֿרײלעך געמאָלדן אױף דעם שטומען פֿראַגע.

מישע איז אַרײַנגעגאַנגען אין שאַכטע. װאָראָנאָװ האָט אים געהאָלפֿן. אינטוויטניק איז געװען ליכטיקער, װי שטענדיק. דאָ זײַנען שױן דרײַ מעסלעס געװען שאַרפֿשטײנס מיט עטלעכע אַרבעטער פֿון דער בריגאַדע. ס'האָט זיך געװאָרפֿן אין די אױגן דער קאָנטראַסט: נײַע פֿריש־לאַקירטע אױסגעפּוצטע מאַשינעס — פּאָמפּעס און מאָטאָרן — און פֿאַרמאַטערטע, מיט לײם אױסגעשמירטע מענטשן. שאַרפֿשטײן איז געװען נאַס און באַװאַקסן. אױפֿן שטערן האָט בײַ אים געבלױט אַ בײַל.

מע האָט אױסגעפּרוּװט די טרױבן־נעץ. מע האָט אַלעמאָל אָפּגעטײלט אַ באַזונדערן טײל אירן, געראַמעטיש אים געשלאָסן אין געפּאָמפּעט אין אים װאַסער אונטער אַ הױכן דרוק. פּלוצעם האָט געפּלאַצט אַ טרױב. מע האָט די טרױב אָפּגעבן פֿאַרביטן. ס'האָט געפּלאַצט אַ צװײטע. מ'האָט זי אױך באַלד פֿאַרביטן. אַצינד האָט מען געקאָנט לאָזן װאַסער אין דער טרױבן־נעץ.

מישע איז שױן דאָ ניט געװען. אײנינעם מיט װאָראָנאָװן איז ער

געזעסן אין טורעם און האָט געוואַרט, ס'זאָל אָנקומען דאָס וואַסער. נאָר דער רעזיקער באַק איז דערווײַל געווען לײדיק. אין שאַכטע האָט שאַרפשטיין געלאָזן דעם מאָטאָר. ס'האָט זיך דערהערט דאָס באַקאַנטע גלײַכמעסיקע געברויש, נאָר אומזיסט האָבן אַלע געקוקט אַפן מאַנאָמעטער — ער האָט דערווײַל גאָרנישט ניט געוויזן. שאַרפּ־שטיין איז געווען רויק, ער האָט געוווּסט: דאָרט אין דער טיף פון דער ערד לויפט דאָס וואַסער איבער די דיקע טשוהונענע טרויבן. אַצינד לויפט עס איבערן פלייץ און באַגעגנט ניט קיין שום ווידער־שטאַנד — דערפאַר ווײַזט ניט גאָרניט דער מאַנאָמעטער, און ווײַ־טער... ווער ווייסט — עפשער נעמט ניט די פּאָמפּע? פּלוצעם אַ קלונג פונעם טעלעפאָן: דאָס רעדט מישע פונעם טורעם:

— יאַקאָוו, נו וואָס? האָסט געלאָזט?

— געלאָזט, — ענטפערט שאַרפשטיין.

— מע זעט ניט קיין וואַסער...

און מיטאַמאָל וואָראָנאָוו קאָל:

— הוראַ! סע גייט וואַסער... סע גייט... סע גייט...

דער מאַנאָמעטער האָט געוויזן 4 אַטמאָספערן, 5, 6.

ס'איז געווען זעקס אַזייגער אינדערפרי. אַ האַלב־דולער, אַ פאַר־שיקערטער איז געגאַנגען שאַרפשטיין איבערן סטעפּ. אַט איז דער ברונעם נומ. 24. פונעם בערגל זעט מען דעם גאַנצן סטעפּ אַרום, אַ ראָזשוון אין די שטראַלן פון דער זון. וואָס האָט זיך געענדערט דאָ? ווי פריִער שטעקן פון דער ערד די טרוקענע ברוינע קוסטיקלעך פּאָלין. אַ לאַרך פלאַטערט אין גרין־ראָזלעכן קאַלטן הימל — אַ צו־פעליק פאַרשפּעטיקט פייגעלע. אַלץ איז, דאַכט זיך, ווי פריִער, נאָר ניין! אין דער טרוקענער צעפלאַצטער ערד ליגט אַ וואַסערלייטער — דיקע טשוהונענע טרויבן ציטערן אין דער ערד פון שפּאַנונג — קאַלט קרישטאָלן וואַסער קאָכט און שטורעמט אינווייניק. פון אויבן זעט מען נאָר, ווי אַ נאָט, אַ וואָל ווײַסן זאַמד איבער דער פאַרשאָ־טענער טראַנשייע. אַ גלײַכער, אַ גלײַכער לויפט ער צום האָריזאָנט, און דאָרט שטייט די שאַכטע, וואָס זעט אויס פונדאַנען ווי אַ קליין קנײַלעכדיק שטיבעלע. שאַרפשטיינען דאַכט זיך, אַז פונדאַנען הערט ער, ווי אין דער טיף לויפן און דרייען זיך, ווי דולע, די פּאָמפּעס, און סע רוישן גלײַכמעסיק די מאָטאָרן. דאָס וואַסער לויפט צום טורעם און הייבט זיך אַלץ העכער אינעם גרויסן קנײַלעכדיקן באַק.

אַט איז ער, דער טורעמ — דאָרט אַפּ מײַדעוו. ער זעט איצט אויס ניט בלוי אונ ניט געל — ער איז איצט ראָז, ווי לעבעדיק לײַב. א לאָקאָמאָטיוו שטייט באַמ טורעמ אונ נעמט אָנ וואַסער.

„דאָס האָבנ מיר געגעבנ וואַסער", — טראַכט שאַרפּשטיינ, אונ ער דערמאָנט זיכ אינ אַלע זײַנע כאַווײַרימ באַ דער אַרבעט אונ פריִער פאַר אַלצ — אינ מישענ. אַנ עקסקאַוואַטאָר פײַפט, א ראָזעווער דאַמפּ שלאָגט איבער אימ. „דאָס האָבנ מיר געגעבנ וואַסער" — טראַכט שאַרפּשטיינ אונ גייט מיט פאַרמאַכטע אויגנ. דאָס גראָז שמעקט מיט היימ, אונ יעדער היימ שמעקט מיט גליקלעכער קינדהייט, מיט פאַרגאַנגענער יוגנט. אַלצ, וואָס דערמאָנט דײַנ פאַרגאַנגענהייט, איז גוט, ווײַל דער מענטש איז אויסגעשטאַנענ אַלע פּרוווּנ אונ זעט — ער איז געזונט אונ איז מונטער — ער האָט געזיגט. ער גייט ווי אינ כאָלעמ... ס'הערט זיכ אימ א קלונג פונ גלעקעלעכ. דאָס זײַנענ די קעמלענ פונ דזשאַנגילדינס קאַראַוואַנ. „סאַווע, סאַווע, מײַנע כאַווײַרימ האָבנ ניט פאַרשעמט דײַנע כאַווײַרימ, אונ איכ בינ דײַנ זונ!".

אַפּ מאָרגנ האָט מישע געזאָגט:

— וואָס וואָלט געווענ מיט דער גאַנצער אַרבעט, ווענ ניט דו. אונ כוצ אַלעמענ האָסטו דאָכ געאַרבעט באַ מיר אויכ. דו האָסט געאַרבעט אַזוי, ווי ס'קאָנ אַרבעטנ נאָר אונדזערער א ברודער — א פראָנטאָוויק.

— מיט א פאַרנייט האַרצ? — האָט א שמייכל געטאָנ שאַרפּשטיינ.

— מיטנ גאַנצנ האַרצנ, מיט לײַב-אונ-לעבנ, — האָט ערנסט א זאָג געטאָנ מישע אונ באַלד צוגעגעבנ, — דאָס בעסטע אינ דער וועלט וואָלט איכ אַוועקגעגעבנ...

ער האָט זיכ באַגעגנט מיט יאַקאָווס בליק. צוויי טונקעלע נאָענט־שטייענדיקע אויגנ האָבנ געקוקט אַפּ מישענ מיט שטאָלצ אונ קוימ באַמערקבאַרער פאַרביטערטקייט:

— שענק מיר דאָס בילד פונ די קאַמטשאַטקער יעגער, דאַכט זיכ, אַז דו האָסט עס באַקומענ אינעמ פופציקסטנ בריוו.

מישע האָט עפּעס געוואָלט ענטפערנ אונ האָט זיכ פאַרכאַפּט:

— יאָ, יאָ, אינעמ פופציקסטנ בריוו...

דאָס בילד פונ די קאַמטשאַטקער יעגער געפינט זיכ איצט באַ

שארפשטיינענ. פונוואנענ ווייסנ מיר עס? פונ ליוושיצנ. וואס האט אונדז ביכלאל דערציילט די דאזיקע גאנצע געשיכטע. אונ פונוואנענ ווייסט ער? — טאקע פונ שארפשטיינענ, וועלכער האלט אים שוינ מער ניט פאר קיינ „וווליקולירטנ" אונ פארטרויט אים אלצ, ווי אלע ארומיקע.

אונ מורע? — מורע האט כאסענע געהאט מיט מישענ.

# דער באשטעלער פון אשטשע־בולאק

איך בין אַלט צוואַנציק יאָר און האָב ליב ליאָניע זילבערמאַן. איך האָב אים ליב! אף דער גאַנצער וועלט בין איך גרייט אויסשרײַען, ווי שטאַרק איך האָב אים ליב, נאָר די וועלט נייטיקט זיך ניט אין מײַנע אינפאָרמאַציעס. נאָוואָקאַמענסק — עפשער יאָ, נאָר אין נאָוואָקאַמענסק האָט מען פון לאַנג שוין אַלץ פאַרשטאַנען. אָט ער, ליאָניע, צי פאַרשטייט ער? — אָט דאָס איז מיר וויכטיק.

איך שטיי אין ווינקל פון צעך באַם אַפּאַראַט און פּרוּוו אויס דעם אייל פאַרן אָפּגערעמאָנטירטן טראַנספאָרמאַטאָר. פון צײַט צו צײַט שליס איך אַרײַן דעם שטראָם און הייב אָן העכערן זײַן שפּאַנונג. 20.000 וואָלט... 30.000 וואָלט... 39.000 וואָלט...א פונק פליט דורך אין אייל־געפעס, די לעמפּעלעך גיבן א קאָלירטן סיגנאַל — דער אייל האַלט מער ניט אויס די שפּאַנונג...

קיינער איז ניטאָ אין צעך — אַלע זײַנען אוועק עסן וואַרמעס, נאָר באַם אַרײַנגאַנג זיצט דער וועכטער און דרייט א גראָבן פּאַפּיראָס. איך וואַרט, אַז זילבערמאַן זאָל קומען. מיר האָבן זיך צונויפגערעדט הײַנט גיין עסן וואַרמעס צוזאַמען. גיין ניט אין גאָרקיך — אהין איז אומעגלעך זיך דערלאַנגען, אַזוי האָבן אונדז פאַרטרונקען די פרילינג־וואַסערן — נאָר גיין עסן וואַרמעס צו מיר. איך האָב נאָך נעכטן אַלץ פאַרגרייט.

מיר וווינען אין איין הויז. ער איז מײַן שעף — דער אָנפירער פונעם עלעקטראָ־צעך, איך — זײַן טעכניק און פאַקטיש אויך זײַן סעקרעטאַרן. דאַכט זיך, אַלץ קעשורע, און דאָך איז עפּעס ניט רוּיק אפן האַרצן. עפשער איז דאָס פונעם וועטער? אַזעלכע וועטערן מאַכן זיך איין מאָל אין יאָר אפילע בא אונדז אף דאָרעם־אוראַל. דאָס געוויסער איז נאָך ניט אַרײַן אין די ברעגן, די גרונטאָווע וואַסערן בלאָזן אוף דעם באָדן און פאַרגיסן אים מיט בלאָטע, די וועגן זײַנען

ענלעך אף טײַכן, פון אויבן שיט א געמיש פון שניי און רעגן — מיט איין וואָרט — „בישקונאק"! פינף טעג דורכאנאנד פאסטן היגע באשקירן, מערקן אָפּ דעם אומקום פון פינף באוויירים, וואס זײַנען ארויסגעגאנגען אינמיטן אפרעל אפן סטעפּ, און א בוראַן האָט גע־מאכט א סאָף צו זייער לעבן. און טאקע שרעקלעך זײַנען די דאָזיקע טעג, ווען דער ווינטער ווילדעוועט דאס לעצטע מאָל, שיידנדיק זיך מיטן יאָר — און ווי גוט איז אין אזא טאָג האָבן אלע ליבע לעבן זיך...

— מײַנע!

איך קוק זיך אום. ס'איז זילבערמאן. ער איז ארײַן דורך א זײַ־טיק טירל — בא דער פאָדער־טיר שטייט אן אָזערע. ער שרײַט פארדומפּן:

— נו, וואס טוט זיך דאָ בא אײַך?

ער שטייט שטארק ארויפגעלאָזט דעם קאָפּ. פון זײַן קאָפּ, פון זײַן האלדז, פון די אקסל רינט וואסער.

— א האנטעך! — שרײַט ער באפעלעריש און שלעפּט א שמאַ־טע פון א ווערקשטעל.

איך לויף אין קאבינעט און ברענג א האנטעך. דער האנטעך ווערט באלד פול מיט וואסער און מיט שמיר־אייל. זילבערמאנס הויזן זײַנען נאס, דאס וואטאָווע לײַבל גלאנצט. דאס זאמשענע אינזשעניערישע יאקל שטעקט זיך ארויס און קאפּעט וואסער אפן דיל.

— נו, גיכער! וואס הערט זיך עפּעס?

ער איז ווי שטענדיק מיד, אָנגעדרודלט און אופגעצאמט העפּ־לעך — א סימען, אז ער איז שטארק בייז. ניין, ער האָט מיך נים ליב!

איך זאָג:

— די אייל איז גוט — 39.000 וואָלט.

— נו, און געקלונגען האָט עמעצער?

— יאָ. ס'האָט געקלונגען א מענטש פון אשטשע־בולאק — פונעם ראטווירט. ער זאָגט, אז ער האָט זיך צונויפגערעדט מיט אײַך וועגן געבן ענערגיע זיי אף באגיסן זומער זייערע גערטנער. זיי ווילן, אז מיר זאָלן זיי העלפן אויך מאכן די ליניע. א מאָטאָר און א פּאָמפּע האָבן זיי, און סטויפּעס וועלן זיי אויך שטעלן, נאָר קיין דראָט האָבן זיי נים.

— אשטשע־בולאק, אשטשע־בולאק... — בורטשעט זילבער־מאנ. — א, יאָ... איכ געדענק שוינ. זײַנ פראגע איז געלייזט פּאָזי־טיוו. בא מיר אפנ טיש ליגט זײַנ פּאפּיר מיט א רעזאָליוציע פונעמ הויפּט־אינזשעניער. איכ וועל אײַכ באלד דערקלערנ.

ער גלײַכט זיכ אויס, צעשפּיליעט דעמ קאָלנער אונ פּארטראכט זיכ. פּלוצעמ לאָזט ער ארויס אַ טיפנ זיפּצ. וואָס זאָל עס באטײַטנ? אפּאָנעמ, אז א העקעלע האָט אימ אָנגעקוועטשט אונ ער האָט עס צעלאָזט.

— נו, פּאָשלי, — זאָגט ער.

— וויאזוי וועלנ מיר גיינ?

דאָס איז א וויכטיקע פראגע. אינ אָט די טעג טאָר מענ ניט ארויסגיינ אָנ א פּארטיקנ פּלאנ, באזונדערס אצינד, אז מיר האָבנ שוינ פארלאָרנ עטלעכע מינוט פונעמ ווארמעס־איבערײַס.

ער זאָגט:

— איכ האָב אויסגעקוקט א וועג.

— לעבנ דער דירעקציע?

— יאָ, לעבנ דער דירעקציע, דערנאָכ לעבנ דעמ באנק — דאָרט איז גוט אויסגעברוקירט, דערנאָכ — הינטערנ אפּטייק...

— ניינ, הינטערנ אפּטייק איז דאָ א טראנשייע.

— קיינ שומ טראנשייע. מ׳האָט הײַנט געלייגט דאָרט א בריקל מיט א פּארענטשע.

— נו, אונ נאָכנ בריקל?

— נאָכנ בריקל דארפ מענ איבערשפּרינגענ די שמאָלע גרוב. דערפאר איז דערנאָכ דער וועג אומעטומ פרײַ.

מיר נעמענ זיכ פאר די הענט, אונ מיר גייענ צו צו דער טיר. מיר עפענענ זי אונ בלײַבנ אפּ א מינוט שטיינ. מיר האָבנ ניט קיינ מוט מיטאמאָל ארײַנווארפנ זיכ אינ די ווילדע כוואליעס פונעמ „בישקונאק״־וועטער — כוואליעס ווינט, כוואליעס וואסער, כוואליעס בלאָטע — אלצ הוילט, ווילדעוועט, רײַסט זיכ ארומ אונדז, נאָר מיר האָבנ ניט קיינ צײַט צו ווארטנ — מיר פארנורענ די העלדזער אינ די קעלנער, אונ מיר לאָזנ זיכ גיינ.

מיר גייענ, אונ איכ נעמ ניט אראָפּ די אויגנ פונ ליאָניען. ליבער ליאָניע! ער האָט א מאָדנע מינ פּאָנעמ. אפּ אזעלכע פלעגט מײַנ באָבע זאָגנ: „א גרינעט״.

— איר ווילט זאָגן: „א ברונעט", באַבינקע?

— ניין, א גרינעט, ווײַל ער איז שטענדיק גרין אפן פּאָנעם.

ליאָניע איז אויך א „גרינעט". ס'זײַנען דאָ אזעלכע מענער. זיי זײַנען גרין ניט פון א קראנקײַט, ניט פון אָפּגעשוואכטקײַט, ניט כאָלילע פון עפּעס א ווייטעק — ס'איז בא זיי פּאָשעט אזא פּיגמענט אין דער הויט. זומער־צײַט ווערן זיי אָפּט פארברוינט און שווארצ־ביינעוודיק, נאָר ענדיקט זיך דער זומער, ווערן זיי צוריק גרין ווי גראָז — אָט אזא איז ליאָניע.

איך לײַד, קוקנדיק אפ די שטראָמענ וואסער, וואָס רינען ווידער פון זײַן פּאָנעם. ער קערעוועט אָפּ דאָס פּאָנעם און בייזערט זיך.

— אשטשע־בולאק, אשטשע־בולאק, — בורטשעט ער, — מײַנע, וווּהין קריכט איר ווײַטער?

וויפל איך לעב, האָב איך פון אים נאָך קיין גוט וואָרט ניט געהערט. איך כאַפּ זיך אָן פאר אים און קלעטער ווידער ארופ אפן וועג — כ'האָב מיך נאָרוואָס אראָפּגעגליטשט.

אצינד ליגט פאר אונדז א פאס סאָלאָנטשאַק. אָט דאָ וועלן מיר באלד, דאכט זיך, אומקומען. ער איז טרוקן, אָבער פארדעכטיק־גלאט און אופגעבלאָזן.

— קומט בעסער אהער.

מיר גייען מיט א פאס שווארצערד, נאָר באלד האָבן מיר כאַראַטע: אפ די שטיוול קלעפּן זיך אונדז אָן פליאכעס בלאָטע. זיי וועגן איצט צו עטלעכע קילאָגראַמ יעדערער. אומעגלעך גיין — מיר בלײַבן שטיין פארשוויצטע, און ארום אונדז, אנטקעגן אונדז, נאָך אונדז שטייען פונקט אזעלכע פארשוויצטע און פארטראכטע מענטשן. זיי קלערן אלע, זיי באטראכטן „א פּלאן", ווי גרינגער טרעפן אהיים ווארמעס־צײַט.

— דאָס זעקסטע יאָר, — בורטשעט זילבערמאן,—דאָס זעקסטע יאָר וווינען מיר דאָ, און אז סע קומט צום „בישקונאק", קאָן איך עס ניט איבערטראָגן.

סאָפּקאָלסאָפּ זײַנען מיר אין מײַן צימער.

זילבערמאן וויל זיך גלײַך א וואַרפ טאָן אפ א בענקל, נאָר איך לאָז אים ניט.

— אנטשולדיקט, — זאָג איך האלב אפ קאטאָוועס, האלב אפ אן עמעס, — מע דארף זיך איבערטאָן.

— מאיא גריגאָריעוונא... — זאָגט ער פּלוצעם בייז און וויל זיך אַרויסרייסן פון מײַנע הענט.

נאָר איך קאָן שוין מיך מער ניט באַהערשן. אַך! פאַרשטיי, פאַרשטיי, סאָפּקאָלסאָף, וויפל געזונט דו נעמסט בא מיר צו מיט דײַן גרינעם פּאָנעם, מיט דײַנע נאַסע קליידער, מיט דײַן אַרומשיפן זיך אין די פאַרטרונקענע ראַיאָנען, מיט דײַנע אַרבעטן אונטער הויכער שפּאַנונג — וויפל, וויפל איז דער שיר... און די שטיוול, וואָס דו לאָזט זיי ניט אָפּגעבן פאַריכטן, ווײַל דו ביסט שטענדיק פאַרטראָגן, און זיי רינען דאָך, איך ווייס דאָך, איך ווייס דאָך...

— איך ווייס דאָך, אַז זיי רינען, — זאָג איך פאַרקריצנדיק די ציין פאַר פאַרדראָס, — איך ווייס דאָך, איך ווייס דאָך...

אָפּאָנעם, אַז איך בין שטאַרק בייז און צעטראָגן, ווײַל ער ווערט באַלד ווייך און פרוּווט מאַכן אַ שפּאַס:

— סלושאיוס, כאַוועך קאָמאַנדיר!..

און ער גייט זיך איבערטאָן.

אין עטלעכע מינוט אַרום זיצט ער שוין אַן אײַנגעוואַשענער, אַ פאַרקעמטער, אין טרוקענע קליידער, און און אַלטע, נאָר טרוקענע פּוּפּײַקע וואַרט אָפּן בענקל. דער זופּ איז הייס, די טיי וואַרעמט זיך. זילבערמאַן פאַרזוכט אַ פּאָר לעפל געקעכטס און קומט אין אַ זעלטענער שטימונג.

— אשטשע־בולאַק, אשטשע־בולאַק, — זאָגט ער, — ניין! מיר זײַנען דאָך מער געווווינט צו אוקראַינע. הערט, איך האָב אַמאָל געקענט אַ מענטשן מיטן נאָמען לעוואָדער — איסאַק איליטש לעוואָדער, אַ גאַנץ געוויינלעכער מענטש, אַ פּלאַנאָוויק. נאָר אַז מע פלעגט אַרויסריידן זײַן נאָמען, פלעגט ווערן אַרום גרין און פריש און יאָמטעוודיק...

— ווײַל זײַן נאָמען נעמט זיך פון „לעוואַדע״.

— יאָ, יאָ, „לעוואַדע״ — אַ גרינע וועלדל אין אַ דאָרף באַם טײַך...

— יאָ, יאָ, גרינע ווערבעס, און דאָס וואַסער פאַרצווײַגן מיט אַ שלאַל גרינע קליינע בלעטעלעך און ליליעס...

— און צעגליטע בלויע שמעטערלעך און הייסע פלעקן אויף די קאָרעס...

— און אַ שיפל, וואָס שמעקט מיט שוואָמען און פוילן האָלץ.

— און אשטשע־בולאק? — ווי׳אזוי דארף אויסזען א מענטש, וואס זיין נאמען איז „אשטשעבולאקער" — איר שטעלט זיך עס פאר?

מיר קוקן איינס אפ דאס אנדערע, און פלוצעם דערזע איך פאר זיך, ווי א לעבעדיקן, דעם מענטשן מיט דער פאמיליע „אשטשעבו־לאקער". איך זע אים, איך זע אים.

— איר ווילט וויסן, ווי׳אזוי ער זעט אויס? ער איז א הויכער און א ברייטפלייציקער...

— יא, יא, אין וואטאווע הויזן און א וואטאווער ספעצאווקע... פון א יאר פינף און דרייסיק.

— יא, יא, מיט ווייסע שיינענדיקע ציין...

— און מיט א הויכן שטערן, וויל די האר זיינען בא אים פון פארנט א ביסל אויסגעפאלן...

— ער טראגט ארום אין די הענט א מיליטערישן פעלד־טאש, וואס ער האלט אין אים די פאפירן...

— ער האט צוויי בענדלעך פון פארוואנדרונגען — א גאלדנס און א רויטס...

— ער איז א מעכאניקער אין א ראטווירט...

— אדער א טעכניקער, א בויער...

מיר קוקן איינס אפן צווייטן מיט גלאנצנדיקע אויגן. מיר זעען, מיר זעען פאר זיך דעם נייעם באקאנטן, דעם מענטשן מיט דער פאמיליע „אשטשעבולאקער", וואס מיר קלייבן זיך טאן אים א טויווע.

נאר ליאניע זיצט און דרעמלט קימאט. ער קאן ניט בייקומען אין זיך די מידקייט. די ליפן ווערן אנגעדראלן און קינדערש ליב, א ווייך שפינוועבס פארוועבט זיין פאנעם, א האנט קריכט אראפ פון טיש... ליבער ליאניע, ליבער ליאניע, מיר האבן נאך פינף מינוט בוצן וועג.

וואס וויל איך, וואס וויל איך אין מיין לעבן? איך וויל שפאצירן אין א זומער־אוונט באם ברעג טייך, אין א גרינער לעוואדע, און א ליבער פארשויג, א בייזער „גרינעט" זאל מיר נאכגיין העפלעך, א פאר טריט הינטער מיר, ניט אנדערש — העפלעך און א פאר טריט הינטער מיר... און פלוצעם זאל ער א טיפן זיפץ טאן, און איך זאל מיך אפשטעלן און פרעגן: „וואס זיפצט איר?" און ער זאל ענטפערן: „גארניט, גארניט!" — „ניין, ניין — וואס" — זאל

איכ פֿאַדערנ, אונ ער זאָל זאָגנ: „איר וועט בערויגעז זײַנ...‟ „זאָגט די מינוט‟ — זאָל איכ הייסנ באַפּוילעריש — „איכ וועל ניט בערויגעז זײַנ...‟ אונ דעמלט זאָל ער זאָגנ: „איכ בינ אינ אײַער רעשוס. וואָס איר ווילט, טוט מיט מיר, נאָר דערלויבט מיר זאָגנ אײַכ פֿיר ווערטער.‟ „וועלכע?‟ — „איכ האָב אײַכ ליב‟. אונ ער זאָל זיכ שטעלנ אַפֿ די קני אונ זאָל מיר קושנ די האַנט...

אוי, גוואַלד, שוינ אַדורכ די פֿינפֿ מינוט. מע דאַרפֿ אימ וועקנ. אונ ער שלאָפֿט געשמאַק אונ א נאַס טראָפּנדל שטייט בא אימ אינ ווינקל פֿונעם קינדערשנ מויל... וויאַזוי וועקט מענ אימ?..

אונ פּלוצעמ שטייט ער אַפֿ די פֿיס. אזא טעווע האָט ער — ערשט געשלאָפֿנ — אונ שוינ שטייט ער.

— מײַנע, מײַנע, איר האָט מיכ ניט אופֿגעוועקט! אַפֿ וואָס טויגט איר?..

אַט האָסטו דיר א „לעוואַדע‟... „פֿיר ווערטער‟...

אונ מיר גייענ צוריק אינ צעכ.

ער זעצט זיכ אינ קאַבינעט, אונ איכ נעמ מיכ ווידער צומ טראַנספֿאָרמאַטאָר. איכ פֿריי מיכ, וואָס ער וועט א שטיק טאָג זיצנ אינ דער טרוקנ.

מיר פֿאַרזיצנ זיכ ביז האַלב נײַנ. איכ העלפֿ אימ.

ער צייכנט אונ שרײַבט.

— לעוואַדע, לעוואַדע, — בורקעט ער לויט זײַנ שטייגער צעשטרייט, — לעוואַדע, לעוואַדע...

דערנאָכ גייענ מיר צוריק. קיינ שניי גייט שוינ ניט. דער הימל איז אויסגעקלאָרט, נאָר פֿינצטער, אונ אומעטומ אַפֿ די וואַסערנ אינ בלאָטעס שײַנענ לאַמטערנס, אונ דאָס איז דאָס ערגסטע. די פֿײַערנ שפּיגלענ זיכ אָפּ אינ די גלענצנדיקע שטראָמענ אונ מאַכנ אונדז בלינד. איכ גליטש מיכ קעסיידער. די גומענע שטיוול זײַנענ מיר גרויס — דערפֿונ גליטש איכ מיכ נאָכ אָפֿטער. זילבערמאַנ איז בייז אונ זאָגט יעדעס מאָל:

— מײַנע!

די וועגנ זײַנענ דורכויסיקע טײַכנ. מיר שלעפֿנ זיכ איבער זיי מיט גרויס גערויש. איכ האָב מוירע זאָגנ, אז סע רינענ בא מיר די שטיוול.

— אצינד וועלנ מיר ארײַנגיינ צו קודימאָווג, — זאָגט זילבער-

טאג, — ס׳איז ניט קעדיי גיין נאכאמאל. מיר וועלן זיך אפפארטיקן פאר א מינוט.

גוט, זאל זיין צו קודימאוונ. ער ווינט באלד נאך אונדז.

נאר פארבייגייענדיק אונדזער שטוב, בלייבן מיר אפ א מינוט שטיין. אט ערשט איז צוגעפארן א מאשין און כארכלט באם אריינגאנג. א הויכער מענטש שטייט אין שיין פון די פארעס און קוקט אומבאהאלפן אין אלע זייטן.

— אנטשולדיקט, — זאגט ער, — איר ווייסט ניט, ווו ווינט דא אין הויז דער אינזשעניער זילבערמאן?

— איך בין זילבערמאן. — ענטפערט ליאניע, — וואס דארפט איר האבן?

— איך בין פון אשטשע־בולאק... איך בין אט ערשט געוועז אין צעך, נאר, ליידער, אייך ניט געטראפן... אנטשולדיקט... מיר פארן ארום א גאנצן טאג און קאנען אייך ניט פאקן. איך בין געקומען מיקויעך דער ליניע, וואס איר נעמט זיך זי אוועקשטעלן. מע דארף עס טייקעף וויסן. איר פארשטייט — נאך „בישקונאק" זעצט מען שוין קארטאפל...

— זייט איר עס פון אשטשע־בולאק? — זאגט זילבערמאן. — אייערע פאפירן זיינען בא מיר. מ׳האט אייך באשטעטיקט די ליניע. קומט אריין אין שטוב, וועל איך זיי אייך געבן.

— א דאנק, א דאנק... — זאגט דער מענטש פון אשטשע־בולאק, — איר פארשטייט — דער פארזיי איז אט־אט. דארף מען דאך וויסן, ווו מ׳איז אין דער וועלט.

נאר אין שטוב אריינגיין כאפט ער זיך ניט. ער בלייבט עפעס מאדנע שטיין, גלייך ווי ער זאל זיך איינהערן אין עפעס. ארום און ארום עטעמען צעווייקטע באדנס, סע קלינגען וואסערן, סע זיפט זיך פון אויבן א דריבנע רעגנדל. מיר שטייען אלע דריי אין דער שיין פון די פארעס. דער מענטש פון אשטשע־בולאק איז הויך און ברייטפלייציק. ער בליאסקעט מיט די ווייסע ציין. דאס היטל איז פארוקט אפ ארויף, און דער נאסער שטערן איז הויך מאכמעס די ארויסגעפאלענע פארערשטע האר. צוויי בענדלעך פון פארווונדונגען זעען זיך ארויס פון דער האלב־צעשפיליעטער פופייקע, אין די הענט האלט ער א מיליטערישן פעלד־טאש.

— איר הערט, איר הערט? — ווידער, ווידער! — זאָגט ער אונדז צוטרויליקע אונ הערט זיכ אַלצ איינ. אפ זיינ פּאָנעמ צעגיסט זיכ א זעליק־שלעפעריקער שמייכל, אונ ער הייבט אָנ מאכנ מיט דער האנט ווי צומ טאקט.

אינ דער שווארצער הייכ דערהערט זיכ א ריטמיש סקריפּענ, מאָדנע מינימ קלאנגענ ענלעכ אפ א רויש פונ א סאכ — א סאכ פליגל.

— בושעלעס, — זאָגט דער אשטשע־בולאקער, — איר הערט, איר הערט — בושעלעס! בושעלעס!

— אנטשולדיקט, — זאָגט פּלוצעמ זילבערמאנ, — וויאזוי רופט מענ אייכ? לאָמיר זיינ נעענטער באקאנט.

— מיכ? — זאָגט דער אשטשע־בולאקער, — מיכ רופט מענ וויינבערג דאוויד לאזארעוויטש. איכ בינ דער מעכאניקער פונ ראט־ווירט.

אינ א פערטל שעה ארומ הייבנ מיר זיכ אפ די טרעפּלעכ פונ קור־דימאָווס הויז. דאָס הויז שטייט אפ א הויכנ ליימיקנ בערגל, אונ קעדיי ניט גליטשנ זיכ, האָבנ קודימאָוו אונ זיינע שכיינימ ארומגע־לייגט עס פונ אלע זייטנ מיט גרינעמ „זמעיעוויק" אונ האָבנ נאָכ פונ עטלעכע שטיינער געמאכט טרעפּ אונ פּארענטשעס צו זיי. איכ הייב זיכ אינ דער פינצטער איבער די טרעפּלעכ, אונ זילבערמאנ האלט מיכ אונטער.

בושעלעס, בושעלעס פליענ! אינ הימל שטילט זיכ ניט איינ די פרעכטיקע מוזיק...

נאָר ליאָניע פארהאלט זיכ פּלוצעמ אפ א טרעפּל, אונ איכ שטיי שוינ מיט צוויי טרעפּלעכ העכער פונ אימ. וואָס איז מיט אימ געשענ? א טיפער אומרו שיטערט אומ מיינ גאנצ וועזנ. פּלוצעמ דאכט זיכ מיר, אז ליאָניע האָט אוועקגעלייגט זיינ קאָפּ אפ דער פּארענטש.

— ליאָניטשקע, ליאָניע! — שריי איכ, — וואָס איז אייכ?

ארויפגייענ איז אומעגלעכ. איכ זע ניט גאָרניט. פּלוצעמ דערהער איכ א טיפנ זיפצ, ווי דעמלט אינדערפרי. איכ טו מיכ א ריס צו ליאָניענ, נאָר ווארעמע קינדערשע ליפּנ דריקנ זיכ ארייננ אינ מיינ האנט. ער קושט, קושט מיינ האנט, אונ עפּעס קאַפּעט אפ איר, זאָלנ עס זיינ די מילדע פרילינג־וואסערנ, וואָס גיסנ אפ אונדז דעמ גאנצנ טאָג?

איכ בייג מיכ אָנ צו ליאָניענ. איכ צי צו זיכ זײַנע טײַערע, ליבע הענט אונ קוש זיי אויכ — אָ, טויזנט מאָל קוש איכ זיי! אונ די הויכע פרילינג־וואסערנ ברויזנ אונ שפרודלענ אינ אונדזער געגנט.

ליאָניע פירט מיכ ארופ אפ די טרעפ אונ זאָגט מיר:

— פאָרויס, טײַערע! ס'איז פרילינג, ס'איז פרילינג...

יאָ, יאָ, ס'איז פרילינג — דער מענטש פונ אשטשע־בולאק האָט עס דערהוויזנ אפנ בעסטנ אויפנ.